אלע זאכן וואס זיינען אריינ־
געגאנגען אין דער איצטיקער
פינף־בענדיקער אויסגאבע פון
„ווילנער פארלאג ב. קלעצקין“—
אפילו די יעניקע, וואס זיינען
שוין פריער ערגעץ אנדערש דער־
שינען — זיינען אינגאנצן פון
דאס ניי באארבעט און אויסגע־
בעסערט געווארן.

PRINTED IN POLAND

B. Głazman — „Ojf jener zajt okiean“.
Drukarnia „Wydawnictwo Wileńskie“ B. Kleckina, Wilno.

# דער טאַנץ פון די נעגערס

בערנאַרד קאָהען האָט זיך אומגעקערט אַהיים, אין דער קליינער שטאָט. אין צפון־קאַראָלינאַ.

די שיף פון ניו־יאָרק קיין נאָרפאָלק, אין ווירדזשיניע, האָט זיך איצט געטראָגן גיך איבער די וואַסערן פונעם אַטלאַנטישן אָקעאַן.

די וואַסערן פונעם אָקעאַן האָבן זיך געהויבן און געשוואָלן פון ברייטקייט, פון דעם באַוואוסטזיין פון אייגענער גרויסער ווייטקייט, פון רחבות און פון קראַפט, וואָס האָבן זיך אַלץ מער אַנטפּלעקט, וואָס מער די יבשה איז פון אויג פאַרשוואונדן.

די געמיטער פון די פּאַסאַזשירן האָבן זיך צוערשט פאַרצויגן מיט אַ פריידיקער פייערלעכקייט און אַ יום־טובֿדיקער ערנסטקייט, ווי זיי וואָלטן אַלע געפאָרן גאָט ווייס אין וואָס פאַר אַ וויכטיקער שליחות, אַ שליחות, וועלכע האָט געהאַט זייער אַ פאַרהיילענעם און אומבאַקאַנטן אויסגאַנג. אָבער מיטן אָנקומען פונעם אָוונט איז דאָס יום־טובֿדיקע געפיל פאַרשוואונדן געוואָרן. עס האָט איצט אָנגעפילט די פּאַסאַזשירן בלויז אַן אומעטיקייט און אַן אומהיימלעכקייט.

איצט איז שוין דעם ברעג לאַנג ניט געווען צו זען. די שיף איז שוין געווען אין די אינטערנאַציאָנאַלע וואַסערן.

צו אָוונט־צו איז די שיף פאַרבייגעפאָרן די לעצטע ים־שטאָט, וואָס אין די מזרח־שטאַטן פון צפון־אַמעריקע. אויבן אויבערשטן דעק, אויף דער פּראָמענאַדע, האָבן זיך איבערגעקליבן אַלע פּאַסאַזשירן און מיט בענקשאַפט גלייענדיקער נאָכגעקוקט די ברע-

נענדיקע אילומינאַציעס פונם שרייענדיק-רייכן אַטלאַנטיק סיטי. ס'האָט אויסגעזען פון דער ווייטנס: דאָרט בײַ די ברעגעס פון דער פייערדיקער שטאָט זיינען אינם אָוונטיקן וואַסער אַרײַנגעשוואומען איצט אָן אַ שיעור פעכער סמאָליע — גאַנצע קאַנאַלן און שלײַכן פון ליכט און פייער. און ס'האָט זיך געדוכט: דאָרט מוז זיין איצט אַ גרויסער יום-טוב. אַ יום-טוב שוין פון חדשים און חדשים, אַ יום-טוב אין אַ שטאָט פון נאָכאַנאַנדיקע פייערונגען און תמידער פרייד אין די גאַסן.

און מיט ברענענדיקע און בענקענדיקע אויגן האָבן די פּאַסאַזשירן זיך געקלאַמערט אָן די לעצטע פאַרשווינדנדיקע פייערן. בלינדערהייט, אָן אַ שום גרונט און אומבאַוואוסט פאַר זיך אַליין, איז בײַ יעדן איינעם פון די פּאַסאַזשירן אויפן דעק געווען אַזאַ מין געפיל:

— ווער ווייס... ווער ווייס, אויב זיי וועט נאָך ווען-עס-איז אַמאָל אויסקומען דאָרט זיין... ווער ווייס, אויב זיי וועט נאָך אויסקומען נאָך אַמאָל כאָטש זען פון דער ווייטן די פייערן פון שטענדיקער, נאָכאַנאַנדיקער פרייד.

און דערנאָך איז געוואָרן טונקעלער, און עס האָט זיך שוין מער גאָרניט געזען, ווי אָקעאַן, אָקעאַן, אָקעאַן... ריזיק-גרויסע וואַסערן, וואָס ווערן וואָס אַמאָל אַלץ רווישיקער און אומהיימלעכער; כוואַליעס, וואָס ווערן געבוירן אין דער מיט פון טיף-אָקעאַן און קומען אָן צושטייגן אַהער — אַנטלויפנדיקע שטורעמדיקע און ברילנדיקע ים-חיות, וואָס וואַרפן זיך אויפן שיף מיט אַ ברומען און אַ טויבן, דערווייל נאָך אָן אײַנעצוימטן רעוון.

אָבער דאָס רעווען איז געוואָרן אַלץ גרעסער און שטאַרקער, אַלץ בייזער און אימפּעטיקער — מיטן אָנשטייגן פון דער נאַכט און נאַכטישער ווייטקייט.

טונקל, אײַנגעהאַלטן-שטורעמדיק. אַ שיף איינע אַליין אין רעכטן מיטן פון די אייביקע גרויסע און נאָך פאַר-יבשהדיקע וואַסערן. די ליכט איבערן ים איז עפּעס אַזוי קאַלעמוטנע-נעפּלדיק, ווי וואַסער, וואָס איז צעפּירט ניט מיט גענוג מילך. אומקלאָר און דערלבער שרעקעדיק.

פּוסט און לײדיק אױפֿן ים. װאָרעם סײַ די באַרקעס, יאַכטעס און מאָטאָר־שיפֿלעך און סײַ די זעגל־שיפֿן פֿון די פֿישער־לײַט, װאָס זעען זיך תּמיד אָן נאָך היפּשע עטלעכע מײַלן אין ים אַרױס הינטער יעדן האַפֿן און ים־שטאָט — זײ זײַנען שױן אַלע לאַנג פֿאַרשװוּנדן פֿון אױג.

בלױז פֿון צײַט צו צײַט און װאָס אַמאָל אַלץ זעלטענער פֿלעגט זיך נאָך אַ גרױס־אַטלאַנטישער אָקעאַנט ערגעץ אין דער אַרומיקער טונקל דורכטראָגן, — שטיל, שװײַגנדיק, גיך פֿאַרשװינדנדיק, — ניט קײן ממשותדיקע שיף, נאָר דער בלױזער געשפּענסט פֿון אַ שיף. די שיף גופֿא האָט מען טאַקע כּמעט ניט געזען; דורך דער נעפּלדיקער מילכיקײט האָבן זיך קױם געזען די שיפֿס־פֿײַערן, — אױגן פֿון אומגעהײַערע ים־אָקסן.

װאָס אַמאָל איז געװאָרן אַלץ שטורעמדיקער. פֿון אַלע זײַטן האָבן געבלאָזן די סירענעס — דאָס האָבן די ים־אָקסן גערעװעט...

און אַלע פּאַסאַזשירן האָבן געהאַט אומגעפֿער אַזאַ מין געפֿיל:

— די יבשה איז איצט װײַט־װײַט פֿון דער שיף... זי איז אַ חלום, בלױז אַן אױסגעטראַכטע זאַך, אַן אָפּגעמעקטער באַגריף — אַ װידער־קול אַ שױן לאַנג פֿאַרשאָלענער. איצט, פֿון הײַנטיקן אָװנט אָן, איז דאָס פֿאַרגאַנגענע לעבן אינגאַנצן אָפּגעשניטן, פֿון איצט אָן און װײַטער הײבט זיך אָן אַן אומבאַשטימט, אַ גאָר נײַ און דער עיקר אַ לאַנג, לאַנג לעבן אױפֿן אָקעאַן — אַ לעבן אײביק, אײביק אױף װאַסערן טונקעלע, פֿײַנטלעכע און אומזיכערע.

ס'האָט זיך קײנעם ניט געטראַכט, אַז שױן מאָרגן אין דער פֿרי האָט דאָך די שיף געדאַרפֿט אָנקומען צו איר ענד־ציל, — קײן נאָרפֿאָלק, — דער האַפֿן־שטאָט, װאָס אינם שטאַט װירדזשיניאַ.

אפֿשר דער אײנציקער מענטש אױפֿן שיף, װעלכער האָט זיך ניט געפֿילט אומעטיק און אומהײמלעך, װען די יבשה האָט זיך

דערהוייטערט אין דער אָפענער אָקעאַן איז אַליין נעענטער צוגעקומען, איז געווען דער ייד בערנאַרד קאָהען.

פאַרנאַכט־צו איז ער אפילו אויפן שיף־דעק ניט אַרויס, ווייל נאָך גאָר אין דער פרי, אַרום צען אַ זייגער, נאָך אַ פּאָר שעה איידער די שיף איז אָפּגעגאַנגען, איז ער שוין געווען אין זיין קאַיוטע, וואו ער האָט זיך, אַ מידער, איילנדיק אויסגעטאָן און אַן אויסגעמאַטערטער זיך אַריינגעוואָרפן אין בעט.

אַ מידער... אמת. אָבער — אַ צופרידענער, אַן אָנגעזעטיקטער מיט אַ סך פאַרגעניגנס. אַ סך, אַ סך...

איין מאָל אין יאָר, אַרום איינער און דער זעלבער צייט פליגט ער פאָרן קיין ניו־יאָרק, צוליב זיינע געשעפטן: איינקויפן סחורות פאַר זיין אוניווערסאַל־מאַגאַזין, מאַכן נייע געשעפט־פאַרבינדונגען, זען „אַרומגיין", פון דאָס ניי און פריש אָפּנאַרן די פאַרשיידענע אַלטע פירמעס, מיט וועלכע ער האָט שוין לענגער געהאַט צו טאָן, זען אַרומדרייען און אַרומשפינען זיי מיט זיינע באַהאַלטענע כיטרע פעדים פון אַ געניטן און דורכגעטריבענעם סוחר און האָבן צום סוף דאָס געפיל פון העכסטער פרייד פאַר אים, פון שאַרפסטער סוחרישער פרייד — אַז ער האָט דאָס העכסטע, וואָס ס'האָט זיך נאָר געלאָזן, אַרויסגעקראָגן פון אַלעמען, לחלוטין פון אַלעמען...

און געקענט האָט ער עס, געוואוסט ווי צו דערגרייכן עס האָט מר. בערנאַרד קאָהען — אָל־רייט, אָל־רייט! אויף דערויף איז ער האָך אין זיינע יונגע יאָרן אַליין געווען אַ „בייער"*), נישקשה — האָט מר. בערנאַרד קאָהען זיך געהאַט זיין חשבון — נישקשה, אים אַליין איז עס אָנגעקומען מיט גרינע ווערים, ביז וואַנען אים איז עס ענדלעך געלונגען — ביסלעכווייז, ביסלעכווייז... סיסטעמאַטיש און קונציק, אָפּנאַרנדיק די פירמעס, פאַר וועלכע ער האָט איינגעקויפט — צו גרינדן אַן אייגן געשעפט.

ס'איז געווען אַ באַשיידענע קלייט צוערשט, נאָר ביסלעכ-

---

*) איינער וואס פארט אין די גרויסע פאבריק־צענטרען איינקויפן סחורות פאר געשעפטן און מאגאזינען פון קלענערע שטעט.

ווייז איז זי אויסגעוואַקסן אין אַ ריזיקן דעפּאַרטאַמענט-סטאָר — די גרעסטע כל-בו קלייט אין דער הזמדיקער שטאָט, וואו ער האָט געוואוינט. דאָס איז געווען אַ קלייט, וואָס האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן, און איין גרעסער ווערן און איין פאַרנעמען אַלץ נייע און נייערע עטאַזשען, און איין אַרויסשטופּן — צי מיט גוטן, פאַר געלט, אָדער אַפילו מיט גוואַלט, אָנטוענדיק זיי סיסטעמאַטיש אַלע צרות צרורות — און סוף-כל-סוף פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון די פאַרשיידענע קלייטן אַרום אים. קלייטן קלענערע זיינען עס געווען, נאָך פון אַלטע יחוסדיקע תושבים פון דער שטאָט. קלייטן פון פּריצישע שוין פון דורות אײַנגעפונדעוועטע אַמעריקאַנער.

מר. קאָהענס קלייט האָט שוין איצט פאַרנומען אַ גאַנצן קוואַדראַטנעם גאַס-קוואַרטאַל — אַ קלייט מיט פיר ריזיקע פיל-פענסטערדיקע פאַסאַדן אויף פיר פאַרשיידענע גאַסן. די אַלטע איינגעזעסענע אײַנוואוינער פון דער שטאָט האָבן בערנאַרד קאָהענען פײַנט געהאַט צוליב אַ סך טעמים: סיי ווייל ער איז געווען דערפאָלגרייכער פון זיי, סיי ווייל ער איז אַ ייד... אָבער אַ סך מער נאָך — און טאַקע צום אַלעם ערשטן — האָט מען אים פײַנט געהאַט, ווייל ער איז געווען אַ „יענקי". ער איז ניט געווען קיין אָרטיקער געבאָרענער — מיט אַ יאָר פופצן, צוואַנציק צוריק איז ער אַראָפּגעקומען אַהער פון דער „נאָרטה" — נו, אַוודאי מסתמא פון דער שטאָט ניו-יאָרק, פון וואַנען אַלע פאַרדאַמטע יענקעס קומען... אָט דאָס האָבן די הזמדיקע דזשענטל-לייט מער פון אַלץ ניט געקאָנט פאַרגעסן.

מילא דאָס לעצטע האָט ער זיך ניט געקאָנט העלפן. ער האָט אַפילו געפּרוּווט אייניקע מאָל, מיט אַן אומשולדיקן שמייכעלע, אָפּלייקענען, אַז ער איז אַ יענקי, כאָטש בײַ זיך אין האַרצן האָט ער זיך אויסגעלאַכט פון אָט די ווייס-הענטיקע פוילע פּריצים, מיט זייערע פוסטע פּרעטענזיעס, מיט זייערע גדלותדיקע פאַרריסענע נעזער, מיט זייערע בײַ-צײַנס-געשניטענע ליפּעלעך, מיט זייער קבצנותדיקן יחוס... געוואוסט האָט ער דאָך, אַז וואָס זיינען עס די יענקעס, וועלכע פאַרנעמען דעם אויבנאָן אין

דעם גאַנצן אַמעריקאַנער לעבן, וועלכע רעגירן דעם לאַנד, מיט זייער פלייס און רייכקייט. איז פאַרוואָס־זשע זאָל ער, בערנאַרד קאָהען, זיין מיט די געפאַלענע, מיט די יורדים? פאַרקערט: ער האָט אַלעמאָל מיט פאַרגעניגן צוגעקוועטשט אַ געפאַלענעם מיטן פּנים. וועמען דען, אַז ניט קיין געפאַלענעם?

נאָר גאָרניט. דאָ אין דער מיטה, וואָס דאַרף ער עס אַזוי נייטיק זיך אָננעמען פאַר די יענקעס... און וועגן זיין יידישקייט — וועגן דעם האָט ער בכלל זייער ווייניק געוואוסט אויסער דעם פאַקט, אַז ער איז פון אַ „יידישער אָפּשטאַמונג". געבוירן געוואָרן איז ער אינם סאַמע רעכטן געדיכטן פונם ניו־יאָרקער געטאָ, ערגעץ וואו אויף קאָלומביא־סטריט, טאַקע אינם זעלבן הויף, וואו עס האָבן געוואוינט עטלעכע — גאַנצע דריי שטיק — גוטע יידן און וואו יעדן טאָג איז געווען אַזאַ יאַריד פון פיש־הענדלער און אייער־פאַרקויפערס, פונקט ווי דאָרט וואָלט געווען יעדן טאָג ערב־שבת.

ניט ווייט פונם הויז איז געווען דער מזרח־טייך. דאָרט פלעגן דורכגיין אַ סך דאַמפערס, שלעפּ־שיפלעך, טראַנספּאָרט־באַרזשעס, וואָס פלעגן טראָגן אויף זיך צוגן גאַנצע מיט פראַכט־וואַגאָנעס... און אויף יענער זייט, ממש מיטן האַנט צו דערלאַנגען, איז געווען ברוקלין — אָט ווי אַ פרעמדע שטאָט. ריזיקע פאַבריקן, שפייכלערס פון תבואה און צוקער, פון טיי און קאַווע, וואָס דער ריח דערפון פלעגט זיך, בשעת דאָס ווינטל פלעגט בלאָזן אַהערצו, דערטראָגן צו די נאָזלעכער פונם יונגן גאַפּענדיקן בענני און זיי פונאַנדערשפּרייטן — ווילדע, גיריק, לוסטיק...

היינט קיימענס, קימענס, קוימענס... אַן אמתער וואַלד.

נאָר מער פון אַלץ פלעגט בענני, זייענדיק נאָך אַ קליינער יינגל אין פּאַבליק־סקול, ליב האָבן צו קוקן שעהנווייז אויף דעם ברוקלינער נייווי־יאַרד, וואָס איז געווען אַ ביסל נידעריקער, אַרונטער טייך־צו, נעענטער צום ניו־יאָרקער ים־אויסגוס און צום סטעטן־איילענד אינזל. שעהנווייז, אפילו נאָך־מיטאָגן גאַנצע, פלעגט ער קאָנען אַזוי אָפּשטיין און קוקן נאָכאַנאַנד אויף דעם ריזיקן סקעלעטן־געפלעכטס פון שטאָלענע באַלקנס, זיילן, פלויטן און נעצן,

צווישן וועלכע עס פֿלעגן פֿלייסיק אַרומשווימען אַרום אַ ריזיקן סקעלעט פֿון אַ שיף — קלענערע שיפֿלעך, מאָטאָרן, האַמפּעלעך... ריידיקע הילכן פֿון עלעקטרישע קאָלאָסן־האַמערס, ווי פֿון ווייטע זומערדיקע הימלען, פֿלעגן זיך פֿון דאָרט צייטנווייז דערטראָגן אַהער, אין דעם יונגן בעננס פֿאַרכישופֿן. אָבער זיין טאַטע איז מער ניט געווען ווי אַן איינגעטימער פֿון אַ קליין קרעמל פֿון זיסוואַרג און שרייבמאַטעריאַלן.

ווען ער האָט נאָך גאָר יונגערהייט איינגעזען, זוכנדיק פֿאַר זיך אַ באַשעפֿטיקונג אין קאַפּיטאַליסטלעכע אונטערנעמונגען, אַז מען דאַרף אומאַנגענעמלעכקייטן פֿון אַן עכט־ייִדישן נאָמען, האָט ער זיינע נאַרישע שכנים אָפּגעטאָן אַ שפּיצל: ער האָט אָנגעהויבן אויסצולייגן אין ענגליש זיין נאָמען ניט Cohen נאָר Cowan. די לעצטע אויסלייגונג איז געווען מער אירלענדיש, איידער ייִדיש.

נאָר דאָס, זיין פֿרייע יוגנט איז שוין געווען לאַנג, לאַנג צוריק... עס איז שוין לאַנג, לאַנג פֿאַרשוואונדן — אַז ער האָט געטראַכט דערפֿון איז עס געווען, ווי אַן אויסגעטראַכטער חלום עמעצנס. זינט דעמאָלט — זינט יענער קריטיקער, טומלדיקער, אָפּגעריסענער און אַרומגעריסענער יוגנט זיינער, וואָס ער האָט פֿאַרבראַכט אין דעם גיהנומדיקן געפֿילדער, אין דעם תמידיקן הו־האַ פֿון דעם נידעריקן טייל איסט־סייד — זינט דעמאָלט האָבן אַ סך זאַכן פּאַסירט. אַ סך. ער איז געוואָרן פֿאַר אָט דער צייט אַן אַנדער מענטש. אַ האַרטערער.

איז אַז אים פֿלעגט אין די שפּעטערדיקע יאָרן אויסקומען, צוליב געשעפֿט, זיין אַזוי אָפֿט אין ניו־יאָרק, האָט אים אַפֿילו קיין איין מאָל ניט געצויגן אַ קוק צו טאָן אויף זיין געבורטס־אָרט, אויף יענער גאַס, וואָס איז פֿאַר אָט דער לאַנגער פֿאַרלאָפֿענער צייט געוואָרן נאָך טומלדיקער, נאָך געדיכטער און טונקעלער. אויף איינעם, וואָס פֿלעגט קומען אין יענער גאַס אַריין, פֿלעגט עס מאַכן דעם איינדרוק ווי די מענטשן צווישן און אין אָט יענע מויערן, וואָלטן קיינמאָל פֿון יענער גאַס אין דער ליכטיקער וועלט ניט אַרויס, נאָר האָבן אַלץ געהאַלטן דאָרט אין איין פֿלאָדיען און מערן זיך, ווי קראָליקעס, זיינען געוואַקסן קאָפּ

אויף קאָפּ, קאָפּ אויף קאָפּ, פּונקט ווי עס וואַקסן אויסטערן אין די טונקעלע ים-אָפּגרונטן. און טאַקע פּונקט ווי אויסטערן, וואָס באַקלעפּן אין באַהעלטעניש די דעמפּיקע, אייביק-נאַסע און תמיד-אָנגעפּילטע ברעטער פֿון אַ האַפֿן-דאָק — אַזוי האָבן אויך די אײַנוואוינער דאָ געדיכט באַלייגט און באַקלעפּט, אָנגעפּילט און פֿאַרשטעקט די פֿענצטער-געזימסן, די טרעפּ-פּיער, די גאַנקעס, די קעלערס, די פּלאַכע דעכער, די טראָטואַרן, — יאָ, דעם ברוק אין מיטן גאַס, אַפֿילו די סאַמע לופֿט... אַזוי אַז אַפֿילו דער חלל צווישן די מויערן, סאַמע די לופֿט-דורכגאַנגען זײַנען שמעלער, ענגער געוואָרן, זײַנען אינגאַנצן אײַנגעפּילט געוואָרן מיט די קופּעס אַרומקריכנדיקע, אַרומשמייענדיקע מענטשן-ווערים.

יאָ... בערנאַרד קאָהענען האָט קיין שום געפֿיל ניט געצויגן צו אָט יענער גאַס. יענעם לעבן האָט ער שוין לאַנג אַרויסגעשניטן פֿון זיך. אָט אַזוי טאַקע פּשוט: אַרויסגעשניטן. בערנאַרד קאָהען האָט זיך בכלל אויסגעלערנט גרינג אַזוי אַרויסשנײַדן, פֿאַרשטויסן פֿון זיך יענע מענטשן און זאַכן, איבערלעבונגען און דערינערונגען, פֿון וועלכע ער האָט מער ניט געוואָלט וויסן, וועלכע ער האָט מער ניט געוואָלט געדענקען. ווײַל וואַרט נאָר... איז אָט יענץ בכלל זײַן לעבן געווען?

און צוליב וואָס זיך אינגאַנצן דערמאָנען? וואָס געווען איז געווען. ס'איז פֿאַרשוואונדן און ס'איז ניטאָ מער. איצט איז ער אַן אַנדערער...

ער איז ניט געווען פֿון יענע צעקראָכענע — ווי בערנאַרד קאָהען פֿלעגט מיט גרינגשעצונג אָנרופֿן מענטשן לײַדישע, מענטשן, וועלכע קאָנען זיך קיינמאָל ניט אַוועקרײַסן פֿון די אומעטיקע דערינערונגען פֿון זייער אַמאָליקן לעבן. יאָ, אַוודאי... ער איז געווען אַ סך, גאָר אַ סך אויסגעשטאַנען אין זײַנע יונגע יאָרן. קיינער האָט אים קיינמאָל ניט געהאָלפֿן אין אַ צײַט פֿון נויט. אַליין, וואָס ער האָט פֿאַרמאָגט איצט, האָט ער געריסן פֿונם לעבן, מיט געוואַלד אַרײַנגעריסן. און איצט, אַז אים איז שוין געגאַנגען גוט, האָט ער ניט געוואָלט דערלאָזן, אַז אַ דערמאָנונג וועגן זײַן יוגנט

זאָל אים שטערן אין די תּענוגים, וואָס ער האָט זיך איצט געקאָנט פאַרשאַפן. ער איז געווען בײַ זיך זיכער:

— ער איז קײנעם גאָרנישט, גאָרנישט שולדיק.

האָט ער גענומען און זײַן יוגנט אינגאַנצן אַוועקגעשניטן. גענומען און אינגאַנצן זי אַוועקגעוואָרפן פון זיך. און ס'ווער איז אים דאָס ניט אָנגעקומען. ווײַל בכלל האָט ער וועגן לעבן ווײניק וואָס געטראַכט: צובײַל איז ער אין דעם גופא געווען אײַנגעטונקען. יעדן טאָג, יעדע נאַכט פון יאָר. מיט אַלע זײַנע נאָך ניט־אויסגעשעפּטע כּוחות, וואָס האָבן געפּלײַצט אין זײַנע אָדערן, האָט ער זיך אָפּגעגעבן בלויז דער אײן־אײנציקער זאַך: דעם געיעג נאָך געלט, נאָך געלט, נאָך מער געלט. ער איז געלאָפן, געווען תּמיד אין גרײסער האַסט, ניט גערוט קײנמאָל און זײַן ציל, פונדעסטוועגן, האָט ער ניט נאָר נאָך אַלץ ניט דערגרײכט, נאָר פאַרקערט: ס'איז וואָס אַמאָל אַלץ ווײַטער געוואָרן פון אים זײַן ציל... ביז וואַנען ער האָט גאָר אינגיכן אינגאַנצן פאַרגעסן אָן אַוועלכן ס'איז ציל. כאָטש אין אָנהײב האָט ער דאָך זיכער געהאַט אַ ציל, מר. בערנאַרד קאָהען: אַ רײַכע הויז, אַ שײנע פרוי, אַ געשעפט מיט אַ סך אָנגעשטעלטע, מיט אַ גרויסן אומזאַץ־קאַפּיטאַל, אַן אויטאָמאָביל — און טאַקע אַ גרויסן רײַכן פּעקאָרד! — כּבוד און אַן אָנגעזעענעם אָרט אין דער געזעלשאַפט פון זײַן שטאָט. אָבער איצט האָט ער, דוכט זיך, שוין געהאַט אַ סך, אַ סך מער, ווי ער האָט לכתּחילה געוואָלט...

האָט ער שוין אײגנטלעך ניט געוואוסט, נאָך וואָס ער יאָגט זיך איצט. נאָר אַפּנים, אַז דאָס לויפן גופא איז שוין איצט געוואָרן פאַר אים אַ ציל. פּשוט: ער האָט זיך שוין מער ניט געקאָנט אָפּשטעלן.

בערנאַרד קאָהען, ווי יעדער אַנדערער אַמעריקאַנער, דאָט בכלל ניט ליב געהאַט קײנע טיפע היציקע דיסקוסיעס וועגן „טויט", „לעבנס־ציל", „לעבן" און נאָך אַזעלכע הויכע ענינים, וועגן וועלכע ייִדן, וואָס קומען פון סלאַווישע לענדער, האָבן אַזוי ליב דאָס צו דיסקוטירן. נאָר דאָך קאָן זײַן, אַז ווען עמעצער וואָלט אים אַמאָל געפרעגט:

— וואָס איז עס פאַר אַ שטיקל אַזוינס, אַז דאָס דאָזיקע לעבן?

וואָלט ער, בערנאַרד קאָהען, וואַרשיינלעך דעם פרעגער אויף זיין פראַגע אומגעפער אַזוי געענטפערט:

— ס'איז אַזאַ קאַלט, גרויזאַם שפּיל, אין וועלכן איין כּלל איז דער הויפּט־עיקר: מע דאַרף תּמיד זיין אויף דער וואַך. תּמיד דאַרף מען זיין אָנגעשטרענגט, תּמיד — לויפן. וואָרעם אַז ניט — יאָגן דיך אַנדערע אַריבער, וואַרפן דיך אַנדערע אום, שלינגען דיך אַנדערע איין...

און ער, בערנאַרד קאָהען, האָט זייער ליב געהאַט אָט דאָס דאָזיקע שפּיל. אָט דאָס דאָזיקע שפּיל האָט אים שטאַרק, גאָר שטאַרק פאַרנומען. דאָס איז דאָס איינציקע, וואָס האָט אים ווען ס'איז אין זיין לעבן אינטערעסירט, דער איינציקער אינהאַלט זיינער, דער איינציקער ציל. ער האָט קיינמאָל ניט געטראַכט ווען זיין לויפן. ער איז געלאָפן, און דאָס גאָר.

דערפאַר אָבער, אַ ווייטקן, טראַכטנדיקן מענטשן, איז קלאָר געווען די טיפערע סיבה פון בערנאַרד קאָהענס לויפן. ער האָט פאַרשטאַנען: ווען בערנאַרד קאָהען וועט אויפהערן לויפן, וועט ער — פאַלן.

דערפאַר אָבער פלעגט ער — אַ באַלוינונג פאַר זיין שווערער פּראַצע און האָרעוואַניע אַ גאַנץ יאָר — עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד, נאָכדעם, ווי ער פלעגט פאַרטיק ווערן מיט זיינע געשעפטן, הוליען און הולטאַיסטווען אין ניו־יאָרק. ער פלעגט זיך אַרומשלעפּן איבער די קאַבאַרעטן, דאַך־גערטנער, אַלערליי פעשענאַבעלע רעסטאָראַנען און קאַפע־שאַנטאַנען, איבער אַלערליי זעלטענע, געהיימע און ווירציקע אַזעלכע פאַרגעניגנס־פלעצער... די אַדרעסן פון די לעצטע ערטער פלעגן אָפּגעהיט ווערן אין אַ גרויסער געהיימעניש: זיי פלעגן איבערגעגעבן ווערן קאָנפידענציעל פון פריינט צו נאָענטע פריינט, פון מויל צו אויער. דער בלויזער נאָמען פון אָט די פלעצער פלעגט אָנפילן דאָס האַרץ מיט ציטערדיקער און האַרץ־קלאַפּנדיקער דערוואַרטונג פון קיינמאָל ניט געאַנטע, זעלטענע פאַרגעניגנס... איינער אַליין פלעגט בערנאַרד קאָהען אַרומ־

שלעפּן זיך איבער אָט די אַלע פּלעצער, איינער אַליין און אָן פֿריינט. ער האָט בכלל אין ניו-יאָרק ניט געהאַט קיין שום פֿריינט, אייסער סיידן מענטשן פֿון דער ביזנעס-וועלט. נאָר די האָט ער פֿאַר קיין פֿריינט ניט געהאַלטן. פֿאַרקערט, איבּ עפּעס, זיינען זיי גיבער געווען זיינע שונאים, וועלכע, ווי הונגעריקע וועלף, האָבן בלויז אויסגעקוקט אויף דער מינוט, ווען ער וועט מאַכן אַ טעות. און דאַן — וועלן זיי אים צודריקן, אָט ווי איצט — ער זיי.

אָט איבער די אַלע פּלעצער פֿלעגט ער, פֿאַרשטייט זיך, אַרומגיין אונטער אַן אויסגעטראַכטן נאָמען. מערסטנטייל זיך פֿאַרשטעלנדיק, ווי עפּעס אַ רייכער עקספּאָרט-סוחר פֿון איינער פֿון די צענטראַל-אַמעריקאַנישע רעפּובליקן: ווענעצועללאַ, קאָלומביאַ אָדער קובאַ. דאָס פֿלעגט אים אָנקומען זייער לייכט, ווייל ער איז געווען טונקל פֿון אויסזען, מיט געדיכטע ברעמען און בייכיקע אַזעלכע וואָנצעס. און שפּאַניש ריידן האָט ער אויך געקאָנט אַ ביסל. אין זיינע יינגערע יאָרן האָט ער אַ שטיק צייט פֿאַרבראַכט אין וועראַ-קרוץ, אין דער באַוואוסטער מעקסיקאַנישער האַפֿן-שטאָט, ווי אַ קאָמיוואָיאַזשאָר פֿאַר דער באַרימטער פֿירמע, וועמעס פּאָפּולערער נאָמען און מאָטאָ איז געווען: „איין דאָלער — אַ פּאָר-הויזן". אגב, עס קאָן דאָ אויך באַמערקט ווערן, אַז ס'איז געווען הויפּט-זאַכלעך פֿון אָט דער נאָבעלער הויזן-פֿירמע, פֿון וועלכער בערנאַרד קאָהען איז עם אייך נתעשר געוואָרן.

אין דער היים, אין דער כמעט גוייִשער שטאָט אין צפון-קאַראָלינא, וואו בערנאַרד קאָהען האָט געוואוינט, איז ער פֿאַררעכנט געווען — און איז עם טאַקע אין דער אמתן געווען! — פֿאַר דעם אָנגעזעענעם באַלעבאָס, פֿאַר אַן אָנשטענדיקן בירגער. איז ער דאָך געווען דער איינציקער פֿון אַ גרויס געשעפֿט, אַן איבערגעגעבענער מאַן צו זיין שוין עלטערער פֿרוי און אַ געטרייער טאַטע צו זיינע פֿינף קינדער. איז ער דאָך געווען דער ברייטהאַרציקער כלל-טוער סיי צווישן יידן און סיי צווישן גויים, אַ בעל-צדקה, אַ מענטש מיט אַ פֿרייער האַנט. דאָס אַליין איז טאַקע ריכטיק. נאָר וואַרט-זשע... כדי צו באַזיצן אָט די אַלע מעלות, האָט ער דאָך געמוזט פֿאַרדינען אַ סך געלט, האָט ער דאָך געמוזט האָבן און

שווער אַרבעטן. און כּדי צו זיין אַ רויִקער, אַן איבערגעגעבענער
מאַן און פֿאָטער האָט ער דאָך געמוזט, כאָטש איין מאָל אין
אַ יאָר, זיין אין ניו־יאָרק, „זיך לאָזן צו אָדער“, ווי ער פֿלעגט
זיך — אין אַ מאָדנעם, בייזלעכן שפּאַס — אַזוי אויסדריקן. אַזוי ער־
נאָך האָט ער געקאָנט דאָרט פּטור ווערן פֿון אָט די אַלע דינ־
דיקע רעיונות און פֿאַרשטעלונגען, וואָס האָבן אים אָפֿט באַאומ־
רויִקט די לעצטע יאָרן, ווען זיין ווייב איז שוין געוואָרן אַלט און
איינגעדאַרט, און באָבעדיק אַזוי.

יאָ, די דאָזיקע רעיונות... זיי פֿלעגן אים דערהויפּט ניט
אָפּלאָזן, ווער ער פֿלעגט זיין אין וועג. זיצנדיק אין לאַנגווייל־
דיק זיך אַזוי אַ גאַנצן טאָג אינם ווייכן שטול פֿון אַ סאַלאָן־
וואַגאָן, אָדער ניט קאָנענדיק איינשלאָפֿן אויף זיין געלעגער אינם
שלאָף־וואַגאָן, דורך אַ לאַנג־לאַנגע נאַכט, אָנצינדנדיק און אויס־
לעשנדיק נאָכאַנאַנד דאָס עלעקטרישע לעמפּל, זיך אײַנקוקנדיק
דורכן וואַגאָן־פֿענצטערל אויף די שווינדנדיקע לאַנדשאַפֿטן: פֿאַר־
בייליפֿנדיקע פֿעלדער און וועלדער; וועלדער און פֿעלדער; אַ טייך,
וואָס לייכט אויף אין דער טונקל; אַ פֿאַרביי־בליצנדיק שלאָ־
פֿעדיק שטעטל אויפֿן וועג פֿונם שנעל־צוג; איינזאַמע הייזער, מיט
אויסגעלאָשענע, אָדער ליכטיקע פֿענסטער; הייזער אין אַ מיטן
פֿעלד, וואָס פֿלעגן בלויז אויף איין אויגנבליק, ווי פֿון אונטער דער
ערד אַרויסשפּרינגענדיק זיך באַווייזן בלויז — און באַלד ניט ווערן;
אַ טראַכטונג בלויז, אַ חלום, אַ דמיון, אַ כימערע...

איז אָט אין אַזעלכע מינוטן, פֿלעגט אים העמאָלט איינפֿאַלן,
אַז צו וואָס דאַרף ער אָט די גאַנצע רייכקייט, וואָס האַלט ביי
אים אין איין וואַקסן — קאָן שוין וואַקסן ביי אים כמעט אָן קיין
שום מי פֿון זיין זייט? אַז ווייבאַלד אַלץ איז אַזוי פֿאַרביילויפֿנדיק,
אַלץ פֿאַרשווינדט... אָט איידער ער האָט זיך נאָך אומגעקוקט, און
די עלטער האָט זיך שוין אָנגערוקט אויף אים...

איז דעמאָלט פֿלעגט ער זיך טרייסטן... שוין באַצייטנס פֿלעגט
ער זיך אין געדאַנק פֿאַרשיכּורן מיט אָט יענער זעלטענער וואָך,
וואָס ער וועט אין סעזאָן־צייט פֿאַרברענגען אין ניו־יאָרק. דאָס איז
געווען זיין באַהעלטעניש, זיין סוד, זיין געהיים לעבן, וואָס

פלעגט אים געבן ווייטערדיקן כּוח אין די טעמפּע גלייכגילטיקע מינוטן:

— נישקשה, וואָס עס וועט זיין שפּעטער, וועט זיין שפּעטער, דערווייל איז ער נאָך יונג... כאָטש אַריבער די פופציקער, איז ער נאָך געווען איצט אַ פרישבלוטיקער און ברייטפּלייציקער מאַן, מיט אַ שווערן, אָבער אַ באַוועגלעכן און אַ רירעוודיקן טראָט, ווי ביי אַ פּאַנטערע.

עטלעכע נעכט פלעגט ער — אין אָט יענער וואָך אין ניו־יאָרק — פאַרברענגען אין די ווילדסטע און אומגלויבלעכסטע אָרגיעס, וואָס ס'איז גאָרנישט אָנגענומען, מען זאָל זיי באַשרייבן. ווייל אַז מען באַשרייבט זיי, אַז מען רעדט פון זיי, ציטערט דערביי דער צוהערער צי דער לייענער פון עקל און חרפּה, פון אַ שעמען זיך פאַר דער גאַנצער וועלט מענטשן... די האָזיקע חרפּה איז זייער אַ שאַרפע און אַ טאָפּלטע, ווייל בשעת מען הערט אָדער מע לייענט אַזעלכע זאַכן, איז דאָך, ערגעץ דאָ אינם מענטשן — כאָטש וויפל ווילן עס צוגעבן? — עפּעס אַ מין פאַרדראָס אַזאַ... ניט קיין פאַרדראָס איבער דעם, וואָס ס'איז פאָרגעקומען, נאָר פאַרקערט: אַ פאַרדראָס פאַרוואָס מע האָט קיינמאָל אַליין אַזוינס ניט געזען, פאַרוואָס מען האָט נאָך אַליין ניט אָנטייל גענומען אין אַזאַ אָרגיע, אַליין אויף זיך קיינמאָל אַזוינס ניט דורכגעפּילט.

כדי בערנאַרד קאָהען זאָל צום ביישפּיל קאָנען אַ ביס טאָן מיט אַלע כּוחות דעם קליינעם „מוזיניקל“ פון אַ מיידלס נאַקעטן פוס, אַזוי, אַז זי זאָל אויש אַ צאַפּל־טאָן און פאַרבייסן די אייגענע ליפּן — אָפּצוטויטן ווייטאָג מיט ווייטאָג — און זיך בשעת־מעשה מורא נאָך גאָר האָבן זיך אַ ריס צו טאָן, ווייל דעמאָלט וואָלט איר נאָך שטאַרקער וויי געטאָן —

כדי ער זאָל קאָנען דורכשטעכן מיט אַ דינער נאָדל דאָס ראָזעווע אייערלעכעלע פון אַ יונגער כאָריסטקע — אָט דאָרט, וואו אַ געטרייע מוטערשע האַנט שטעכט דורך מיידלשע אויערן פאַר אויערינגלעך —

פֿאַר אַזעלכע פֿאַרגעניגנס פּלעגט ער זיך לאָזן קאָסטן אַ מאַטניאַ מיט געלט. שוין אָפּגערעדט פֿון אַזעלכע אומשולדיקע פֿאַרגעניגנס, וועלכע זיינען איינגעטלעך לאַנג אַרויס פֿון דער מאָדע און זיינען נאָך פֿאַרבליבן סיידן אפֿשר אין די סקאַרבאָווע אָרגיעס־באַשרייבונגען, וואָס געפֿינען זיך אין סענסאַציאָנעלע ראָמאַנען — אַ שטייגער, ווי טרינקען פֿראַנצייזישן שאַמפּאַניער (קאַליפֿאָרניער שאַמפּיאַנער פּלעגט דער איידעלער גומען פֿון בערנאַרד קאָהען קיינמאָל ניט קאָנען פֿאַרטראָגן: צו זויער!) פֿון אַ סאַמעטענער, באַפּערלטער טופֿליע פֿון אַ קליינער פֿרויען־פֿוס אַרונטער... איין ענלעכס.

אים איז קיינמאָל ניט איינגעפֿאַלן, אַז ער טוט אַן אומרעכט ווען ס'ניט איז מיט זיין איפֿפֿירונג. בכלל האָט ער ניט געוואוסט, וואָס ס'איז רעכט און וואָס ס'איז אומרעכט און ער האָט זיך קיינמאָל וועגן דעם ניט געזאָרגט און ניט פֿאַרטראַכט. ער האָט בלויז געוואוסט פֿון זאַכן, וואָס ער קאָן באַווייזן צו קריגן און פֿון זאַכן, וואָס ער קאָן ניט באַווייזן צו קריגן. אַז ער זאָל וועמען ס'ניט איז ווי טאָן בשעת־מעשה, צי באַליידיקן, איז אים להלוטין ניט איינגעפֿאַלן: ער פּלעגט דאָך פֿאַר אַלע זיינע פֿאַרגעניגנס צאָלן מיט דער ברייטער האַנט...

און וואָס אמת איז — אַ סך מענטשן האָבן טאַקע דערביי גאַנץ פֿעטלעך פֿאַרדינט פֿון אים, וויל ווען מר. בערנאַרד קאָהען פּלעגט זיך ניט געפֿינען אין דער וועלט פֿון ביזנעס, איז ער שוין גאָר־גאָר קיין קאַרגער, קיין איינגערעכנטער ניט געווען. ס'האָט געשיינט, ווי ער וואָלט דעריבער אַזוי אומברחמנותדיק געשונדן די הויט פֿון זיינע קונים, דעריבער אַזוי גרויזאַם געשניטן פֿאַסנווייז פֿון זיינע אָנגעשטעלטע און אַרבעטער, כדי ער זאָל דערנאָך איך דער פֿריי, הרויסן פֿון זיינע ביזנעס, קאָנען שיטן גאָלד מיט אַ ברייטער האַנט... פֿאַרוואָס זאָל ער זיך אָפּזאָגן פֿון וועלכע ס'ניט איז פֿאַרגעניגנס? פֿאַרוואָס?

און — יאָ, אַוודאי, פֿאַר די אַלע פֿאַרגעניגנס וועט ער קיין געלט ניט זשאַלעווען. אָבער, ער וועט הערפֿאַר קריגן אַלץ, וואָס ער וויל... אַלץ... נו יאָ, געלט האָט ער. דאָס, וואָס

ער פֿאַרמאָגט איצט, האָט ער דאָך בײַ וועלט און מענטשן מיט פֿעסטע, שאַרפֿע חיה=צײנער זײַנע אַרײַנגעריסן. נו, איז אַז ער גיט זיי אַ טייל פֿון דעם אָפּ צוריק, וועט עס אים זײַן דורך די צײנער... מ'וועט אים דאַרפֿן דערפֿאַר טײַער באַצאָלן. באַ=צאָ=לן...

קײן ניו=יאָרק, אין דער גרויסער אײַלעניש זײַנער נאָך נײַע ביזנעס און נאָך מער געלט, פֿלעגט ער פֿון זײַן שטאָט אין דער סאַוט פֿאָרן אין אַן עקספּרעס. ער פֿלעגט זיך בעדיי וואַלגערן אַ גאַנצע נאַכט אין אַ שלאָף=וואַגאָן, אַבי ניט פֿטרן אומזיסט קײן צײַט, אַבי גאָרניט צו פֿאַרשפּעטיקן בשעתן קויף=סעזאָן. דערפֿאַר אָבער פֿלעגט ער זיך שוין ניט אײַלן אַזוי אויפֿן וועג צוריק אַהײם. צוריקוועגס פֿלעגט ער אַ טייל פֿון דער נסיעה מאַכן מיט דער שיף, כּדי זיך אָפּרוען בשעת דער רײַזע אויפֿן אַטלאַנטישן אָקעאַן. — דעם שטיק וועג צו זיך אַהײם, וואָס פֿון ניו=יאָרק ביז נאָרפֿאָלק.

הײַנטיקס מאָל איז ער אַ מידער אָפּגעשלאָפֿן דעם גאַנצן טאָג און דעם גאַנצן אָנהייב=אָוונט. ער האָט אַפֿילו ניט געפֿילט, ווען די שיף איז אָפּגעגאַנגען פֿונם ניו=יאָרקער האַפֿן, כאָטש דער געהידער בײַם שיף=אָפּגיין איז, ווי געוויינלעך, געווען זייער גרויס — גראָד האָט ער דאָס מאָל נאָך מער און נאָך לענגער הולטאַיסטוועט, ווי ווען ס'ניט איז ביז אַהער. ער האָט דאָס מאָל גאָר ניט, קײן אײן=אײנציק פֿאַרגעניגן ניט געוואָלט הירכלאָזן, ווי ער וואָלט דאָ געווען איצט ניט אַזוי צום ערשטן, ווי צום לעצטן מאָל.

— וואָס איז אַזוינס די יאָגעניש און די כאַפּעניש מיט דיר? לאָז איבער אײף אַ צווייטן מאָל... וואָסי, דו וועסט דאָ מער קײנמאָל ניט זײַן? — האָט ער אַליין אײַנגעטענהט מיט זיך. נאָר ס'האָט אים ניט געהאָלפֿן.

דאָס מאָל איז ער פֿאַרבליבן אין ניו=יאָרק אויף אַ פּאָר טעג לענגער. אַהײם האָט ער טעלעפֿאָנירט (ס'פֿלעגט אים תמיד חרכבעמען אַזאַ מחיהדיקער אָנגענעמער ציטער, ווען ער פֿלעגט הערן טעלעפֿאָן לאָזן הערן זײַן באַפֿעלערישע שטים דעם הויפּט=פֿאַרוואַלטער זײַנעם — אַ שטים טראָגט זיך איבער אַ שטרעקע פֿון

וואָסערע ניין הונדערט מייל!...), אַז ער איז אומדערוואַרטערהייט פֿאַרהאַלטן געוואָרן אויף אַ קאָנווענשאַן פֿון אַ באַקאַנטער אַמעריקאַנער גרייסער און פֿאַרצווייגטער איבער אַלע שטאַטן צדקה־געזעלשאַפֿט... ס׳איז, הייסט עס, געווען אַזוי: אַז די הויפּט־פֿירער פֿון דער קאָנווענשאַן האָבן זיך דערוואוסט, אַז בערנאַרד קאָהען געפֿינט זיך אין ניו־יאָרק — און ווי אַזוי האָבן זיי זיך עס דערוואוסט? דוכט זיך, ער האָט ניט האָלט צו פּויקן וועגן זיך ווען ער איז אין ניו־יאָרק... נאָר אַפֿנים, אַז אים, מיט זיין נאָמען, איז שווער זיך אויסצובאַהאַלטן... זייער שווער... אַלזאָ, בקיצור, אַז זיי האָבן זיך דערוואוסט דערפֿון, האָבן זיי כמעט מיט געוואַלד אים געצוואונגען, ער זאָל פֿאַרבלייבן אויף אַ פּאָר געשעפֿטס־זיצונגען... מע וויל זיך מיט אים וועגן איניקע ענינים באַראַטן... אויף זיינער אַן עצה פֿאַרלאָזט מען זיך תמיד... יאָ, און וואָס מאַכן עפּעס די קינדער? גוד־באַי!

און דאָס ווייטע טעלעפֿאָן־געשפּרעך איז געווען צו ענד.

די לעצטע פּאָר נעכט אין ניו־יאָרק האָט ער פֿאַרבראַכט אין אַ נייעם פּלאַץ, אַ פּלאַץ, וועלכן עס האָט געהיים איינגעהאַלטן אַ פּאָר פֿאַריזערינס אויף איינער פֿון די רייכסטע גאַסן פֿון דער וועסט־סייד. זיינער אַ באַקאַנטער געשעפֿטס־מאַן, אַ מענטש פֿון אַ יאָר פֿינף און פֿופֿציק, וועמענס ליסע קאָפּ האָט תמיד געגלאַנצט און געשפּיגלט, ווי פּאָלירטע העלפֿאַנט־ביין, האָט אים באַדייטונגספֿול דערציילט, אַז אין יענעם פּלאַץ גיבן די פֿרויען זייער ליבע אויפֿן פֿראַנצויזישן אופֿן.

איז ווען בערנאַרד קאָהען איז אינם טאָג פֿונם שיף־אָפּגיין אַרייַנגעפֿאַלן אין זיין קאַיוטע, האָט ער זיך קיים געקאָנט האַלטן אויף די פֿיס, ווי זיי וואָלטן ביי אים געווען איבערגעזעגט, די פֿיס זיינע. ער האָט גלייך פֿאַרשלאָסן זיין קאַיוטע־טיר און זיך אַרייַנגעוואַלגערט אין בעט אַריין.

איפֿגעכאַפּט זיך האָט ער אָקאָרשט איצט, ווען די גרויסע אָקעאַנישע כוואַליעס האָבן זיך אָנגעהויבן שטאַרקן און אָנגעהויבן בינטאַריש פּויקן, און דונערן, און האַמערן מיט איינגעהאַלטענער רציחה און גבורה קעגן די ווענט פֿונם איינזאַמען אָקרענט אין

מיטן אָקעאַן, — בינטאַריש אָנגעהויבן פּויקן קעגן די שיף־ווענט, ווי אין גרויסע אויסגעהוילטע פּויקן.

אין די לעצטע מינוטן פאַרן איינכאַפּן זיך האָט זיך אים געחלומט אַ מאָדנער חלום:

ער פליט אַזוי מיטן קאָפּ אַראָפּ ערגעץ אין די טיפענישן פונם ים... נאָר אַזוי ווי זיין באַוואוסטזיין האָט ער נאָך ניט פאַר־לאָרן, זוכט ער אַליין מיט די הענט אַן אָנהאַלט, אַ בוים, אַ גע־וויקס, אַ פאַרביישווימענדיקע פיש — זיי שווימען אַזעלכע גרוי־סע אין אומגעהייערע פאַרביי אים הין און צוריק — אָן וועלכע ער זאָל זיך קאָנען אָנכאַפּן, כדי ער זאָל זיך קאָנען צוריק איבערקערן מיט די פיס אַרונטער און מיטן קאָפּ אַרויף. דאַכט זיך — אַזאַ איינפאַכע זאַך: מיט די פיס אַרונטער. האָט אַליין. נאָר אומזיסט: ער פליט אַליין מיטן קאָפּ אַראָפּ, מיטן קאָפּ אַראָפּ...

און אָט:

די אייגן גלאָצן אים שוין אַרויס, דער אינגעוויט דריקט אים אַזוי אויפן מאַרך, דאָס גאַנצע אינגעוויט פונם בויך, וואָס געפינט זיך איבערן קאָפּ, דריקט אים אַזוי אויפן מאַרך, אַז ער הייבט שוין אָן מבולבל צו ווערן, פאַרלירן דעם באַוואוסטזיין...

דאָס ערשטע, וואָס ער האָט דערפילט, ווען ער האָט זיך סוף־כל־סוף אויפגעכאַפּט, איז געווען אַ שטאַרק איבלען אונטערן לעפעלע, אַ מין נידנע דאָקוטשען אין די גדערים, צוזאַמען מיט אַן אַרומשווימען אין קאָפּ, ווי דער קאָפּ וואָלט אים געווען פול מיט וואַסער, — וואָס האָט זיך געביטשעט נאָכאַנאַנד, פון ווענטל צו ווענטל, און האָט אים מוטנע געמאַכט אין די אויגן.

דאָס צווייטע געפיל, וואָס ער האָט געהאַט, איז געווען: צו שטעלן זיך גלייך אויף די פיס... בערנאַרד קאָהען האָט זיך באַמיט אויפצוהייבן פונם בעט, נאָר ער איז גלייך צוריקגעפאַלן. אוממעגלעך.

אָבער די אָנשטרענגונג, וואָס ער האָט געמאַכט אויפצושטיין, האָט אים פאָרט אַ ביסל אויסגעטשוכעט, געבראַכט צו זיך, און

דאָ האָט ער עס צוערשט דערהערט אַ מאָדנע באַקאַנטע געזאַנג און אַ געשפילעריי אויף עפעס אַ סטרונע-אינסטרומענט.

אין די ערשטע מינוטן פון זיין וואַך זיין, האָט ער ניט געקאָנט דערקענען, אויב ס'איז געווען אַ מאַנדאָלין אָדער אַ באַנדזשאַ, אָדער גאָר אַ יוקולייליי. דאָס געזאַנג, וואָס האָט זיך דערטראָגן צו אים אין דער טונקלקייט פון זיין קאַבינע, איז געווען אַ היימיש געזאַנג — דאָס איז געווען זיכער.

און אָט די היימישע, גוט-באַקאַנטע און שוין פון אים אַזוי אָפט געהערטע קלאַנגען און לידער, אינמיטן נאַכט אין אָקעאַן, האָבן אים אָנגעפילט מיט אַ בלינד-נאָענטער שרעק. ס'איז געווען פונקט, ווי ער וואָלט דאָ אַ שטייגער מיטאַמאָל, אפשר אַ טויזנט מייל ווייט פון זיין היים, דערהערט זיין פרוי ריידן צו אים...

ער האָט אויסגעצויגן זיין האַנט צום עלעקטרישן קנאָפ, וואָס האָט געזאָלט זיין ניט ווייט פון אים אויפן וואַנט און געוואָלט אָפדרייען דאָס עלעקטרישע ליכט.

אַ ווײַלע האָט זיין האַנט געבלאָנדזשעט אַהער און אַהין, איבער אַ קאַלטער, גליטשיקער פאָלירטער גלאַטקייט, און דאָס עלעקטרישע קנעפל בשום אופן ניט געפינען.

ער איז דאָך געווען זיכער, אַז דער קנאָפ האָט געמוזט זיין אָט דאָ-אָ, גאָר ניט ווייט, וואו זיין האַנט האָט אין דער פינסטערניש אַרומגעטאַפט, נאָר זיינע פינגער האָבן אַלץ אַרומגעפירט איבער דער בלינדער וואַנט אַרום און אַרום דעם קנאָפ — אפשר בסך-הכל די ברייט פון אַ האָר פונעם קנאָפ גופא — און דעם אָרט פאָרט ניט אָנגעטאַפט.

זיין האַנט איז דעמאָלט צוריקגעפאַלן אויפן געלעגער, אַן אָפגעשוואַכטע און אַ ציטערנדיקע.

דער באַוואוסטזיין האָט זיך איצט שוין אינגאַנצן צו אים אומגעקערט. ער איז שוין געווען איצט אויסגעשלאָפן, אינגאַנצן וואַכנדיק-ניכטער. האַ? יאָ... ער געפינט זיך דאָך איצט אויפן שיף אַהיים. נאָר פאַרוואָס-זשע... פאַרוואָס-זשע פילט ער זיך אָפגעשוואַכט אַזוי... זיין גוף גיט זיך ניט אונטער זיינע אייגענע באַפעלן?

אין קאַיוטע איז געווען טונקל. נאָר ביסלעכווייז, אַז זיין אויג האָט זיך צוגעוויינט צו דער פינסטערניש, איז פאַר אים אַרויסגעשווומען, איינס נאָך דעם אַנדערן, די ווייסקייט פונם איבערבעט, פון די עמאַלירטע ווענט, פון די מעטאַלישע שטאַנגען אין ווינקל, וואָס האָבן אונטערגעשפּאַרט די סטעליע פון דער קאַבינע — און נאָך אַן אַ שיעור ווייסקייטן: די ווייסקייט פון דער פענסטער-ראָם, פונם עמאַלענעם וואַש-בעקן... איינס נאָכן אַנדערן זיינען זיי אַרויסגעשווומען פון דער קאַבינע-פינסטערניש — בלייכע אָנווייזונגען און צייכנס פון אַן אַנדער וועלט, פון אַ פאַרטאָגיקער.

אין אָט די ווייסע, לויערנדיקע צייכנס האָבן בערנאַרד קאָהענען מער אָפּגעשראָקן, איידער באַרויקט: דאָס זיינען דאָך געווען בלויז ווייסע גייסטיקע אָפּשפּיגלונגען פון די ווירקלעכע געגנשטאַנדן, וואָס מען זעט אין דער ליכטיקער בייטאָג-וועלט... די געגנשטאַנדן גופא זיינען איצט פאַרשוואונדן — בלויז די אָפּשפּיגלונגען זייערע, די דרויסנדיקע פאָרמען זיינען דאָ פאַרבליבן, הוילע און אויסגעליידיקטע... פאַרבליבן זיינען זיי דורך דער נאַכט, און וואַרטן אַליין אין דער שטיל אויפן פרימאָרגן, ווען זיי וועלן קאָנען צוריק זיך אָנקליידן אויף זייערע אינהאַלטן, אויף זייערע גופים...

באַלד דערנאָך האָט ער דערזען הינטערן קליין פענצטערל די געדיכטע בלייקייט, כמעט שוואַרצקייט, וואָס אין דרויסן. דאָס פענצטערל איז אַרויסגעגאַנגען אויף דער אָפענער דעק צום ים צו, און פון דער פינצטערניש אַרויס האָט בערנאַרד קאָהען קלאָר און אָפּשרעקנדיק געהערט:

— די גרויסע „ראָללערס“ פון מיטן אָקעאַן שטורמען, ווי ווייטע דונערן אין אַ היציקער זומער-נאַכט פאַר אַ שטורעם; זיי קייקלען זיך פון דער ווייט, ווי וועלט-גרויסע שטיינער, וואָס האַלטן אין ברעקלען זיך... זיי הילכן, ווי ריזיקע בנינים, וואָס פאַלן איין ערגעץ מיט אַ גרויסן קראַך...

שוואַך, נאָכגעבנדיק, אומבאַהאָלפן האָט זיך די שיף גע-

שלײדערט פֿון אײן זײט אױף דער אַנדערער, זיך געקײַקלט איבער די װאַסערן, װי אַ גרױסע און פּוסטע פֿאַס.

אַ שיף אײנע אַלײן אױף די אומהײמלעכע אָקעאַן־װאַסערן.

צי מחמת אין דער שיף גופֿא איז געװען איצטער אַזױ שטיל (די שטילקײט אין דער שיף איז נאָך איצט קענטיקער געװען צוליב דעם שטורעם אין דרױסן), צי מחמת דעם, װאָס װאַסער־לאַפּעס האָבן אַלע װײַלע געפּאַטשט אין דעם פֿענסטערל פֿון זײַן קאַבינע, — בערנאַרד קאָהענען איז מיטאַמאָל אײַנגעפֿאַלן, אַז אַלע פּאַסאַזשירן אין דער שיף זײַנען טױט... און די שיף, װאָס טראָגט זיך איצט אױף די אָקעאַן־װאַסערן — איז די שיף מיט טױטע פּאַסאַזשירן.

און פֿון אָט דעם געדאַנק איז בײַ אים אין קאָפּ מיטאַמאָל געװאָרן אַ מאָדנע קלאָרקײט אַזאַ, פּונקט װי אינעװײניק דאָרט איז בשעת זײַן לאַנגן שלאָפֿן אינגאַנצן אױסגערײניקט, אױסגעבערנט געװאָרן די גאַנצע אומרײנקײט, איז דעריבער געװאָרן דאָרט אַזױ ברײט און גרױמיק... און די געדאַנקען, װאָס ער האָט איצט געטראַכט, האָבן געהאַט אַ סך אָרט פֿאַר זיך, זײַנען אומגעשטערט געװאַקסן, געװאַקסן און אױסגעװאַקסן צו אַזאַ גרײס, אַן אומגעװײנלעכער...

נײן, האָס איז נאַטירלעך ניט צו גלױבן, אַז אַלע זײַנען אױפֿן שיף אױסגעשטאָרבן, װײַל דורך װאָס פֿאַר אַ סיבה — עפּעס אַזױ פּלוצלונג? ס׳האָט מסתמא גיכער פּאַסירט אָט־װאָס:

עפּעס אַן אומגליק האָט געטראָפֿן מיט דער שיף. זי האָט זיך צונױפֿגעשטױסן מיט אַן אַנדער שיף... אָדער גאָר מיט אַ אײַז־באַרג... מיט אַ ליכטיק־מאַיעסטעטישן, בלענדנדיק־פּראַכטפֿולן אײַז־באַרג, װאָס איז געשװאומען אין מיטן אָקעאַן און געװאַרט אױף שיף־קרבנות...

נו, ס׳טרעפֿט זיך דאָך אַזױנס. אַלע פּאַסאַזשירן האָבן געקראָגן באַפֿעלן אַרײַנצוגײן אין די רודער־שיפֿלעך און דאָרט זיך ראַטעװען. נאָר אָן אים האָט מען פֿאַרגעסן. פֿון אים האָט מען אַפֿילו גאָרניט געװוּסט, װײַל ער איז דאָך די גאַנצע נאַכט גע־

שלאָפֿן, און די טיר פֿון זיין קאַיוטע איז געווען צוגעשלאָסן. און איצט...

— איצט געפֿינט ער זיך איינער אַליין אויף דער אונטער־גייענדיקער שיף...

— יאָ, אַוודאי אַזוי...

אַז קיין פֿריינט אָדער סתּם מענטשן, וואָס זאָלן אים קאָנען, האָט ער ניט אויף דער שיף און די גאַנצע צייט איז ער געשלאָפֿן!

און דאָ האָט נאָך אַ גרויסע קודלאַטע וואַסער־חיה אַ פּאַטש געטאָן אין דעם פֿענסטער פֿון זיין קאַבינע. די שיף האָט זיך זיכער געמוזט איבערקערן אויף דער צווייטער זייט, ווייל אַלץ אין דער קאַבינע האָט אָנגעהויבן פֿאַלן, קייקלען זיך, קלאַפּן, גראַגערן, טראַסקען און בערנאַרד קאָהען האָט אַ שטילן געשריי געטאָן...

אַזוי, פֿאַר זיך בלויז. דעריבער האָט ער ניט געשריען הויך.

— ווער וועט אים דען הערן אויף דער טויטער שיף?

נאָר פֿון אָט דעם שטילן געשריי, — פֿאָרט אַ סימן פֿון לעבן אויף דער טויטער שיף, — איז אים אַ ביסל לייכטער געוואָרן. ער האָט ווידער געמאַכט אַן אָנשטרענגונג און זיך אויפֿגעזעצט.

און דאָ זיינען אים ווידער אָנגעשוואומען די מאָרגנ־באַקאַנטע, היימישע קלאַנגען און טענער: איצט האָט ער שוין קלאָר געוואוסט, וואָס דאָס זיינען פֿאַר אַ קלאַנגען — דרומדיקע נעגערשע מוזיק, נעגערשע פֿאָלקס־לידער, וואָס זיינען אים געווען פֿון יאָרן און יאָרן גוט באַקאַנט.

אָפֿט אין אַ טונקעלער, הייסער נאַכט, ווען ס׳פֿלעגט אים אָנכאַפּן עפּעס אַן אומרויִקייט אַזאַ און אַ בענקעניש פֿלעגט אויפֿשלאָגן זיין בלוט מיט אַ געדיכטער, קלעפּיקער פּיינע, פֿלעגט ער זיך אָנטאָן אין די אַלטע וואָכעדיקסטע קליידער, וואָס זיין דינסט האָט נאָר געקאָנט פֿאַר אים פֿון ערגעץ אויסגראָבן, פֿלעגט אָנטאָן אַ פּאָר טונקעלע ברילן, מע זאָל אים ניט דערקענען און

זיך לאָזן גיין צום עק שטאָט, צום נעגערשן קוואַרטאַל, צו זען זיינע אַ געליבטע.

ער פּלעגט זיי בייטן זייער אָפט, זיינע געליבטע. אַזוי אָפט, ווי ער פּלעגט נאָר וועלן. דאָס נעגערשע פרייען-ליבּ אינם דרום איז וואָלוול, הפקר און לאָזט זיך אַלעמאָל גערן נעמען פון אַ ווייסנס האַנט. און בערנאַרד קאָהענס האַנט איז נאָך חוץ־צו געווען באַקאַנט אין דער שטאָט, ווי אַ שטאַרקע, אַ מעכטיקע האַנט, — אַ האַנט, וואָס האָט תמיד גענומען דאָס, וואָס זי האָט באַדאַרפט.

און זי איז דאָך ניט געווען קיין לידיקע, אָט די האַנט זיינע. ס'איז אַפילו ניט געווען נייטיק, נאָר בערנאַרד קאָהען איז געווען גרייסמוטיק, פּלעגט ער תמיד עפּעס טראָגן אונטער זיין פּאָלע, אָדער איינגעוויקלט אין אַ פּאַק: קאָלירטע שטאָפן פאַר אַ זיידן קלייד, אַ פּאָר כאַטינענע פרייען־שיכלעך, אויערינגלעך מיט בילעקע, שטאַרק בלישטשענדיקע שטיינער, אַ פּאָר זיידענע זאָקן, אַ קאָפּטעטשקע, אַ שאַכטל שמעקעדיקע זייפן און ענלעכע זאַכן.

בערנאַרד קאָהען האָט צו יעדער צייט געהאַט כאָטש איין קעפּס־ווייב — און אַמאָל נאָך עטלעכע מיטאַמאָל. און דאָס זיינען געוויינלעך געווען פאַרהייראַטע פרויען. פאַר מיידלעך, צו פאַר אומפאַרהייראַטע פרויען, האָט ער זיך שוין לאַנג געהיט — זינט יענעם מאָל.

ער פּלעגט ניט דאַרפן מאַכן מיט זיינע געליבטע קיין באַשטעלונגען אויף צו פריער. ער פּלעגט קאָנען קומען צו זיי אין יעדער צייט, ווען עס פּלעגט אים נאָר איינפאַלן.

אַז ער פּלעגט אַמאָל קומען צו זיינער אַ נעגערשער געליבטער און דער מאַן איז גראָד געווען אין דער היים, פּלעגט זי פּשוט נעמען און אַוועקשיקן דעם מאַן אין ביר־סאַלאָן — געלט אויף ביר האָט שוין קאָהען געגעבן — אָדער נאָך פּשוטער: זי פּלעגט נעמען און אַראָפּשיקן אים אויפן צווייטן עטאַזש און אָנזאָגן מיטן האַרבן וואָרט, ער זאָל זיך אויף די אויגן ניט ווייזן, ביז וואַנען מע וועט אים ניט דאַרפן.

— ער קאָן דאָרט דערווייל לייענען אַ צייטונג... דאָ געפינט זיך אַן אַגענט פון דער זינגער־ניי־מאַשין־קאָמפּאַניע און זי וועט זיך שוין אַליין קאָנען מיט אים דורכשמועסן און זי דאַרף ניט, אַז מע זאָל איר בשעת־מעשה שטערן...

— האָסטו געהערט, נ—נ—ניגער?

פלעגט זי פאַרענדיקן אַזוי איר אָנזאָג, ביז שיפּענדיק מיט אירע ווייסע גרויסע פערדישע ציין.

שפּעטער אויפן וועג צוריק אַהיים, שוין אַן אָפּגעקילטער, פלעגט ער ליב האָבן זיך אַנידערזעצן אויף אַ טרעפּ פון אַ כאַלופּ, און זיך צוהערן צום אַרום. דאָס זיינען דאָך געווען זיינע איינציקע אָפּרו־מינוטן.

פון די טונקעלע, הילצערנע, ווי חרובע הייזלעך, וואו קיין ליכט, קיין לאָמפּ האָט ניט געברענט, נאָר אומריינע, צעפוילטע טונקלקייט, פלעגט אַרויסשטעקן שמאַטעדיקע קעפּ און שוויצנדיקע אברים — ווי ווערימדיקע צינגער פון אָט דער טונקלקייט — אַרויסשטעקן זיי דורך מיילער פון פונאַנדערגעעפנטע טירן און איינגעבראָכענע פאַרלאַטעטע פענסטער — פון אומעטום פלעגט זיך טראָגן איצט אינם אָוונט אַ זשומושען, אַ געזאַנג, אַ ברומען...

אויף די גאַניקעס און די אָפענע טירן, אויף די טראָטואַרן און אין מיטן גאַס, צווישן די איינגעפאַלענע הייזלעך, וואָס האָבן אויסגעזען, ווי אַפריקאַנישע ערד־כאַלופּעס, — אומעטום זיינען צעלייגט און אָנגעשפּרינקלט געווען קיפּקעס, קרייזלעך, פּאָרלעך נעגערס. מענער אין בלויע הויזן, ברייט פונאַנדערגעשפּילעטע אינם קראָק, אין צעבראַכטעטע קיטיקע אונטערהעמדער; פרויען מיט אַנטבלויזטע, נאַקעטע אָרעמס און ברוסטן, ווי שוואַרצע שפּיציקע בערגעס; פּאָרלעך אַלערליי שוין האַלב איינגעשלאָפענע, אָדער נאָך אין די פאַרשיידנסטע ליבע־פּאָזעס; קינדערלעך נאַקעטע מיט הוילע פּופּיקעס און פאַרשמוציקטע אָחורלעך, וואָס פלעגן זיך שפּילן, ווי די הינטעלעך אין די גאַסן...

און פון אומעטום, פון אַלע ווינקלעך, האָט זיך געטראָגן אַהער אַ ווילד, אויפגערעגט־צעלאָזן, פייניקנדיק־טרויעריק, פריילעך געזאַנג... אינם נעגערשן קוואַרטאַל האָבן פון קינד ביז אַלטן גע־

זינגען. די גאַנצע גאַס האָט געזונגען — שטיל און הויך, מיט אַ קיל און שווייגנדיק...

און אויך איצט אין דער פינצטערניש פון דער קאַבינע, האָט זיך ערגעץ פון די געדערים פונם שיף געטראָגן אַהער פונקט אַזאַ געזאַנג, באַגלייט פון אַ געקלאַפּעריי אויף אַ באַנדושאַ...

בערנאַרד קאָהען האָט זיך איצט שוין מער פונאַנדערגעקליבן אין דעם שפּילנדיקן אינסטרומענט: ס'איז זיכער געווען אַ באַנדושאַ... גיכע אָפּגעריסענע און נאַבאַרטיווע טענער, פון אונטער עמעצנס, — זיכער אַ שוואַרצנס: דאָס האָט מען געקאָנט דערקענען אינם טעמפּ פונם שפּילן — זיך וואַרפנדיקע, אַרומטאַנצנדיקע פינגער, זיינען געשפּרונגען פון די קלאַווישן, האָבן זיך געריסן פון די צעשראָקענע פּיאַנאָ־ביינדלעך די טענער פון דער נעגערשער ליד. הפקרדיק, טרייעריק, פריילעך:

I ain't no doctor
Nor a doctor's son
But I can cure your pain
Till the doctor is come... *)

די אָקעאַן־כוואַליעס האָבן זיך מיט אַזאַ אַריבגעוואָרפן אויפן שיף און האָבן דערשטיקט די קלאַנגען, וואָס האָבן זיך געטראָגן צו בערנאַרד קאָהענען. נצחונדיק ווילד, האָט דער אָקעאַן ווידער זיך געלאָזן הערן. אַ הילן, אַ קראַכן, אַ רישען, אַ וואָיען, ווי ס'וואָלט געווען איצט נאָענט פאַר וועלט־אונטערגאַנג.

אָדער גאָר —

עס איז שוין טאַקע איצט נאָך דעם אונטערגאַנג פון דער וועלט... דער אָקעאַן איז איצט איינער אַליין איבער דער וועלט און זינגט אַן איינזאַם געזאַנג פון גבורה און פאַרניכטונג, אַ ליד פון נצחון איבער אַ וועלט אַ ווידערשפּעניקער — אַ וועלט,

*) בין קיין דאָקטאָר,
אויך קיין דאָקטאָרס זון
קאָן אָבער היילן דיין ווייטאָג
ביז דער דאָקטאָר ס'קומען...

וואָס האָט זיך ביז איצט אַנטקעגנגעשטעלט דער אייביק־ערשטער און אייביק־לעצטער סטיכיע פון אָקעאַן און אָקעאַנישע וואַסערן.

אַ געפיל פון גרויסער וויכטיקייט, פון זעלטענע מינוטן, וואָס חזרן זיך קיינמאָל ניט איבער, האָט אינגאַנצן אַדורכגעדרונגען מר. בערנאַרד קאָהענען. יאָ... דאָס זיינען זיינע לעצטע מינוטן אויף דער וועלט. אַפנים, אַז די שיף איז שוין כמעט אונטערגעזונקען אין וואַסער אַריין.

אין מוח האָט אים דורכגעבליצט דאָס, וואָס ער האָט אייניקע מאָל געהערט: אַז פאַר אַ מענטשנס טויט, אין די גאָר לעצטע מינוטן זיינע — אויב דער גוססער איז נאָך ביים פולן באַוואוסטזיין — שווימען אָן אין זיין פאָרשטעלונג אַלערליי, ווען ס'איז ניט איז אַמאָל געזעענע בילדער און געזיכטער... דערהויפּט בילדער פון זיין פריבטן לעבן. און אָט:

דאָס איז זיין שטאָט, זיין היים, געקומען צו אים אַהער... געקומען אַהער אינמיטן אָקעאַן, ווייל ס'איז איצט די מינוט, די לעצטע, פאַר זיין טויט... אָבער וואו איז זיין פרוי? וואו זיינען זיינע קינדער?

ער האָט זיך געמאַטערט אומזיסט, זיך אָנגעשטרענגט צו דערקענען זיי אין דעם געדיכטן פילקאָלירנדיקן עולם אַרום אים, אָבער זייערע געשטאַלטן האָט ער פאָרט ניט געקאָנט אַרויסברענגען פאַר זיך. אויף אים האָבן אַלץ געפלייצט און געפלייצט פון אַלע זייטן אַלערליי פנימער, אַלערליי מאַסקעס: שוואַרצע, טונקעלע און ליכטיקערע נעגערשע געזיכטער.

אַן ערב־רב פון נעגערס, אַ פיל־קאָלירנדיקער און אויפגערעגטער המון האָט זיך געשטויסן און געדרישט אַרום אים, מיט שווייגנדיקע דראָונגען אים אַרומגערינגלט, אַרומגערינגלט אים אין געגלאָצט אויף אים שווייגנדיק, — זיך געשטויסן אַ ר ו ם אים און א י ן אים.

בערנאַרד קאָהען האָט זיך אָנגעהויבן אַיינקאָרטשען פון גרויס פחד, אינגאַנצן אַ ציטערדיקער, מיט פאַרטאַיעטן אָטעם האָט ער געוואָלט צוזען, וואָס ס'וועט דאָ זיין.

און אָט... פֿון זיי טיילט זיך אויס איין געזיכט, אַ מאַטט־טונקל געזיכט, אַן אײדל, אַ שײנס אַזאַ — אַ געזיכט פֿון אַ פֿײ. די נאָז אירע איז אַ געטאָקטע, ווי פֿון מאַטן־קופּער, די ליפּן אַ סך דינער ווי געוויינלעך בײַ נעגערס, אָבער נאָך אַלץ אַ ביסעלע דיקער, ווי ליפּן בײַ אַ ווײַסן מענטשן. לײַדנשאַפֿטלעכע ליפּן טאַקע — אָבער ניט קײַן חיהדיק־מגושמדיקע. און אַרום די אויגן־ווײַסלעך אירע איז ניטאָ בײַ איר אָט יענע קײטיקע רויטקייט, וואָס אויף די זוימען פֿון נעגערשע אויגן. און די גאַנצע הויט איר׳ע איז אַזוי אײדל, אַזוי גלאַט... אַ הויט פֿונם קאָליר פֿון גרינע פֿרישע אײלבירטן.

און וואַרט! וואָס איז עס? וואָס באַדײַט עס? אָט אָ די אײדעלע יונגע מולאַטין פֿירט עס אָן מיט דער קופּע נעגער־זינגער. אַלע, אַלע, די צעקראַצטשעטע מאַנסבילן און די ברייט־צעפּלעשטשעטע פּניען, שטײען זיי אַרום איר... און אָט לאָזן זיי זיך אַראָנטער אַלע אויף זייערע קני, ווי פֿאַר אַ כּהנטע פֿון זייער שבט. און וואָס באַדײַט עס... ער, בערנאַרד קאָהען, איז אַלײן צווישן דער קופּע נעגערס און ער אַלײן לאָזט זיך אַראָפּ אויף די קני פֿאַר איר... ער הערט: דאָס ליד, וואָס זיי זינגען איצט, איז אַזאַ פֿאַרציטערט־פֿאַרוואונדערטס, ווי דער אויסדרוק פֿון אַ קינדער־פּנימל אין אַ וואַלד־מעשה... און נאָך מער מאָדנע: דאָס ליד איז אים באַקאַנט, פּונקט, ווי עס איז אים באַקאַנט דאָס אײדעלע געזיכט פֿון דער יונגער מולאַטין.

און ביסלעכווײַז ווערט עס ליכטיקער אַרום אים. ים און טונקלקייט, וואָס איבערן ים, זײַנען פֿאַרשוואונדן... ס׳איז אַ פֿרימאָרגן גאָר, אַ גאָלדענער האַרבסט־פֿרימאָרגן אין אַ סאָסנע־וואַלד אַ באַקאַנטן, וואָס געפֿינט זיך ניט ווײַט פֿון פֿיינהורסט, אינם שטאַט צפֿון־קאַראָלינע. און כאָטש ס׳איז שוין שפּעט־אָקטאָבער, איז דער טאָג אַ זומערדיקער אַזאַ, אַ שמעקעדיקער, אָט ווי אַ טאָג אין יוני־חודש... און ס׳איז שוין לאַנג צוריק... דוכט זיך אים, נאָך צווישן די טעג פֿון זײַן יונגער מאַנסבילשאַפֿט איז אָט דער ליכטיקער שמעקעדיקער טאָג.

וואַרט... דאַכט זיך ער איז עס דעמאָלט טאַקע געווען אין

פֿינהײרסט אױף זײן חתונה־רײזע. װי קלאָר און װי בולט ליכ־
טיק... ער װאױנט אין האָרף, אין אַ דאָרף װאָס געפֿינט זיך אױף
אַ הײכן געבערגיקן אָרט, ניט װײט פֿון אָקעאַן. דורך די שלאַנקע,
הײכשטרענגע און שטאָלצע סאָסנעס, װאָס רינגלען אַרום דאָס
האָרף, און װאָס פֿילן אָן די לופֿט מיטן ריח פֿון זײער שמעקעדיק
בלוט, — זעט זיך אַרױס דאָס ליכטיקע, שימערידנדיקע פֿעלד
פֿונם אָקעאַן...

און נאָך:

ס׳איז דער אָנהײב פֿון אַ זוניק־שפּראָצנדיקן טאָג. אױפֿן
גראָז, לעבן אים, ליגט אַ יונגע, שלאַנקע נעגערשע מײדל, אַ
מולאַטין — זי זעט אױס, װי אַ יונגע אָקאָרשט אומגעװאָרפֿענע
פֿרישע סאָסנע. פֿון איר גוף, אינם װאַרעמען פֿרימאָרגן טראָגט
זיך אַזאַ פֿאַרשיכורנדיקער, שמעקעדיקער ריח, װי פֿון די סאָס־
נעס אַרום... און װאָס טוט זי די דאָזיקע שלאַנקע פֿרױ? זי
זינגט אַ ליד, הערט זיך. יאָ, ער הערט איצט, װי זי זינגט —
מיט קלאָרער פֿרישער װאַלד־שטים, — אָט טאַקע דאָס זעלבע
ליד, װאָס ער הערט איצט אײנצײטיק אױך פֿון אַן אַנדער זײט —
ערגעץ פֿון די טיפֿענישן פֿונם שיף.

And then there came a bumble-bee — aha — aha...
And then there came a bumble-bee,
With his fiddle on his knee, aha-aha-aha... *)

נאָר אַז בערנאַרד קאָהען האָט העפֿטיק אױסגעשטרעקט זײן
אָרעם, כּדי אַרומצונעמען די יונגע פֿרישע מולאַטין, װאָס האָט
געקוקט אױף אים מיט אַזױ פֿיל ליבע און איבערגעגעבנקײט, האָט
זיך זײן האַנט שאַרף אָנגעקלאַפּט אין טיש. בערנאַרד קאָהען האָט
אַזש אױפֿגעשריען פֿון װײטאָג.

די אױגן זײנע זײנען שפּעטער געעפֿנט געװאָרן אױף װי־
דער אױפֿצונעמען די פֿינסטערניש פֿון דער קאַיוטע. די ליכטיקײט

*) און דעמאָלט איז געקומען אַ בינעלע — אהא־אהא ...
און דעמאָלט איז געקומען אַ בינעלע
אויפֿן קני — אַ פֿידעלע, אהא־אהא, אהא...

פונם פרימאָרגנדיקן דרום־וואַלד, דעם וואַלד פון די פריש־שמעקע־דיקע סאָסנעס, איז איינגעבליקלעך פאַרשוואונדן, אָבער דאָס גע־זאַנג האָט זיך נאָך אַלץ געהערט, דאָס קלאָרע ליכטיקע געזאַנג. עס האָט זיך איצט געצייגן אַהער צו מר. קאָהענס אויערן, פונם צענטער שיף, פון דער מאַשין־אָפּטיילונג, פונם צישען, פון די בלאַנקענדיקע מעשענע שטאַנגען, פון דעם רייבן זיך אַרויף און אַראָפּ פון די צילינדערס, די בלאַנקענדיקע צילינדערס אין די שיידן פון דער שיפס ריזיקע מאָטאָרן.

— הייסט עס, די שיף גייט האָך, יאָ? פאַרוואָס־זשע איז אַזוי שטיל.

— ווייל אַלע שלאָפן.

— און ער, אפנים, מוז זיין ניט געזונט?...

— יאָ, טאַקע.

— ס׳שווימט אים אין קאָפּ, דעריבער הילכט זיך עס אים צו פאַרנעמען אָט דאָס געזאַנג?

— ער׳ט גיין זען, וואָס עס טוט זיך אויף דער שיף.

אַז ער האָט זיך אָבער אַנידערגעשטעלט מיט ביידע פיס אויפן דיל, האָט אים אין קאָפּ נאָך שטאַרקער אָנגעהויבן טומלען, צו וואַרפן און צו בּויטשען זיך, ווי דאָס אינעווייניקסטע פון זיין קאָפּ וואָלט געהאַלטן אין פונאַנדערפאַלן זיך. ס׳האָט אים נאָך שטאַרקער אָנגעהויבן צו נודיען אונטערן האַרצן. און די געדערים אינעווייניק האָט געריסן ווי מיט צוואַנגען.

דאָס איז, אפנים, געווען דער גרויסער מאָלצייט פון פאַר־שיידענע ים־שפּייזן, וואָס ער האָט אַריינגעפּאַקט אין זיך נעכטן פאַרנאַכט אין אַן ערשט־קלאַסיקן קאַבּאַרעט ערגעץ אויף דעם אַריסטאָקראַטישן לאָנג־ביטש. אָט יענע פראַנצייזיקע טאַקע האָט עס אים שפּעט אין דער נאַכט אַוועקגעפירט אַהין אין לימוזין, כדי ער זאָל זיך דאָרטן אָפּפרישן און אָננעמען זיך מיט נייע כוחות פאַרן ווייטערדיקן דעבּאָש.

נאָר איצט, ביים בלויזן געדאַנק וועגן די רויע אויסטערס,

וועגן די געפֿרעגלטע בקעללאָפּס*) און געזאָטענע קראַבן, וואָס ער האָט אַריינגעפּאַקט אין זיך נעכטן אינטערן קלאַפּן און בריאַזגען פֿון אַ דזשאַזבאַנד, צווישן די טויזנטער עלעקטרישע לייכטער, און אונטער דעם פּויקן און טויבן נאָכאַנאַנדיקן הילכן, — אַ דראָענדיקער, אײַנגעעקשנטער אַקאָמפּאַנימעט.. — פֿון די שווער־דונערנדיקע אָקעאַן־כוואַליעס — איז אים באַפֿאַלן פֿונם געדאַנק גופא וועגן דעם אַלעמען אַ שטאַרקער איבל און אַ ניט־גוטקייט... ער האָט געפֿילט, אַז ער מוז תיכּף ברעכן. האָט ער ווי עס איז אין דער פֿינצטער אַרויפֿגעצויגן אויף זיך די הויזן, האָט אָנגעטאַפּט די טיר־קליאַמקע און איז אַרויס אויפֿן דעק.

זיך שאַרנדיק אומבאַהאָלפֿן — אַן אומגעזעצער פֿליעק אונטער אַ טונקעלן הימל איבער אַ טונקעלן אָקעאַן — האָט ער זיך פֿאַרבײַגעשלעפּט אַרום די ווענט, האָט זיך דערשלעפּט ביז אַ לאַוואַטאָריע, וואו ער האָט אויסגעבראָכן ביז אַ ברעקל אַלץ, וואָס ער האָט פֿאַר די לעצטע צוויי טעג געגעסן. און אפֿשר נאָך מער, — אפֿשר האָט ער איצט אויסגעבראָכן בכלל אַלץ, וואָס ער האָט זיין לעבנסלאַנג געגעסן — אַזוי לאַנג און פּיינלעך האָט ער געבראָכן אין געקראַמפּט. אַז ער איז פֿון האָרטן אַרויס, איז ער געווען אַזוי אָפּגעשוואַכט, אַז ער האָט זיך קוים געקאָנט האַלטן אויף די פֿיס, האָט ער זיך אָנגעשפּאַרט אָנם באָרט.

און דאָ האָט אים מיט אַמאָל ווידער אַ שפּאַר געטאָן אונטערן האַרצן. האָט ער זיך געמוזט אָנבויגן איבערן פּאַרענטש. די ספּאַזמעס פֿון מייקענען האָבן אים אומבאַוואוסטערהייט נאָך טיפֿער איבערגעבויגן איבערן באָרט, אַלץ טיפֿער, און טיפֿער. פּאַמעלעך, פּאַמעלעך האָט ער זיך אָנגעהויבן וואָס מער אַריבערבויגן אויף יענער זייט שיף, גליטשנדיק זיך אַלץ אַריבער איבערן פּאַרענטש, אַלץ טיפֿער אין ים אַריין. זיינע פֿיס האָבן שוין געהאַט פֿאַרלאָזן דעם דעק פֿון שיף און הילפֿלאָז געהאַנגען אין דער לופֿט — — — נאָר דאָ האָט אים אַ האַנט פֿון הינטן אָנגעכאַפּט פֿאַר זיינעם אַ הענגענדיקן פֿוס, מיט כּוח אים צוריקגע־

*) אַ ים־באַשעפֿעניש פֿון דער אויסטערן־משפּחה.

שלעפט און אים באַלד איינגאַנצן אַרומגעכאַפּט אין די אָרעמס. און בערנאַרד קאָהען, אָנגעשפּאַרט אויף עפּעס ווייכס, האָט באַלד אָנגעוואָרן זיין באַוואוסטזיין.

אַז ער האָט נאָך אַ ווײלע — אַ ווײלע פון אומבאַשטימטער לענג, אַ ווײלע פון טויטער שטילקייט און שטילער טויטקייט — אַז ער האָט נאָך אָט דער ווײלע אויפגעעפנט די אויגן, האָט אויף אים אַ פלייץ געטאָן אַ סך ליכט.

אַ פלייץ געטאָן מיטאַמאָל, ווי פון אַ פלוילונג אָפּגעדרייטן קראַן פון רייזיקע טונען—פון טונען מיט שפּעס, שפּעס גאַנצע ליכטיקייט.

ער האָט זיך דערפילט אין אַ ווייכן פאָטעל־שטול. ער האָט זיך שוואַך אַרומגעקוקט און האָט דערקענט: דאָס איז דער באַל־צימער פון דער שיף.

אין לעבן אים איז געשטאַנען אַ נעגער, מיט אַ שנייווייסן נאָז־טיכל אָדער סערוועטל אין האַנט און האָט אים אַרומגעווישט דעם אויסגעבראָכענעם מיסט, וואָס אַרום מויל און האַלז. ער האָט אים פונאַנדערגעשפּילעט דעם קאָלנער.

איצט איז אים געוואָרן גרינגער. נאָר ס'איז אים געווען קאַלט, און ס'האָט אים געטרייסלט. דער נעגער האָט אים פון ערגעץ געבראַכט און אים אַרומגעוויקלט מיט אַ וואַרעמער קאָלדרע. דער נעגער האָט אים פון ערגעץ געבראַכט און אים אין מויל אַריינגעגאָסן אַ גלעזל בראָנפן. מר. קאָהען האָט עפּעס געוואָלט אים זאָגן, האָט, דוכט זיך, אָנגעשטרענגט געשאָקלט מיט די ליפּן, נאָר ס'איז ביי אים גאָרנישט אַרויסגעקומען. האָט ער געוואָלט אויפשטיין פון שטול — נאָר ניט געקאָנט: דער גוף האָט גישט געפאָלגט דעם ווילן. מיט אויגן, בלויז אויף דער העלפט אָפענע, האָט ער דערמאָלט שוואַך אָנגעהויבן זיך אַרומקוקן אַרום זיך.

אַרום דער פּיאַנע איז געשטאַנען אַ געזעמל שוואַרצע ברוין־הויטיקע, שאָקאָלאַד־הויטיקע און קאַקאַאָ־הויטיקע נעגערס. דאָרט זיינען געווען פּנימער מיט אַלערליי שאַטירונגען צווישן שוואַרץ און ווייס. נאָר אַזוי־ווי אויף די פּנימער זיינען ביי זיי געווען די

זעלבע גראָבע, מגושמדיקע שטריכן, די זעלבע צוגעפּלעטשטע נאָז און פּלייטיקע, פאַרקאַשערטע ליפּן, האָט עס געמאַכט דעם איינדרוק, ווי אָט די אַלע באַשעפענישן זיינען געקנאָטן געוואָרן פון איין טייג. נאָר דאָס שטיקל טייג, פון וועלכן יעדער איינער פון זיי באַזונדער איז אויסגעפורעמט געוואָרן, איז פאַרמישט געוואָרן מיט אַ באַזונדער פליסיקייט. אָט אַזוי: עס זיינען געשטאַנען אויסגעשטעלט אַ ריי גלעזלעך מיט פליסיקייטן און יעדע ביסל פליסיקייט, וואָס אין יעדן גלאָז, האָט זיך אָפּגעטיילט פון דעם ביסל פליסיקייט, וואָס אין צווייטן גלאָז, ווי ווען דאָס ערשטע וואָלט באַשטאַנען פון דורכאויס שוואַרצע קאַווע, און אין די איבעריקע גלעזלעך איז שוין אַריינגעגאָסן געוואָרן מילך. אין דאָס הייסט אַ גלעזל איז געשטאַנען פון דער ערשטער גלאָז מיט די גאָר שוואַרצע קאַווע, — אַלץ מער מילך איז אַהין אַריינגעגאָסן געוואָרן, אַלץ ליכטיקער איז די פליסיקייט געוואָרן.

גאָר נאָענט צו דער פּיאַנע, אויף בענקעלעך, וואָס זיינען, ווייזט אויס, אָקאָרשט ניט לאַנג צוריק צוגערוקט געוואָרן, זיינען געזעסן שפּילער: עטלעכע העכסט-פאַרפּוצטע נעגערס, מיט גלאַנציקע, כמעט ווי צו ריינע קאָלנערס, אין ספּאָרטיש-נעטע אָנצוגן און מיט שעוועליורעס אַרומגעשאָרענע בראַו און וואַזילינעריש, און אויפן גרויס-שטאָטישן אופן. זיי האָבן זיך געהאַלטן זייער שטייף אין סטאַטעטשנע, די האָדיקע מוזיקאַנטן, האָבן מיט אַ קינסטלערישער פּאַטיפּטקייט און וויכטיקייט געשפּילט אויף זייערע אינסטרומענטן — מאַנדאָלינע און מאַנדאָלע, גיטאַרע און באַנדזשאָ, יוקולילי און האַוואַיער גיטאַרע, — די סאַמע לעצטע אין נייסטע „רעגס"*).

אַרום און אַרום זיי, ווי אַרום אַ צענטער, אַרויסשטראַלנדיק פונם געדיכטן שטייפן קערן אינם קרייז, אין זיך קלעפּנדיק צו אים, — האָבן זיך געשטויסן און געשטופּט די שוואַרצע באַדינער פון דער שיף. שווערע, אומגעלומפּערטע פיגורן זיינען געקראָכן קאָפּ איבער קאָפּ, אַרויפגעלייגט קאָפּ אויף אַקסל, ברוסט אויף

*) דזשאז-מאָטיוון.

היקן. און זיי האָבן אויסגעזען, ווי אַ כמאַ׳ע צונויפגעטריבענע,
גלאַנציקע פערד, וואָס קריכן אַזוי איינע איף די אַנדערע אין אַ
צונויפגעפּלאָנטערטער קופּע.

זיי זיינען, אַפּנים, אַלע אָקאָרשט פאַרטיק געוואָרן מיט זייער אַרבעט: ווער אין שיף־קיך, ווער אינם בופעט, ווער אין די אָפּטריט־צימערן, אין די באָד־צימערן, אונטן אין די שיף־לעכער, ביי דעם גרויסן פייערדיקן אויוון, און בכלל — אין די אַלע שפּאַלטן, לעכער און געדערים פון דער שיף, וואו זיי פלעגן אין דער גאַנצער צייט פון זייער נסיעה אויפן ים אַרומפּויזען און אַרומקריכן.

אַ גאַנצן טאָג און אַ גאַנצן אָוונט האָט מען אין דעם פּרעכטיקן שפּייז־סאַלאָן, וואָס איז געווען פּונקט אַזוי העל־לעך, ווי דער שפּייז־סאַלאָן אין אַן ערשטקלאַסיקן האָטעל איף דער יבשה — אַ סאַלאָן אַ הויכער, אין דער הויך פון צוויי דעקן, מיט צוויי רייען פענסטער איינע איבער די אַנדערע, וואו ס׳האָט פונדעסטוועגן אַ גאַנצן טאָג געברענט די עלעקטריע און מען האָט זיך דאָרט דעריבער געפילט, ווי אין אַ טעאַטער, בשעת אַ ביטאָגיקער־פאָרשטעלונג — אַ גאַנצן טאָג און אַ גאַנצן אָוונט, און אויך אַ היפּשן טייל פון דער נאַכט, האָט מען דאָרטן געהאַלטן אין איין עסן, אין איין טרינקען און אין איין טאַנצן. און ערשט העט־ווייט נאָך האַלבער נאַכט, איז מען זיך צעגאַנגען איבער די קאַיוטעס שלאָפן. און דורך אָט דער גאַנצער צייט, וואָס מע האָט אויזן געזופט און געשיכורט, און לוסטיק פאַרבראַכט ביי די רייכע, שווער־באַלאָדענע טישן, און אויך דערנאָך בשעת די טענץ, — דורך אָט דער גאַנצער צייט האָבן די שוואַרצע באַדנער און קנעכט אין שקלאַפן פון דער שיף, — אַרומפּויזענדיק און אַרומקריכנדיק אין אירע געדערים, ווי ווערים אונטער דער ערד־איבערפלאַך, אין די געדערים פון דער ערד איבער וועלכער עס גייען אַרום מענטשן, — אָפּגעטאָן די גאַנצע אַרבעט. נאָר קיינער פון די ווייסע פּריצים אין דער הייך האָט זיי ניט נאָר ניט באַמערקט, נאָר אויך בכלל ניט אַ קלער געטאָן וועגן דער עקזיסטענץ אַפילו פון אָט די

טונקעלע, שוואַרצע, פאַרשטויבענע, אונטערערדישע גנאָמען*) מיט די בליצנדיקע, פינקלענדיקע פייער־אייגן.

און איצט, אין דער שפּעטער נאַכט, זיינען זיי פון אומעטום, פון אַלע ווינקלעך און שפּאַלטן איילנדיק אַרויסגעקראָכן. ניט אַלע פון זיי האָבן זיך נאָך באַוויזן איבערצוטאָן, — זיי זיינען אַלע אַרויסגעלאָפן פּלוצלונג, ווי צעפּלאָשעטע און באַאומרויִקטע שדים פון זייערע לעכער און שפּאַלטן, צוגעצויגענע דורך דער פישוך־מוזיק, וועלכע דער באַליבטער פּיאַנע־שפּילער פון דער שיף האָט אָנגעצונדן, און וועלכע האָט געהאַלטן איצט, יעדע מינוט, אין רעכטן פונאַנדערפלאַקערן זיך. די קוך־אַרבעטער האָבן נאָך געהאַט אויף זיך די ווייסע קוכערישע היטעלעך און פאַרטעכער, די אַלטע בכבודיקע „סטוּאַרדס“**) — די בלויע זשאַקעטלעך מיט די קלינגענדיקע בינטלעך שליסלען ביי דער זייט. די קוילנשאַרער און די הייצער פון דער מאַשינען־אָפּטיילונג אינם בויך פון דער שיף האָבן נאָך געהאַט אויף זיך זייערע קייטיקע, שוואַרצע „אָווערא̈לס“ און „דענימס“, אָדער גאָר די צעריסענע און צעטראָטענע קאַרטאָפל־זעק, וועלכע זיי פלעגן געברויכן, ווי פאַרטעכער אָדער ווי גרויסע קאַפּושאָנען איבער זייערע געקרייזלטע, קודלעוואַטע קעפּ. און אַלע, אַלע האָבן זיך געשטויסן און געטאָפּעט שווער איינע אַרום די אַנדערע, האָבן געפּלישטשעט מיט די קאַלטע, ווייסע ציין זייערע, האָבן התלהבותדיק געקייקלט די קייטיקע, רויטלעכע, ווי בלוט־פאַרגאָסענע אויגן־ווייסלעך זייערע, און אומגעלומפּערט זיך איבערגעוואָרפן פון איין פוס אויפן אַנדערן, ווי אַ סטאַדע העלפאַנטן. און אַלע האָבן געשריען, געטומלט און ווילד געלאַכט.

מר. בערנאַרד קאָהענען איז געוואָרן שטאַרק אומהיימלעך פון דעם דאָזיקן ביינאַכטיקן שוואַרצן געלעכטער. אַפילו דאָס שווערע, טונקעלע מאַהאָגאַני־מעבל האָט, דוכט זיך, אויך שוואַרץ און ווידערשפּענסטיק געלאַכט און געפּלישטשעט, — ווילד און פאַר־

*) גנאָם — אַזאַ מין מיטאָלאָגישע (פאַנטאַסטישע) באַשעפעניש.

**) סטיוארד — קאַיוטע־אויפזעער.

שיסורט געלאַכט און געבלישטשעט. אַפילו דער גרויסער, מיט
זיין שוואַרצן עמאַל גלאַנציקער ראָיאַל, האָט אויך אויסגעזען, ווי
אַ ברייט=פלאַטשיקער און האָרבאַטער נעגער, וועלכער האָט גע=
לאַכט מיט אַ לאַנגער ריי ווייס=אויסגעשטשירעטע ציינער — די
קלאַווישן.
אַלץ אין אַלע, אַלץ און אַלע האָבן געלאַכט, געלאַכט,
געלאַכט.

עס האָט שוין געמוזט איצט זיין זייער שפּעט נאָך האַלבער
נאַכט. מסתמא אַרום 3—4 אַ זייגער. די פּאַסאַזשירן זיינען נאָך
מיט אַ שעה=צוויי צוריק געגאַנגען שלאָפן. מידע און אויסגעמאַטער=
טע פונם באַל, וואָס האָט זיך פאַרצויגן ביז נאָך האַלבער נאַכט,
זיינען זיי באַלד פאַרזונקען אין אַ טויט=שלאָף.
אַז די פּאַסאַזשירן, — אויסגעפּוצטע אין פּעסט=איינגעשנורע=
וועטע אין פראַקן און צילינדערס, אין שורשענדיקע זיידענע קליי=
דער, וואָס האָבן אַנטבלייזט פאַרוועלקטע און געדיכט באַפּודערטע
אָרעמס, ברוסטן און נאַקעטע פּלייצעס, — האָבן זיך אָפּגעטראָגן
פונם באַל=צימער, איז האָט געבליבן אַ שטילע ליכטיקייט פון די
פילע, שימערירנדיקע לוסטרעס און וואַנט=לאָמפּן, פון די פילע
הענגלעך עלעקטרישע לעמפּלעך, ווי פייערדיקע וויינטרויבן. ביז אַ
אַ זייגער צוויי ביינאַכט איז דער אָקעאַן געווען שטיל, און די טאַנצנ=
דיקע אינם באַל=סאַלאָן האָבן גאָר פאַרגעסן, אַז זיי זיינען איצט אויפן
אָקעאַן, ערגעץ אין אומבאַשטימטע און אומהיימלעכע וואַסערדיקע
מדבריות, און ניט אין אַ גרויס=שטאָטישן טאַנץ=גאָרטן. נאָר איצט,
אין דער שטילער, ליידיקער ליכטיקייט נאָך זייער אַוועקגיין, האָט
זיך ערשט אָנגעהויבן הערן דאָס געמורמל און רוישן פונם ים
אויף יענער זייט שיף=וואַנט.
דער אָקעאַן האָט איצט אָנגעהויבן צו ריידן צו דער שיף,
דער איינזאַמער שיף מיט די שלאָפנדיקע מענטשן אינמיטן די
גרויסע אָקעאַן=וואַסערן.
נאָר פאַרנעמען האָט איצט געקאָנט דאָס רוישן פונם ים
בלויז דער יונגער, נעגערישער בחור, דער אָנגעשטעלטער פּיאַ=

נע-אַקאָמפּאַניסט פֿון דער שיף, וועלכער איז נאָך ניט געגאַנגען שלאָפֿן. אָבער ער איז געווען צו דעם גלייכגילטיק. ער איז שוין לאַנג צוגעוואוינט געוואָרן צום דאָזיקן ים-רוישן, ווייל שוין פֿון לאַנג, אַז ער פֿאָרט מיט דער שיף הין און צוריק, הין און צוריק אויף איר יעדע רייזע. איז ער געבליבן זיצן אַזוי אויף זיין אַרויסגעדרייטן פּיאַנע-שטול, אָנגעשפּאַרט אָן די קלאַווישן, האָט ער אין דער שטילער ליכטיקייט געטראַכט:

אַ גאַנצן אָוונט איז דאָך זיין בלוט געווען אַזוי אויפֿגערעגט, אַזוי קאָכעדיק, אַז ער האָט זיך פֿאַר זיך זעלבסט שטאַרק געשראָקן, ער זאָל נאָך די נאָענטסטע מינוט ניט אויפֿשטיין, אַ זעץ טאָן מיט שנאַהדיקן כּוח אויף דער פּיאַנע און לאָזן אַזוי די איבערגעשראָקענע, בלייכע, ווייסע פֿאָרלעך מיט פֿאַרגליווערטע פּאָזעס, אינמיטן טאַנצן, — אָט ווי בלייכע טויטע מאַנעקענס... ער האָט עס אי געוואָלט טאָן, אי זיך מיט כּוח אָפּגעהאַלטן דערפֿון. און סוף-כּל-סוף האָט ער עס טאַקע ניט געטאָן, — עס האָט אים ניט געקלעקט דערויף קיין מוט...

און איצט איז ער געזעסן אין דער שטילער, לייד קער ליכטיקייט אינם פּוסטן סאַלאָן — אַ מידער, אַן אויסגעוועבטער, מיט אַ שטילן פֿאַרדרוס, מיט אַ באַהאַלטענעם פֿיין קעגן עמעצן — קעגן זיך אַליין. ער האָט ניט געהאַט קיין מוט.

ער האָט פֿאַסירט אָט וואָס:

היינטן אָוונט, בשעתן שפּילן, האָט ער איינצקע מאָל באַמערקט, ווי פֿאַרהויקטע אין אַ ווינקל זיינען געזעסן שווייגנדיק אַ גרופּע זיינע ברידער — סטודענטן פֿון אַ באַקאַנטן אַמעריקאַנישן נעגערשן קאָלעדזש*). דאָס זיינען געווען מיטגלידער פֿון אַ באַרימטן „גלי-קלאָב“**) פֿון אָט יענעם נעגערשן אוניווערסיטעט, וואָס איז באַרימט מיט זיין „גלי-קלאָב“ איבערן גאַנצן לאַנד, און דערהויפּט צווישן דער נעגערשער יוגנט. איצט האָבן זיי זיך אומגעקערט צו זיך אַהיים, אין אייגענעם קאָלעדזש אַריין, פֿון אַ דער-

*) קאָלעדזש — הויכשול.

**) גלי-קלאָב — געזאַנג-קלוב.

פֿאָלגרייכן קאָנצערט־טור איבער די אוניווערסיטעטן פֿון די מזרח־שטאַטן. אויסער דעם, זיינען זיי אין ניו־יאָרק אַרויסגעטראָטן אין אַ קאָנצערט אין דעם קאַרנעגיע־האָל, און זיינען געווען אַ שטיק צייט דער שטאָלץ און דער צענטער פֿון אַלע געשפּרעכן פֿון דער „קליי־נער אַפֿריקע“, — דעם קוואַרטאַל פֿון די נעגערס אין ניו־יאָרק.

דאָס אַלץ האָט דער פּיאַנע־שפּילער פֿון דער שיף געוואוסט פֿון די צייטונגען. זייערע בילדער האָט ער אויך געוואוסט פֿון די פֿאָטאָגראַפֿיעס, וואָס זיינען פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן אין די אילו־סטרירטע צייטונגען. ער האָט זיי גלייך דערקאָנט. ער איז אַמאָל אויך געווען אַ סטודענט, נאָר אין אַ אוניווערסיטעט אין די צפֿון־שטאַטן, צווישן ווייסע. אין דעם „גלי־קלאַב“ פֿון דעם דאָרטיקן אוניווערסיטעט האָבן אים די ווייסע סטודענטן ניט אַריינגעלאָזט, כאָטש ער האָט נאָך דעמאָלט געהאַט אַזעלכע מוזיקאַלישע פֿעי־קייטן און אַ פֿיינע טענאָר־שטים. און סיי צוליב פֿאַרדרוס, און סיי צוליב זיין יאָגעניש נאָך זעלבשטענדיקייט און געלט, האָט ער דעמאָלט געוואָרפֿן זיין קורס אין מיטן.

און איצט, ווען ער האָט צופֿעליק אָנגעטראָפֿן אויף דער שיף אָט די, וועלכע עס איז אים געפֿעלן צו באַטראַכטן, ווי זיינע אַמאָליקע חברים — דאָך אויך אַ סטודענט געווען!... — האָט ער זיך געפֿילט דערשלאָגן, נידעריקער פֿון זיי, און אויף זיך האָט ער געקוקט, ווי אויף אַ דורכפֿאַל. כאָטש ער האָט נאָך ניט געהאַט אַרויסגערעדט קיין וואָרט מיט זיי, האָט ער שוין געפֿילט אַ שטילן דרך־ארץ צו זיי, אַ פֿאַרלאַנג זיי צו באַדינען, באַ־ערן מיט עפּעס. יענעם אָוונט האָט ער באַזונדערס גוט געשפּילט. אָט די גרופּע יונגע נעגערישע סטודענטן, וואָס איז געווען אין אַ ווינקל פֿאַרדריקט, זיינען עס געווען זיין איינגנטלעכע אוידיטאָריע יענעם אָוונט. זיי — און קיינער אַנדערער ניט.

נאָר צווישן איין טאַנץ און דעם צווייטן, דורך דעם גאַנצן אָוונט, האָט ער מיט ווייטאָג און פֿון דער זייט צוגעקוקט, ווי עס זיינען געזעסן זיינע חברים, פֿאַרדריקטע אין אַ ווינקל — פֿאַרשטיי־סענע, אָפּגעזונדערטע, שווייגנדיקע, פֿאַרשעמטע. מיט קנאה האָבן זיי צוגעקוקט, באַטראַכט די יונגע און אַלטע פּאָרלעך ווייסע, וועל־

כע האָבן געשוועבט איבערן געוועקסטן דיל פֿונם טאַנץ־סאַלאָן. מיט זייערע שלאַנקע, פֿרישע, שטייף־אָנגעצייגענע גלידער, האָבן די יונגע נעגערס זיך געריסן צו פֿאַראייניקן זיך מיט די טאַנצנדיקע פּאָרלעך. עס האָט זיי געהייבן פֿון די ערטער, עס האָט זיי געריסן אין דער הייך — צו־שטייף צונויפֿגעדריקטע ספּרונזשינעס פֿון שוואַרצן שטאָל... וואָס, וואָס — אין שפּילן, אין זינגען און אין טאַנצן האָבן זיי זיך זיכער ניט געפֿילט נידעריקער פֿון די ווייסע — אייב ניט נאָך העכער.

די רייכע, טאַנצנדיקע פּאָרלעך האָבן אָט דעם נעגערישן דראַנג און חשק זיך אין טאַנץ אַריינוואַרפֿן באַמערקט. די העזה פֿון די שוואַרצע האָט זיי שטאַרק פֿאַרדראָסן. די פּאַסאַזשירן, וואָס זיינען געווען מערסטנטיילס סוחרים אָדער סתם אַריסטאָקראַטישע ליידיקגייער פֿון די דרום־שטאַטן, האָט שטאַרק פֿאַרדראָסן דער בלויזער פֿאַרלאַנג פֿון די שוואַרצע. יאָ, דאָס איז נאָר אין צפֿון, — אָט אין אַזאַ בכלדיקער „ניטאַמעריקאַנישער" שטאָט, ווי ניו־יאָרק, קאָנען זיך עס שטינקענדיקע נעגערס דערלויבן אַזוינס אין דער אָנוועזנהייט פֿון ווייסע „דזשענטלמענס". אַך... אַך...

אָבער זיי האָבן זיך סוף־כל־סוף באַרויִקט. זיי זיינען געווען זיכער, אַז די שיף־קאָמפּאַניע וועט סיי־ווי אַזאַ סקאַנדאַל ניט דערלאָזן: זי וועט אָנווערן דעם פּאַטראָנאַזש פֿון אַזויפֿיל ערשט־קלאַסיקע פּאַסאַזשירן... זיי האָבן געשיקט אין יענעם ווינקל, וואו די נעגערס זיינען געזעסן, מלכותדיק־שטאָלצע, פֿאַראַכטלעכע, צימענדיק־הערשערישע בליקן. און אָט די הערשערישע בליקן האָבן יענע הכנעהדיקע שקלאַפֿן געשטויסן צוריק, צוריק, צוריק — און זיי די גאַנצע צייט געהאַלטן פֿאַרשטופּט אין ווינקל.

און יענע האָבן רויִק ווייטער געטאַנצט... נאָר די יונגע שוואַרצע סטודענטן — ווי יונגע אַפֿריקאַנישע קריגס־לייט אין געפֿעגעניש — האָבן קוים געהאַט כוח אײַנצוהאַלטן זייערע פּרוזשינע־גופֿים פֿאַרשטיקט אין אָט יענער זייט ווינקל.

אַז אַלע פּאָרלעך זיינען שוין געווען אין זייערע קאַבינעס און האָבן פֿעסט צוגעשלאָסן די טירן הינטער זיך, האָט אַ ווײַלע געהערשט אַ שטילקייט.

עס איז געווען אַ שטילקייט פֿון באַפֿרייונג, פֿון אָפּגעריייניקטקייט... עס איז אַוועקגענומען געוואָרן די לאַסט פֿון שטיל-בכבודיקן, שטאָלץ-אײַנגעהאַלטענעם טומל. דער שווערער דרוק, די קאַלטקייט פֿון די פֿונאויבנאַראָפּיקע בליקן זײַנען דערווײַטערט געוואָרן. די קופּקע נעגערס אינם ווינקל האָט אָפּגעאָטעמט ברייטער, די ברוסטן האָבן זיך העכער געהויבן, די אויגן האָבן געקוקט פֿרייער, פֿרייער, פֿרייער — און ברענענדיקער...

אַ ווײַלע אַזוי איז דער חלל פֿונם זאַל-צימער געווען שטיל, ליכטיק, אָפּגעראַמט. די איבערגעבליבענע אין זאַל האָבן זיך אינגאַנצן איבערגעגעבן דעם אינעווייניקסטן און פֿאַרשיכּורנדיקן הענוג פֿון באַפֿרייונג. עמעצנס אַן אומגעזעענע האַנט האָט פֿון ערגעץ פֿאַרדרייט אייניקע פֿון די גרעסערע לייכטער און לוסטערס. עס איז געוואָרן טונקל אין זאַל, אָנגענעמער.

ניט דער פּיאַנע-שפּילער איז דער ערשטער צוגעגאַנגען צום קופּעלע נעגערישע סטודענטן, און ניט זיי זײַנען געווען די ערשטע צו אָנהייבן ריידן, צו פֿרעגן עפּעס. נאָר שטילע פֿעדים האָבן זיך געצויגן אין דער שווײַגנדיקער האַלבליכטיקייט פֿונם זאַל און זיי צוגעצויגן איינעם צום אַנדערן.

אין שפּעטער, אין אַ קלײנער ווײַלע אַרום, האָט די גרופּע שוואַרצע סטודענטן שוין אַרומגערינגלט די פּיאַנע. זיי האָבן אַרויסגענומען פֿון די שיידן זייערע פֿאַרשיידענע סטרונע-אינסטרומענטן, זיי אָנגעשטימט ציטערדיק, שטיל. און באַלד האָבן אָנגעהויבן די סטרונעס פֿון מאַנדאָלינעס און באַנדזשאָס אויסקלינגען אַלטע, וויינענדיקע, נעגערישע פּלאַנטאַציע-מעלאָדיעס. שטיל, אומזיכער, אײַנגעהאַלטן-ברומענדיק, ווי דאָס זשומען פֿון בינען אין אַ זומער-באַגינען.

זיי האָבן מורא געהאַט איבערוועקן די פּאַסאַזשירן.

דער אַלטער הויפּט-סטיואַרד איז דורכגעגאַנגען די שיף, באַקוקן זי דאָס לעצטע מאָל פֿאַרן שלאָפֿנגיין. אַז ער האָט דערהערט דאָס שפּילן, איז ער געבליבן שטיין גאַפֿנדיק. דער פּיאַנע-שפּילער איז שנעל איבערגעשטאַנען פֿון זײַן אָרט און אים דערקלערט, ווער די דאָזיקע שפּילער זײַנען. דער הויפּט-סטיואַרד

איז געווען אַ מולאַט*), האָט זיך באַצויגן צו די שוואַרצע באַדי-
נער פֿון דער שיף עהגער, ווי אַ ווייסער. בכלל האָט ער זיך באַ-
טראַכט, ווי איינער פֿון דער ווייסער ראַסע, און האָט זיי,
די באַדינער, תמיד, בײַ דער ערשטער געלעגנהייט געזידלט מיטן
נאָמען „ניגערס“. די ווייסע, העכערע באַאַמטע פֿון דער שיף האָבן
אים אָבער באַטראַכט פֿאַר אַ ניגער און אים געהאַלטן ווייט פֿון
זיך. איז ווען ער האָט דערהערט, ווער אָט די דאָזיקע יונגעלײַט
זיינען, האָט אים אַרומגעכאַפּט אַ שטאָלץ־געפֿיל, וואָס ער קאָן פּאַ-
טראָניזירן די מיטגלידער פֿונם באַרימטן „גלי־קלאַב“, פֿון וועלכע
אַפֿילו ווייסע ריידן אַזאַ סך. זיי זיינען געווען טאַקע אָרעמע,
ווייטע, גאָר ווייטע קרובים, ווען עס איז אָבער געלונגען
צו פֿאַרנעמען אַן אָנגעזעען אָרט אין לעבן... דער הויפּט-
סטיואַרד האָט זיך געפֿילט, ווי אַ רייכער, ערגעץ פֿון דער הויך
אַראָפּגעקומענער קרוב, וועלכער איז זיכער בײַ זיך, אַז מע וועט
וויסן, ווי אָפּצושאַצן זיין לאַסקע.

האָט ער אַרויסגעברומט אַ האַלבע הסכמה. האָט אָבער דער-
בײַ אַרויסגעלייגט אַ וואָרנענדיקן פֿינגער צו דער נאָז. ס'האָט גע-
הייסן:

— איטס אָלרייט... נאָ עהעד פֿעלערס, באָט קוויעט...**).

ער איז דאָ געבליבן שטיין אייגנטלעך „אויף איין מינוט“,
נאָר מער האָט ער זיך שוין ניט געקאָנט אָפּרייסן פֿון זיין אָרט.
און גאָר אינגיכן האָט ער שוין געהאַט אַזאַ געפֿיל, ווי ער וואָלט,
היינט זיך, זיין גאַנץ לעבן געהאַט אָפּגעלעבט אין אַ טעות....
דערווייטערט פֿון זיינע אייגענע... עפּעס אין אים האָט אָנגעהויבן
וואַרעם ווערן, זיך שמעלצן, אַרויסשטייגן פֿון די טיפֿענישן... ס'האָט
ענגער געמאַכט אין האַלדז, אָבער פֿרייער, לייזער געמאַכט אין
דער ברוסט. טרערן פֿון ליבשאַפֿט און חרטה האָבן זיך אים גע-
שטעלט אין די אויגן. ער איז געווען איין טריט ווייט דערפֿון, אַז
ער זאָל זיך אַרויסוואַרפֿן און אויסקושן יעדן אבר בײַ די יונגע,

---

*) א געמיש פונאוו ייסן מיט א נעגער.

**) עס מאכט ניט... זעצט פאר, חברה, אָבער שטילער.

אויסגעפּוצטע, שוואַרצע בחורימלעך, וואָס מיט די קאָלירטע זײַדענע נאָזטיכלעך אין די אייבערשטע קעשענעס פון זייערע רעקלעך, און אין די ווייסע זײַדענע זאָקן.

אין דאָס שפּילן האָט זיך וואָס אַמאָל אַלץ מער געשטאַרקט, איז געוואָרן אַלץ העכער און העכער. אַז די שיך־באַדינער האָבן דערזען, ווי דער הויפּט־סטואַרד שטייט אויך דאָ, זײַנען זיי נאָך זיכערער געוואָרן בײַ זיך. די קאָפּקע איז וואָס אַמאָל אַלץ אויפגעשוואָלענער געוואָרן. דער קרייז איז וואָס אַמאָל אַלץ גרעסער געוואָרן. צוליב די זיך־צונויפזאַמלענדיקע געסט, האָבן די באַנדזשאַס, די גיטאַרעס און די יוקוליילעס אַרויסגעקלימפּערט פּאָפּולערע לידער. „רעג־טײַמס"... הפקרדיק, ווילד, דזשאַזיש האָבן זיך אַרויסגעריסן פון די קלאַווישן די אומצייטיקע, זינדיקע, זעגנדיקע, רעגנדיקע, צעטרייסלענדיקע טענער. אין דעמאָלט און דאָ, אויף די זוימען, דרויסן פונ'ם קרייז, איז געבוירן געוואָרן דער טאַנץ, — געבאָרן געוואָרן פון דער געדיכט־אויפשוימענדיקער מוזיק...

איבער די רײַכע טעפּיכער האָבן זיך געוואָרפן און געהוידעט אויף זייערע שוועלע, קלאָציקע פיס די אײַזנהייצער, אין די קוימיקע און קויל־אויסגעשמירטע „אָוועראָלס", און די צעריבענע זעק אויף די קעפּ. אין די געוועב־לעכעלעך פון די זעק האָבן נאָך געשטעקט שטיקלעך, ברעקלעך אַנטראַציט, און געלויכטן און געשעמערירט האָבן די גרײַפּלעך קוילן קעגן די עלעקטרישע פײַערן, ווי די טײַערע שטיינער אָניקס און אַגאַט.

דער קליינער, אימפּראָוויזירטער אָרקעסטער האָט אויפגעשפּילט די האַרדאַנעלאַ. מיט יעדן אבר, מיט די בליצנדיקע אויגנ־ווײַסלעך, מיט די שטאַרקע וואָרצלאַרטיקע העלפאַנט־ציין, האָבן די פּאַרזאַמלטע זיך געריסן איינער איבער אַנדערן, איינער צום אַנדערן, געלאַכט, געטאָפּעט זיך איינציקווייז איז אין אָרט, איבערגעקײַקלט זיך אויפן דיל, אָדער אומגעוואָרפן געוואָרן פון דער איבעריקער מאַסע, איבערגעשטאַנען און ווידער געטאַנצט. ווי גרויסע טראָפּישע אָראַנג־אוטאַנגען און גאָרילעס האָבן געטאַנצט פאָקס־טראָט מאַנסביל מיט מאַנסביל, מאַנסביל מיט מאַנסביל. איי־

נער אַ שוואַרצער טיוול איז אַרונטערגעלאָפֿן אין דער מאַשין־אָפּטיילונג, האָט אַרויסגעבראַכט אַ לאַנגע קאָטשערע. באַלאַנסירנדיק דערמיט אין בײדע הענט, ווי אַ דראָטגײער זײַן באַלאַנס־שטעקן, אַרײַנשטעקנדיק די בויך פֿאָראויס, נאָכמאַכנדיק אַלערלײ געשלעכטלעכע באַוועגונגען, האָט ער אָנגעהויבן טאַנצן אַ קעק־אואָק וויזאַווי אַ נעגער אַזאַ ברײטן, מיט אַזאַ גרויסן, אַרויסטאַרטשענדיקן בײַך, ווי בײַ אַ קלײנשטעטלדיקער עלטערער ײדענע, וואָס האָט געהאַלטן אין קינדלען אין צענדליק יאָר נאָכן אַנדערן. קײנער פֿון זײ, ניט ווייסנדיק, ניט פֿאַרשטײענדיק, ניט טראַכטנדיק וועגן דעם, וואָס דאָ קומט פֿאָר — האָבן זיך אַלע געטאָפּטשעט און געשטויסן, זיך צעלײגט איבער די דיוואַנען, איבער די ווייכע שטולן, אויף די כאָפּעס.

נאָך העכער, נאָך הפֿקרדיקער האָבן געשפּילט די שפּילער.

עס האָט זיך געדוכט: סאַמע דער גרויסער אָקעאַנט האָט זיך אין זײַן גאַנג אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט און זיך אײַנגעהערט צו דעם, וואָס דאָ קומט פֿאָר. און באַלד האָט אויך דער אָקעאַנט זיך אָנגעהויבן וואַרפֿן פֿון זײַט צו זײַט, קאַטשענדיק זיך פֿון געלעכטער.

אין די ווײַטיקע דורכגאַנגען, אויף די אויבערשטע דעקן, וואָס האָבן אַרומגערינגלט דעם טאַנץ־סאַלאָן ווי באַלקאָנען, האָט זיך געעפֿנט אַ טיר פֿון איין קאַבינעט, פֿון אַ צווייטן. דערשראָקענע פֿאַרשלאָפֿענע פּאַסאַזשירן, מיט בײַנאַכטיק־צעשויבערטע האָר. די מענער אין פּידזשאַמאַס, די פֿרויען אין נאַכט־הײַבלעך און אין לאַנגע שלאָף־העמדער, האָבן זיך אָנגעהויבן אײנציקווײַז אַרויסרוקן פֿון די טירן. מיט פֿונאַנדערגעשרויפֿטע מײַלער זײַנען זײ געבליבן שטײן און אָנגעקוקט דאָס, וואָס עס איז פֿאָרגעקומען פֿאַר זײערע אויגן.

דער איבזען פֿון דער הוליענדיקער חברה אונטן, פֿון דער מיטנאַכטיקער שמחה, האָט זײ כּהרף־עין איבערגעשוכעט. די ווײַסע, קיבערישע קעפּקעס אויף די שוואַרצע, געקרײַזלטע קעפּ; די זעק אין קילן איבערגעשמירטע; די הויטלעכע ווײַסלעך, וועלכע

האָבן זיך געקאָליערט אָפּשרעקנדיק אינס עלעקטרישן ליכט; די צע-
וואָרפענע און פונאַנדערגעשפּרייטע שוואַרצע פיגורן אויף די טעפּי-
כער, און די לענשטולן, אויפן דיל — דאָס אַלץ האָט זיי אויס-
געזען, ווי אַ שפּעט-נאַכטיקע סעודה פון שדים, פון ים-פאַרזע-
עניש, וואָס האָבן זיך אַרויסגעגנבעט פון די ים-אָפּגרונטן אַהער
אין שיף און באַהערשט זי, ווען די פּאַסאַזשירן זיינען געשלאָפן.
געוואָלט האָבן זיי, מיט שרעק און גרויל, זיך תיכף אָפּטראָגן
אין זייערע קאַבינעס אַריין. נאָר זיך אַליין אויף צו להכעיס, האָט זיי
געמאַניעט די מוזיק, געצויגן און געשלעפּט זיי אַרויס און אַרויס.
זיי זיינען דעריבער אָדער געבליבן שטיין צוגעשמידטע צו זיי-
ערע ערטער, אָדער האָבן זיך אָנפּוחדיק אַריינגעוואָרפן אין די נאָ-
ענטסטע, ווייכע פּאָטעלן, וואָס אויף דעם באַלקאָן. דערשראָקענע,
מיט אַ פאַרהאַלטענעם אָטעם, זיינען זיי דאָרט געבליבן זיצן. יע-
דער איינער פון זיי האָט זיך באַמיט צו פאַרשטופּן זיך אין די
ווייטסטע ווינקעלעך, כּדי דאָס ליכט פון די לוסטרעס זאָל זיי ניט
דערגרייכן, און מע זאָל זיי פון אונטן ניט באַמערקן.

און אויף דער שיף איז שוין איצט געווען גאָר ליכטיק—ליכ-
טיקער, ווי אין דער גרעסטער יום-טוב-נאַכט. דער הויפּט-סטיו-
אַרד איז שוין איצט גאָר צעפּלאָצט געוואָרן. ער האָט זיך פאַר-
געסן אָן דער שיף און אירע פּאַסאַזשירן, אָן זיין פאַראַנטוואָרטלעכ-
קייט, — ער האָט געלאָזט אויפדרייען אַלע לוסטרעס און האָט
פונדעסטוועגן נאָך אַלץ געהאַלטן אין איין שרייען:

— נאָך ליכט! נאָך ליכט!

און אויף דער שיף איז איצט פאָרגעקומען אַ ליידנשאַפט-
וויכער, אַ שטורעם, נאָך גרעבער ווי דער דרויסנדיקער שטורעם.
טיפער נאָך האָבן זיך די פּאַסאַזשירן געדריקט אין זייערע ווינקע-
לעך, זיך געטוליעט אין די טיפענישן פון די פּאָטעלן. און הענט
און לייב און יעדער אבר האָט זיי געציטערט. די שוואַרצע האָבן
זיי שוין איצט אויסגעזען, ווי אוראַנג-אוטאַנגען, וועלכע האָבן זיך
אַרויסגעריסן פון די שטייגן, און וועלן זיך אָט באַלד אַ וואָרף
טאָן אויף זיי; אַריינכאַפּנדיק די יונגע מיידלעך, די פרויען אין
די מיילער אַריין, אין די האָריקע לאַפּעס, — וועלן זיי זיך אַוועק-

לאָזן מיט זיי אין ווילדע אָרגיעס אינמיטן דער ביינאַכטיק־באַ־
ליכטענער שיף. וועלן זיי צוערשט פאַרמוטשען ביז טויט, און
דערנאָך, האַלטנדיק די שוין פאַרחלשטע, האַלב־טויטע קערפּערס
אונטער די האָריקע חיהדיקע פּאַטשעס, אַרומשלעפּן זיי איף די
דעקן און טאַנצן מיט זיי, מיט אָט די ווייך־איינגעמאַטערטע קער־
פּערס, אַ לעצטן טאַנץ... און דערנאָך, ווען זיי וועלן זיך שוין
האָבן גענוג איזדיעקעוועט איבער זיי, וועט מען זיי ערשט אַריינוואַרפן
אין די פינסטערע וואַסערן אַריין. אַך, ווי די וואַסערן פון אָקעאַן
מוזן איצט אויסקוקן...

אַפילו די רויִקע צווישן די פּאַסאַזשירן האָבן זיך איצט
אויך דערמאָנט אָן אַלערליי מעשיות און פּאַסירונגען, וועלכע זיי
האָבן זיך אָנגעלייענט אין אַלערליי ראָמאַנען און אַוואַנטורן־גע־
שיכטעס, — געשיכטעס וועגן דעם, ווי מאַטראָסן צעבונטעווען זיך
אויפן ים, דערהרגענען די העכערע באַאַמטע, באַראַבעווען די פּאַ־
סאַזשירן און דערטרינקען זיי... אין איין־איינציקן פאַרלאַנג, איין־
איינציק געבעט האָבן זיי איצט געהאַט, — אַ פאַרלאַנג און אַ
געבעט, אַז די נעגערס זאָלן זיי איצט בעסער גאָרניט באַמערקן,
זאָלן זיך אינגאַנצן פאַרגעסן, אַז עס זיינען דאָ איף דער שיף —
ניין, בכלל איף דער וועלט — אַזאַ סאָרט מענטשן, ווי ווייסע הער־
שער און פאַרשקלאַפער.

זייער אומרו איז וואָס אַמאָל אַלץ מער געוואַקסן. דער
סטיואַרד האָט געלאָזט אויפדרייען איין ליוסטרע נאָך דער אַנדע־
רער. ער איז געוואָרן גאָר שיכור פון דער דאָזיקער נאַכט, דער
סטיואַרד... מיט שרעק האָבן זיך די פּאַסאַזשירן נאָך מער געקאָר־
טשעט און צוגעפּלעטשט צו דער וואַנט און צו די ווענטלעך, אָט
פּונקט, ווי זיי וואָלטן געהאַט אַזאַ מין ווילדע האָפענונג: דורך
אַ נס וועלן זיי זיך דורכקוועטשן דורך די ווענטלעך און ניט
ווערן. אַ סך פון זיי האָבן אינמיטן דערפילט, אַז זיי מוזן תיכף,
באַלד, ערגעץ אַוועקאַיילן... נאָר פון גרויס שרעק האָבן זיי זיך
פון אָרט ניט געקאָנט רירן. זיי זיינען געזעסן אַזעלכע שוואַכע,
אומבאַהאָלפענע — נאַקעטע, אויסגעטאָנענע.

און דאָ, אין דער שטאַרקער ליכטיקייט, האָט אַ נעגער,

װעלכער איז אַ שיכּור־מידער געלעגן שוין אַ אויפן דיל, צופעליק אַרויפגעקוקט אין דער הויך און האָט זיי באַמערקט. ער האָט אַרויסגעלאָזן אַ דערשראָקענעם קוויטש. באַלד האָבן די איבעריקע נעגערס אויך באַמערקט די ווייסע, האָבן זיך גלייך איבגעטשוכעט און — פון שרעק, וואָס זיי האָבן אויפגעוועקט די פּאַסאַזשירן, — האָבן זיי זיך אַלע אינאיינעם אַלאָז געטאָן אויף צוריק נאָר אַזוי ווי די פיס זיינען ביי זיי געווען אונטערגעקאָרטשעט, און אינגאַנצן זיינען זיי איצט געווען, ווי זאַנגען, וואָס שאָקלען זיך אין ווינט. האָבן זיי זיך ווידער געטאָן אַ לאָז אַלע אינאיינעם און אין פּאַראַיס... און די פּאַסאַזשירן זיינען שוין געווען זיכער: דאָ קומט שוין זייער סוף. די נעגערס גייען אויף זיי!

אין דער הויך, אויף די באַלקאָנען, און אַלע דורכגאַנגען, האָט זיך געלאָזט הערן אַ שרעקלעכע קוויטשעריי און אַ היסטערישער איבגעשריי פון פרויען. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ לו פּעניש, אַ שפּרינגעניש פון די פּאַסאַזשירן איינער איבער אַנדערן, איינער אומוואַרפנדיק און אַזועקשטויסנדיק דעם צווייטן, — אָט ווי דערשראָקענע גראָז־שפּרינגער אַנטלויפן פון אַ מענטשנס טראָט. און איילעניש און באַנאַסענע מיט קאַלטן שווייס האָבן זיך אַלע אויף גיך אַריינגעכאַפּט צוריק אין די קאַבינעס אַריין. און עס האָט זיך דערהערט אַ דערשראָקן פאַרקלאַפּן און פאַרריגלען פון טירן, אַ זעצן, אַ שלעפּן און צישטעלן שטולן און קאַסטנס קעגן די טירן....
מען האָט זיך פון אינעווייניק פאַרבאַריקאַדירט.

פון דעם געשראָקענעם געלויף פון די ווייסע אין דער הויך, האָבן זיך די נעגערס אינגאַנצן איבגעניכטערט.

און ערשט איצט האָבן זיי זיך רעכט דערשראָקן, דער הויפּטסטיואַרד האָט זיך אויפגעכאַפּט פון זיינע צעווילדעוועט־לויפנדיקע גאַלאָפּירנדיקע רעיונות. ער האָט געהייסן אויף גיך צוריק איבדרייען די עלעקטרישע ליכט. ס'איז ווידער געוואָרן האַלב־טונקל.

די מערסטע שיף־באַדינער זיינען זיך גלייך צעלאָפן. דער הויפּט־סטיואַרד גופא האָט זיך אויך גיך אָפּגעטראָגן און אָנגעזאָגט מיטן האַרבן וואָרט:

— שטיל זאָל מען זיין!

און טאָמער וואָס־ווען — זאָל מען ליקענען:

— מע האָט די גאַנצע נאַכט גאָר געשלאָפן...

האָבנדיק זיך באַרויִקט מיט דער האָזיקער אומגעלומפּערט־נאָרישער פּאַרענטפערונג, איז מען זיך צוגאַנגען. בלויז די סטודענטן, אָט די גרױס־שטאָטיש־אָנגעטאָענע נעגערס, זיינען ניט אַוועק. מער ניט — זיי האָבן זיך נאָך ענגער צונויפגעקלעפּט אַרום דער פּיאַנע — אַ סטאַדע שעפּסעלעך, וועלכע שרעקן זיך פאַרן אָנקומענדיקן וואָלף. ווי ס'האָט זיי ווי געטאָן דער פּלוצימדיקער אַוועקלויף פון דעם עולם...

— זיך דערשראָקן!

— אָט קנעכט!

— אָט אמתע שקלאַפן!

נאָר ערגעץ אין זיך זיינען זיי פאָרט געווען צופרידן פון אָט דער געשעעניש, די יונגע סטודענטן.

— זיי וועלן איצט שפּילן פאַר זיך, צוליב זיך...

זיי האָבן פונדעסטוועגן געהאַלטן אין איין איבערחזרן:

— אָבער שטיל, שטילער...

— מ'דאַרף קיינעם ניט אויפוועקן...

— קיינעם ניט אויפוועקן.

אַן אומגעזעענע האַנט פון ערגעץ האָט אויסגעלאָשן ליוסטרע נאָך ליוסטרע. ס'איז געוואָרן נאָך טונקעלער, בלויז עטלעכע רויטע און גרינע עלעקטרישע נאַכט־לעמפּלעך, — אָט די, וואָס ברענען אַ גאַנצע נאַכט אויף חער וואַך, — האָבן איצט באַלויכטן דעם זאַל, געהאַלטן שמירה איבער דעם אומרויִקן וואַכזיין און דעם נאָך־אומרויִקערן שלאָפן פון די פאַרשלאָסענע, פאַרריגלטע און פאַרבאַריקאַדירטע פּאַסאַזשירן.

און דערמאָלט האָט שטיל, זיך־באַקלאָגנדיק און פאַראייינזאַמט זיך ווידער געלאָזט הערן אין דער טונקל פון דער אומרויִק־שלאָפעדיקער שיף אינמיטן גרויסן און פרעמדן אָקעאַן — דאָס דינע, איידעלע פרימאָרגנדיקע געזאַנג, אָט דאָס פאַרחלומטע, פאַר־

כּישופּטשע געזאַנג, וואָס די נעגער־סטודענטן האָבן אונטערגעבראַכט אין דער שטיל בײַם סאַמע אָנהייב אָן. דאָס געזאַנג, וואָס האָט פריער בערנאַרד קאָהענען אַרויסגעצויגן פון בעט.

Pretty maiden, marry me, Aha-aha...
Pretty maiden, marry me,
I love you, you love me, Aha-aha-aha...*)

מר. קאָהען איז אָט די גאַנצע צייט, וואָס דאָס אַלץ איז פאָרגעקומען, האַלב געלעגן אין זײַן ווייכן פאָטער־שטול, און אַלץ אין אים האָט געציטערט. ס'האָט אים געקלאַפּט אַ צאָן אָן אַ צאָן.

דער שרעק פון די ווייסע פּאַסאַזשירן אין דער הויך, אויפן שיף־באַלקאָן איז אין אים נאָך פאַרפילפאַכט געוועזן. ס'האָט זיך אים אַלץ געדוכט, אַז ער איז עס באַשטימט צו זײַן דער ערשטער קרבן אין דער שחיטה, וואָס וועט זיך באַלד אָנהייבן דאָ. מ'האָט אים צערשט אַרויסגעשלעפּט פון בעט, מע פראַוועט דאָ אומישנע אַ געזאַנג און אַ הוליאַנקע אַרום אים, איידער מע וועט מיט אים באַלד אָפּטאָן עפּעס שרעקלעכס... כאָטש וואָס, האָט ער נאָך ניט געוואוסט.

ער האָט אָנגעהויבן שטאַמלען, פּלאַפּלען עפּעס... זיך בעטן בײַם נעגער, וועלכער האָט, אַלץ אַזוי פרײַנטלעך און באַזאָרגט, זיך געפּאָרעט אַרום אים — זיך געבעטן, אַז מע זאָל איך אים רחמנות האָבן, אים לאָזן גיין צוריק אין זײַן קאַיוטע אַרײַן.

— אַז ער איז דאָ אין גאָרניט שולדיק, אין גאָרניט...

און יענער האָט אַלץ געקוקט אויף אים פרײַנטלעך אַזוי, האָט אים געטרייסט צוגעזען און איז ניט אַוועק פון אים אויף קיין איין רגע, ווי פון אַ גאָר שווערן חולה. און אפשר האָט ער גאָר ניט געהערט בערנאַרד קאָהענס בעטנדיקע רייד: דער לעצטער האָט

---

*) מיידל שיינס, האָב חתונה מיט מיר, אהא־אהא...
מיידל שיינס, האָב חתונה מיט מיר,
איך ליב דיך, דו ליבסט מיך — אהא־אהא־אהא...

דאָך קיין באַוועגט מיט די ליפּן — אַזוי אָפּגעשוואַכט איז ער געווען.

בערנאַרד קאָהענס שרעק איז דעריבער געוואָרן נאָך שטאַרקער. אים האָט בוכשטעבּלעך געטרייסלט איצט יעדער אבר. דער שמייכלענדיקער פריינטלעכער נעגער, וועלכער האָט געהאַלטן אין איין אַרומוויקלען אים שטייפער און וואַרימער מיט דער קאָלדרע, האָט אים וואָס אַמאָל אַלץ מער און מער געשראָקן.

— וואָס וויל ער אייגנטלעך פון אים? און צו וואָס האַלט ער אים דאָ?

— פאַרוואָס איז ער אַזוי צוגעלאָזן צו אים? — ווער אייגנטלעך איז ער?

ווייל כאָטש בערנאַרד קאָהען איז געווען איצט אַזוי שוואַך, אַז ער האָט קיין געקאָנט אַ וואָרט אויסריידן, דאָך איז אין אים איצט אָנגעגאַנגען אַ גאַנצע קאָכעניש, אַן אומרויק לויפן פון געדאַנקען, וואָס האָבן געשאָסן און געשפּרונגען הין און צוריק, אין אַלע ריכטונגען.

וואַרט... אָט דער נעגער איז אים עפּעס אַזוי באַקאַנט... ער האָט אים זיכער ערגעץ געזען — און דווקא אַ סך מאָל געזען. אַזאַ באַקאַנט פּנים... און דאָס געזאַנג... איצט, אַז דער טומל פון די שוואַרצע איז צוזאַמען מיט זייערע שוויצנדיקע און סאָפּענדיקע גופים אַנטלאָפן, האָט זיך דאָס זעלביקע נאָגנדיקע, בענקענדיקע געזאַנג נאָך קלאָרער געלאָזט הערן, ס'האָט געריסן ביים האַרצן. ס'איז געווען אַזוי באַקאַנט, אַזוי נאָענט — פּונקט ווי דאָס פריינטלעכע, באַזאָרגטע געזיכט פונם נעגער לעבן אים. און איינס האָט עפּעס דערמאָנט אָנם צווייטן.

קאָקעטיש-אומשולדיק, קינדיש-רייצנדיק, יונג-פריילעך, האָט זיך פונם קליין קאָפּקעלע אַרום דער פּיאַנע אַלץ געצויגן צו אים דאָס שטילע זשומזשען פונם באַקאַנטן שוין לאַנג, לאַנג צוריק געהערטן ליד... און מיטן זשומזשענדיקן ליד איז געקומען אַ באַקאַנט בילד:

אַ פרימאָרגן, אַ ליכטיקער, אַ יונג-האַרבסט, אַ געבענטש-

טער. אַ זאַפטיק־שמעקעדיקער כאָבנע־וואַלד, אײַך אַ היכן ים־ברעג; אַ פרימאָרגנדיק זשומזשען פון בינען.

And where will the wedding be, aha-aha...
And where will the wedding be,
Way yonder, under a hollow tree, aha-aha-aha...*)

און באַלד האָט עס פון קאָהענען אַ שטילן געשריי געטאָן — ער האָט אים דערקאָנט, דעם דאָזיקן נעגער... ער האָט נאָך אַ געשריי געטאָן, אַזאַ פײַנלעכן און דערשראָקענעם. אים האָט זיך געדוכט, אַז דאָס האָט זײַן גאַנץ אינגעווייד, זײַן גאַנץ בלוט און מאַרך אַרויסגעשריען פון אים, און אַז די גאַנצע שיף האָט זיך פון דעם אַ טרייסל געטאָן. נאָר ס'איז בלויז געווען אַ שטיל שעפטשען.

דער נעגער, וואָס האָט זיך אַרום אים געפּאָרעט, האָט עס אָבער דערהערט, און זיך צו אים מיט זאָרג צוגעבויגן. ער האָט באַמערקט, ווי דעם ווייסן פּאַסאַזשירס פּנים איז אָקאָרשט נאָך בלייכער געוואָרן, געוואָרן פּשוט ווייס ווי קאַלך. זײַנע אויגן האָבן קרחתדיק געברענט. דער נעגער האָט געוואָלט גיין רופן אַ דאָקטאָר, נאָר יענער האָט אים אָפּגעהאַלטן מיט דער האַנט און אים שוואַך געפּרוווט צוציען צו זיך.

דער נעגער האָט קיים געקאָנט פאַרנעמען קאָהענס שטילע, זיך בעטנדיקע ווערטער. מר. קאָהען האָט געוואָלט, ער זאָל אים צוריק אַרײַנברענגען אין קאַיוטע. און אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער שוין געפילט ווי ער ווערט געטראָגן אין דער לופט מיט עמעצנס שטאַרקע אָרעמס, — אַ קליין עופעלע.

ערשט אַ היפּשע לענגערע צייט שפּעטער האָט בערנאַרד קאָהען זיך אײַנגעשטילט, האָט אויפגעעפנט די אויגן און האָט זיך אַ ביסעלע באַחיקט. אים האָט זיך די גאַנצע צייט געדוכט, אַז

*) און די חתונה וועט זיין וואו, אהא־אהא...
און די חתונה וועט זיין וואו, —
אונטערן פוסטן בוים, אַט־דאָרטן־אַ — אהא־אהא־אהא...

דאָס האָט יענער — אָט דער נעגער מיטן פּאַלשן פּלומרשט־פרײנטלעכן שמײכל — געטראָגן אים אין דער לופטן, כדי אַרײַנוואַרפן אים אין ים אַרײַן, אָדער ערגעץ אין אַ פײַערדיקן קעסל־גרוב, אויף ברענענדיקע אוממענטשלעכע יסורים. און אפילו, אַז ער איז שוין געלעגן אין זײַן קאַיוטע, האָט ער צוערשט נאָך אַליין מורא געהאַט צו עפענען די אויגן. ער האָט מורא געהאַט צו דערזען יענעם לעבן זיך — מיט אַ חלף אין האַנט, מיט אַ מעסער, צי מיט אַ שווערד, וואַרטנדיקערהייט שטייענדיק איבער אים.

אין קאַיוטע איז געווען מאָדנע שטיל, ווי זיי וואָלטן בײדע, אי יענער, אי ער בכיוון אײַנגעהאַלטן דעם אָטעם. איבן שיף איז אויך געווען שטיל — דאָס גרוזאַמע פונם קרײזל זינגענדיקע נעגער איז שוין ביסלעכווײַז אויסגעגאַנגען. ס'האָבן זיך דערנענטערט די שעהן פון פאַרטאָג. אַ ביסל שטילער, אײַנגעהאַלטענער, נאָר אַליין נאָכאַנאַנד און אַליין אומהיימלעך, האָבן די כוואַליעס געקלאַפּט אין שיף.

נאָר אין אים, אין בערנאַרד קאָהענען, איז דאָס גרוזאַמע נישט אָפּגעשטאָרבן. ס'האָט אין אים אַליין געהילכט, ווי דער אָפּקלאַנג פון אַ שוין פאַרשוואונדן ליד אין אַ ברייט פעלד.

עס איז זיך פאַרגאַנגען איין אַלע טענער, שטיל, חנעוודיק זיך געצײַגן און נישט געוואָלט אויפהערן.

ער האָט געפּרוווט ברייט פונאַנדערעפענען די אויגן, אָבער אַ שוואַכקייט איז איצט אָנגעקומען איבער אים, אַ מחיהדיקע שוואַכקייט, וואָס האָט פונאַנדערגענומען אַלע זײַנע אברים, זיי אָנגענעם צעשרײַפּט און אָנגעפילט מיט אַזאַ זיסער מידקייט. דאָס ליד האָט אים איצט אינגאַנצן איבערגעפילט, אַרײַן אין אַלע שפּעלטעלעך פון זײַן מוח, פון זײַן גוף. ביסלעכווײַז, פון שטיקלעך און ברעקלעך פון אָנגעשוואומענע זכרונות, פון בילדער, וואָס האָבן אָנגעהויבן אָנפליִצן אויף אים, האָט זיך עס צוריק פּאַמעלעך איבערגעבויט און אויפגעשטעלט.

אָט ליגט ער איבן גראָז, צווישן די סאָסנע־בוימער, אַן אָנגענעם דערשעפּטער, אַ פאַרשיכורטער פונם ריח פון דעם צע־

וואַרעמטן סאָסנע-בלוט און צעוואַרעמטן בלוט פון דער יונגער מולאַטין, וואָס זיצט לעבן אים און זינגט פריש און קלאָר, זינגט ליכטיק און זאַפטיק, זינגט, זינגט. — —

ער מיט זיין קליינער פאַמיליע האָבן דעמאָלט פאַרבראַכט אין פיינהורסט, אינם שטאַט צפון-קאַראָלינע. אַ היפּשע צייט האָבן זיי דאָרט פאַרבראַכט. מיטגעבראַכט מיט זיך האָבן זיי זייער דינסט קאַראַן, אַ יונגע מולאַטין. זיין פרוי איז עטלעכע חדשים נאָך דער חתונה געוואָרן קראַנק. זי האָט געהאַט זייער אַ שלעכטן טראָגן מיט איר ערשטן קינד. די דאָקטוירים זיינען ניט געווען זיכער, אייב זי וועט בלייבן לעבן, נאָכדעם ווי זי וועט געלעגן ווערן. זי איז אָבער יאָ געבליבן לעבן, נאָר געקרענקט נאָך דעם אַ סך חדשים.

קאָהען איז פון איר קרענקען זייער מיד געוואָרן. און געזאָלט האָט עס זיין זיינע האָניק-חדשים! זיין בלוט האָט אין יענער צייט — נאָך געווען אַ יונגערמאַן — טאָג און נאַכט געזונגען אין אים און האָט ניט געוואָלט איינגעשטילט ווערן.

און דאָ, אין שטוב, האָבן אַלץ געבלישטשעט פאַר די אויגן די ווייסע, שנייפאַרפאָרענע ציין פון דער טונקל-הויטיקער מולאַטין.

און אין איינעם אַ ליכטיקן פרימאָרגן איז ער איר נאָכגעגאַנגען אינם סאָסנע-וועלדל, וואָס האָט זיך געפונען היפּש ווייטלעך פון זייער היים, אייף אַ בערגל ניט ווייט פון ים. זי פלעגט זיך דאָרט באָדן אַמאָל אין אַ פרימאָרגן — נאָך גאָר, גאָר פרי, ווען די ווייסע באַלעבאַטים שלאָפן נאָך געשמאַק. אַזוי ווי אין אָט דער פריער שעה פלעגט קיינער ניט זיין ביים ים, דערהויפּט נאָך אין אָט יענעם אַ ביסל פאַרלעגענעם אָרט, וואו ס'איז געווען אַ קליינער זאַמדיקער פּליאַזש, פלעגט זיך קאַראַ באָדן דאָרט אַ נאַקעטע. דער יונגער בערנאַרד, וועלכער איז נאָכגעגאַנגען נאָך קאַראַן פּיס-טריט, שטיל און שפּרינגענדיק, ווי אַ לעמפּערט, וואָס גנבעט זיך נאָך זיין קרבן, — אַ יונג לעמעלע, וואָס גייט צום וואַסער-טרינקען — האָט זיך אַנידערגעשטעלט אונטער אַ בוים

זיינע קני האָבן אים געציטערט און ער האָט געפילט, אַז אָט-אָט פאַלט ער צו צו דער ערד.

אַז זי איז אַהיים צוריק פון וואַסער און איז צו צום בעט־געוואַנט קליידער, וואָס זי האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך פאַרן באָדן זיך, און אָנגעהויבן זיך אָנטאָן, האָט נאָך דאָס וואַסער אַרונטערגערונען פון איר לייב, ווי רעגן-וואַסער איף אַ יונגן בוים אין פרילינג. און ווען בערנאַרד קאָהען האָט זי אַריינגענומען אין זיינע אָרעמס, איז איר לייב געווען אַזוי קיל און שמעקעוודיק, ווי דער ריח פון מיאַטע-פלאַנצן, ווען מען צערייבט זיי איף דער דלאָניע. קאָהען האָט איבערגעשפרייט זיין אויבערקלייד איבער די אָנגעוואָרפענע סאָסנע-נאָדלען, און זיי האָבן זיך באַהעפט.

יעדן פרימאָרגן פלעגט זי שוין פון איצט אָן זיך גיין באָדן, — יעדן פרימאָרגן גאָר פרי. ס'איז געווען דאָס ערשטע געזאַנג אין איר לעבן. זי איז געווען נאָך גאָר אַ יונג מיידל פון אַ יאָר זיבעצן, און זי האָט אים ליב געקראָגן — באמת, מיט אַן ערשטער מיידלש-פרילעכער ליבע.

אַז קאָהענס משפחה האָט זיך מיט עטלעכע הדשים שפּע־טער צוריקגעקערט אַהיים, האָט קאָהען פאַרגעזעצט זיינע פאַרהעל־טענישן מיט קאַראַ. זיין פרוי איז נאָך אַלץ געווען קראַנק, און דאָס לייב פון אַ נעגער-פרוי איז אין די הייסע זומער־טעג שטאַרק וואָלוול. ביז קאַראַ איז אינגיכן פאַרגאַנגען אין טראָגן.

קאָהען האָט זיך זייער געערגערט דערפון. און אַזעלכע פאַלן פלעגט ער זיך זייער ווייניק קימערן וועגן די קאָנסעקווענצן, און האָט בכלל דערוואַרט, אַז די פרוי זאָל שוין אויף דעם אַליין אַכטונג געבן. ער האָט איר געגעבן פאַרשיידענע גרויס-שטאָטישע מיטלען, ווי אַזוי פּטור צו ווערן פונם ניט געוואונטשענעם קינד און אירע געדערים, נאָר זי האָט פון דעם ניט געוואָלט הערן, ווייל זי האָט אים ליב געהאַט און האָט במילא ליב געהאַט דאָס אַריסקומעניש פון זיין „הויך".

ביז בערנאַרד קאָהען האָט אין איינער אַ נאַכט, אויף איר געלע־גער, אַרומגענומען זיין פרוי גאָר שטאַרק, זי געהאַלזט און געקושט, ער האָט איר שטילערהייט, מיט אַ תאווה-דערוואָרגענער

שמים, גערעדט אַלערליי שיינע און ליבע רייד. און ער האָט איר צווישן אַנדערעס אין אַגבֿדיק, אויך געזאָגט, אַז זי מוז אַוועקשיקן פֿון הויז די דינסט, אַז זי טאָר ניט האַלטן אין הויז אַזאַ מיידל, וואָס שלעפּט זיך אַרום שוין יונגערהייט מיט כ׳ווייס וועמען. און זיין פֿרוי האָט אויסגעהערט זיינע רייד, האָט קאַראַן געפּרוּווט פֿאַרטיידיקן, נאָר אויף מאָרגן אינדערפֿרי האָט זי געטאָן אַזוי, ווי איר מאַן האָט געוואָלט.

און אין יענעם פֿרימאָרגן איז בערנאַרד קאָהען אַוועק אין זיין אָפֿיס, צו דער טאָג־אַרבעט, אַ באַרויִקטער און אַ שטילער. ער האָט ניט ליב געהאַט קיינע אומזיסטע ערגערנישן. אַ ביס פֿון אַ פֿליג איז טאַקע גאָרניט, אָבער צו וואָס דאַרף מען דאָס.

אַז קאַראַ איז שוין געווען אין די גאָר לעצטע טעג פֿון איר שוואַנגערן, איז זי אַריינגעטראָטן אין אַן עפֿנטלעכן שפּיטאָל אויף צום געלעגן ווערן. עמעצער פֿון אירע פֿיינט האָט זי אָנגעהויבן צוריידן, אַז זי זאָל מאַכן אַ טומל וועגן דעם גאַנצן ענין. עס איז דעמאָלט גראָד געווען די צייט פֿון אַ מוניציפּאַלער וואַל־קאַמפּאַניע און בערנאַרד קאָהען איז געווען קאַנדידאַט פֿאַר מיטגליד פֿון שטאָט־פֿאַרוואַלטונג. איז אויב ער וועט ניט וועלן דערלאָזן אַן עפֿנטלעכן סקאַנדאַל, וועט ער איר מוזן געבן אַ גרויסע סומע געלט, און אויב יאָ — וועט זי כאָטש דערלעבן אָן אים נקמה, נאָר קאַראַ האָט זיך אָפּגעזאָגט עס צו טאָן.

אָבער דער זעלביקער פֿיינט אירער האָט עס שוין איבערגעגעבן אין די קרייזן פֿון דער קעגנערישער פּאַרטיי, וואָס האָט געהאַט איר אייגענעם קאַנדידאַט אין די וואַלן. מע האָט אָנגעהויבן ריידן וועגן דעם ענין אין פֿאַרשיידענע קרייזן, און וואָס אַמאָל — אַלץ העכער. בערנאַרד קאָהען האָט דעמאָלט באַפֿוילן מען זאָל קאַראַן אויסשליסן פֿונעם געבורטס־שפּיטאָל. ער איז דאָרט געווען איינער פֿון די דירעקטאָרן.

— אָהאָ, אים וועט מען ניט אָנשרעקן!

אַלע באַאַמטע פֿון שפּיטאָל האָבן איינגעשטימט מיט מר. קאָהען, אַז קאַראַ איז ניט ווערט, מע זאָל זי האַלטן אין אַ

שטאָטישער אינסטיטוציע, אויב זי קאָן אַרויסלאָזן אַזאַ שם־רע אויף אַן אָנגעזעענעם בירגער פֿון שטאָט.

אַז קאָראַס פֿריינט האָבן עס דעמאָלט געוואָלט איבערגעבן אין יענער אָרטיקער צייטונג, וואָס האָט אין די מוניציפּאַלע וואַלן געשטיצט דעם קעגנערישן קאַנדידאַט, האָט מען זיך דאָרט דערפֿון גוט אויסגעלאַכט. שאָרן בערנאַרד קאָהענען איז מען טאַקע דאָרט געווען גחייסע בעלנים, אָבער ניט מיט אַזאַ קלייניקייט! אין דער סאיט איז דאָס אַ געוויינטלעכע זאַך.

אָבער פֿינדעסטוועגן איז מר. קאָהען געווען דערפֿון אַ ביסל באַאומרויִקט. בשעת די וואַלן קאָן אפֿילו אַ קאַץ קאַליע מאַכן, האָט ער געטראַכט. ער האָט געקאָנט הירך דעם פֿאַרלירן דעם נעגערישן באַלאָט, און דאָס האָט געמיינט פֿאַר אים זייער אַ סך. אַזוי וואָלטן די נעגער פֿון דער שטאָט זיכער געשטימט פֿאַר אים, ווייל דער צווייטער קאַנדידאַט איז געווען אַ יונגער „סאַוטערן דזשענטלמען", אַ בייזער און אַ שטרענגער אַריסטאָקראַט, אויף וועמעס געוויסן עס איז שוין געווען מער ווי איין לינטש־געריכט, וועלכן ער, זייענדיק אַ שעריף*), האָט אומבאַשטראָפֿט דערלאָזן; אַ פֿאַרריסענער דרומדיקער יחסן, וועלכן די נעגערס האָבן פֿיינט געהאַט אויף טויט, פּונקט ווי ער זיי. יאָ, אָבער ס'איז פֿאַרפֿאַלן. ער האָט גענומען און צוגעגרייט אַ סומע געלט אויף איבערצושיקן אין געהיים קאָראַן, כּדי זי זאָל האָבן מיט וואָס צו דערנערן זיך און דאָס קינד — ווען זי וועט אים האָבן.

נאָר, אַז קאָראַ איז געגאַנגען פֿון שפּיטאָל אַהיים, און נאָך איידער זי האָט דערגרייכט דאָס הויז פֿון איר אַלטן פֿעטער, מיט וועלכן זי האָט געוואוינט, האָבן זי מיטאַמאָל אָנגעכאַפּט געבורטס־ווייען. הירך אַן איראָנישן צופֿאַל האָט מען זי אויסגעשריבן פֿון שפּיטאָל, פּונקט יענעם טאָג, ווען עס זיינען פֿאָרגעקומען די אָרטיקע וואַלן. זי האָט זיך אַנידערגעוואָרפֿן אויפֿן טראָטואַר, אויף יענעם אָרט, וואו די געבורטס־ווייען האָבן זי אָנגעכאַפּט.

זי האָט שטאַרק געשריען, ווייל דאָס איז ביי איר געווען אַן

*) העכסטער באַאַמטער אין אַ דאָרפֿישן ראַיאָן.

ערשטלינג און זי האָט זיך בכלל געשראָקן. איר געשרייען האָט מען אָבער ווייט ניט געהערט, ווייל די שטאָט איז דעמאָלט פֿול געווען מיט די טרומייטערייען, פֿייפֿן, בלאָזן און דעם געקלאַפּעריי אין צימבלען, טאַצן און בלעכן, מיט וועלכע עס איז פֿול די לופֿט פֿון אַ וואַל־טאָג.

אַרום איר האָט זיך אַרומגעקליבן אַ רעדל פֿון עלטערע נע־רישע פֿרויען, וועלכע האָבן געבראַכט פֿון ערגעץ צו טראָגן אַ ביסל שטרוי. און ליגנדיק אַזוי אויף דער ערד, האָט זי געהאַט דאָס קינד. קאָראַ האָט זיך דעמאָלט פֿאַרקילט, צי וואָס, און אין עטלעכע טעג אַרום איז זי געשטאָרבן.

דאָס קינד אָבער — ס'איז געווען אַ ייִנגל — איז געבליבן לעבן. עס האָט זיך געהאָדעוועט ביי דעם אַלטן אייבערהעם לאַוו דזשאָי, קאָראַס פֿעטער. ער איז נאָך געווען פֿון די אַמאָליקע אַלטע שקלאַפֿן, וואָס זיינען באַפֿרייט געוואָרן בשעתן בירגער־קריג. ער איז איצט שוין געגאַנגען געבויגן אין דרייען, אָנגעשפּאַרט אויף אַ קליין שטעקעלע, ווי אַן אַלט קינד. ער איז געווען געל ווי אַ פּאַרמעט. די אויסגעטריקנטע הויט איז פֿון אים אַרונטערגעהאַנגען, פֿון זיין פּנים און גוף, אין טאָרבעלעך און אין זעקעלעך.

אַז דער ייִנגל איז אויסגעוואַקסן און ס'איז געקומען פֿאַר אים די צייט „גיין אין דער וועלט“, האָט אים דער אַלטער אייבערהעם דערציילט, ווער זיין פֿאָטער איז.

דער יונגער מולאַט — ער איז נאָך געווען שענער און ליכטיקער פֿון זיין פֿאַרשטאָרבענער מוטער — האָט אַפֿילו ניט געוואַרט אויף זיין פֿעטערס עצה, האָט גענומען און איז גלייך אַוועק צו בערנאַרד קאָהענען אין געשעפֿט אַריין. ס'האָט אים איינצייטיק אי מאָדנע געפֿרייט און אי געשראָקן די נייע אַנטדעקונג. ס'איז געווען דעמאָלט אַ ליכטיקער, זוניקער טאָג אין אַפּריל, — דער פֿריער חימדיקער פֿרילינג־חודש. און ליכטיק און פֿריידיק איז געווען דעם יונגן בחור אויפֿן האַרצן.

בערנאַרד קאָהען איז אין יענער שעה געזעסן אויף אַ בענקל ביי דער היפּט־טיר פֿון זיין געשעפֿט און זיך געוואַרעמט אין דעם הייסן פֿרילינג־טאָג. די בלוטן זיינען ביי אים געווען צעוואַרעמט

אין צענומען, און יעדער אבער האָט זיך פֿיל געצויגן, און יעדער טראָפּן בלוט האָט געבענקט און געגאַרט נאָך נייקייט און אַנדערשקייט. ער האָט איצט געטראַכט, מיט אַ צי־פֿרייענדיקן תענוג, וועגן דער רייזע קיין ניו־יאָרק, וואָס ער האָט אינגיכן געדאַרפֿט מאַכן. זיינע ליפּן האָבן זיך שוין באַצייטנס פֿאַרצויגן אין אַ געהיימען תענוגים־פֿולן שמייכל.

דער יונגער נעגער איז צוגעגאַנגען גלייך צו דעם אַלטן קאָהען און אים דערציילט דאָס, וואָס ער ווייס. ער האָט אַפֿילו לכתחילה זיך געפּלאָנטערט אין זיינע רייד, נאָר סוף־כּל־סוף האָט ער, פּראָסט־פּשוט אַרויספּלאַצנדיק, פֿאַרענדיקט:

— דו ביסט מיין טאַטע, מר. בערנאַרד קאָהען!

בערנאַרד קאָהען האָט אים אויף דעם גאָרניט געענטפֿערט. ער איז בלויז אויפֿגעשטאַנען, האָט מיטן צונג איבערגעקייקלט דעם דיקן האַוואַנער ציגאַר פֿון איין מויל־ווינקל אינם צווייטן, דערלאַנגט דעם יונגן נעגער אַזעלכע קלעפּ, אַז יענער האָט זיך אַוועקגעקייקלט פֿון טראָטואַר אין מיטן גאַס, אַ צעדמטער.

יאָ, אָט אַזוי איז עס געווען.

נאָר פֿונדעסטוועגן, אין דער נאַכט פֿון יענעם טאָג, איז בערנאַרד קאָהען ניט איינגעשלאָפֿן אין דער געוויינלעכער שעה. און אַפֿילו ניט מיט אַ פּאָר שעה שפּעטער. ער איז געלעגן און געטראַכט, אַ גאַנצע נאַכט. ס'איז געווען אַלץ מאָרגנס אַזוי און ניי. אָט ליגט ער ביי דער זייט פֿון זיין פֿרוי. און אין פֿאַרשיידענע חדרים פֿונם האָזיקן הויז שלאָפֿן זיינע קינדער — דערוואַקסענע זין און טעכטער. און דאָרט ערגעץ, איבער אַ סך גאַסן און קוואַרטאַלן, אין איינעם פֿון יענע הילצערנע כאַטקעס, וואָס מיט די פֿענצטער מיט די אויסגעשלאָגענע שויבן, ליגט איצט אויך זיינער אַ זון, — נאָך אַ זון, פֿון וועלכן ער האָט די גאַנצע צייט ניט געוואוסט.

און ס'האָט אים אומדערוואַרטערהייט מיטאַמאָל אַ קוועטש געטאָן ביים האַרצן, ווען ער האָט זיך דערמאָנט אָן די מכּות־רצח, וואָס ער האָט זיין איינעם זון היינט ביי טאָג געשלאָגן. כאָטש

אייגנטלעך, וואָס האָט ער געקאָנט טאָן? אַז יענער איז צוגעגאַנגען צו אים מיט אַזעלכע העזהדיקע רייד:

— דו ביסט מיין טאַטע!

און פונדעסטוועגן... בערנאַרד קאָהען האָט שוין געוואַקט דעם גאַנצן רעשט פון דער נאַכט צו אים זיינען אין דער פינסטערניש אָנגעשוואומען אַ סך פאַרגאַנגענע ליכטיקע פרימאָרגנס — ליכטיקע און זוניקע פרימאָרגנס, ווען אַ פריש, אויפשפראָצנדיק לעבן האָט זיך אים מיט אַזוי פיל ליבע, דאַנקבאַרקייט און ריקזיכטלאָזיקייט איבערגעגעבן. ער האָט געטראַכט, אַז זיין אייגענע פרוי האָט אים, דוכט זיך, אַזוי קיינמאָל ניט ליב געהאַט — ניט אַפילו אין די גאָר ערשטע יאָרן, נאָך זיין חתונה. און אים האָט זיך שוין איצט געדוכט, אַז די האָניק־מאָנאַטן, וועלכע ער האָט פאַרבראַכט אין פיינהייטסט, האָט ער גיכער פאַרבראַכט מיט קאָראַן, איידער מיט זיין געזעצלעכער פרוי.

אָט אַזוי איז ער געלעגן און געטראַכט, ביז ס'איז געוואָרן טאָג...

און אין אָוונט איז ער אַוועקגעגאַנגען אין נעגערשן קוואַרטאַל. ער איז געווען אַזוי צעטראָגן, אַז ער האָט זיך אַפילו ניט אַרומגעקוקט צו זען, צי מע קוקט אים נאָך. ער איז אַריין צום אַלטן אייבערהעם אין דער חורבה. אַיילנדיק האָט ער אַרויסגענומען אַ פעקל קרעדיטקעס און אים דערלאַנגט. נאָר גערעדט האָט ער פונדעסטוועגן אין אַ רויִקן קול:

— האָס איז פאַרן יונגן זון דיינעם, וועלכן דו האָסט אַזוי פיין אויסגעהאָדעוועט, אייבערהעם. גאָט האָט דיר צוגעשיקט אַ שיינעם בן־זקונים אויף דיינע עלטערע יאָרן, פונקט ווי ער האָט האָס געטאָן מיט אונדזער עלטער־זיידן, דעם פאַטריאַרך, וועמעס נאָמען דו טראָגסט. אייבערהעם, דיין זון איז מיר שטאַרק געפעלן, כאָטש ער איז אַ ביסל אַן עזות־פנים. דו דאַרפסט עס אים דערקלערן, דו ביסט אַן אַלטער מאַן. זע־זשע, דערצי אים אויף, ער זאָל זיין אַ לייטישער און אַן אָרנטלעכער נעגער, אייבערהעם, און אַ גוטער בירגער פון די פאַראייניקטע שטאַטן.

און ערגעץ אין אַ ווינקל, אין אַ זייטיקן פינסטערן הויז האָט די גאַנצע צייט שטיל און איינגעהאַלטן געסקאָוואָטשעט דער צע־דמטער יונגער מולאַט, און האָט געביסן די ליפּן. און דער אַל־טער אייבערעהעם האָט היזיק און העפלעך, ניט פינטלענדיק מיט אַן אייג, אויסגעהערט מר. קאָהענס רייד, האָט דרך־ארצדיק צוגע־שאָקלט מיטן קאָפּ, און געשוויגן.

בערנאַרד קאָהען פלעגט פון דעמאָלט אָן אינגאַנצן אויפ־האַלטן זיין זון. ער האָט אים געלאָזט גיין אין אַ קאָלעדזש, זיך לערנען אַגרי־קולטור, — אַ „ביבלישע באַשעפטיקונג", — האָט מר. בערנאַרד קאָהען מיט הנאה זיך געגלעט די וואָנצן. דער שוואַר־צער זון זיינער האָט זיך אָבער קיינמאָל ניט געטאָרט ווייזן אים אויף די אויגן און בכלל זיך קיינמאָל ניט געטאָרט חברן מיט זיינע ווייסע קינדער. ער האָט אַפילו ניט געטאָרט צו־אָפּט דורכגיין דעם טראָ־טואַר, וואָס לעבן דער קלייט פון מר. בערנאַרד קאָהען. און בער־נאַרד קאָהען האָט אָן אים אינגאַנצן פאַרגעסן.

עס פלעגט זיך אָבער טרעפן אַמאָל:

זיצנדיק אַזוי ביי דעם פענסטער פון זיין פּריוואַטן געשעפטס־קאַבינעט, פלעגט בערנאַרד קאָהען מיטאַמאָל דערפילן אַן אינער־לעכע געצוואונגענקייט אויפצוהייבן זיינע בליקן קעגן זיין ווילן און אַ קוק טאָן אין גאַס אַרויס. פלעגט ער דעמאָלט דערזען:

— אויפן קעגנאיבערדיקן טראָטואַר זיינען אָנגעשטעלט אויף אים אַ פּאָר גלאַנצנדע, פייכטע אויגן, אָנגעשטעלט אויף אים מיט אַזאַ אָנגעשטרענגטקייט און שאַרפקייט... און אָט יענע אויגן זיינען אים געווען גוט באַקאַנט — בערנאַרד קאָהען האָט גוט געדענקט זייער אויסדרוק, ווען ער האָט אין איינעם אַ פרילינג־טאָג צעבלו־טיקט אַ יונגן נעגער, וועלכער האָט געהאַט די העזה אָנצורופן אים „טאַטע".

ווען נאָר דאָס פלעגט טרעפן, פלעגט בערנאַרד קאָהען אויפ־ציטערן... ער פלעגט זיך גיך אויפהייבן פון זיין אָרט, זיך אַ לאָז טאָן אין דרויסן אַרויס, אַ שאָס טאָן זיין בליק, ווי אַ פייל, אויף יענער זייט גאַס:

— ער וועט צעדמען...

— ער וועט צענעהרגן...
נאָר דאָרט פֿלעגט שוין דעמאָלט קיינער ניט זיין.

גיך, פּלוצלונג, ווי ס׳וואָלט אים אַ ברען געטאָן, האָט זיך קאָהען אויפֿגעזעצט אויף זיין בעט. אָט יענע אויגן, פֿאַר וועלכע ער פֿלעגט זיך ביי זיך אין שטאָט אַזוי דערשרעקן, האָבן איצט אויפֿגעלויכטן אויף אים דאָ אין דער פֿינצטער. גרויסע, פֿייערדיקע אויגן, פֿייכטע און אויפֿוואַרפֿנדיקע.

און מיטאַמאָל האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז דער נעגער, וואָס האָט אים אַריינגעטראָגן אין דער קאַזטע, האָט נאָך אַליין ערגעץ דאָ אַרומעט געהאַלטן פֿאַרטאַיעט זיין אָטעם... ער האָט דאָ געמוזט שטיין גאָר נאָענט איבער אים, מיט אַ שווערד אין האַנט, מיט אַ שאַרפֿן מעסער... מר. קאָהען האָט זיך אַ ציטערנדיקער אַרונטערגעגליטשט פֿון בעט, איז אַנידערגעפֿאַלן אויף די קני און מיט אַ רחמנותדיקער שטים אָנגעהויבן בעטן זיך ביי אָט יענער אומגעזעענער טונקעלער געשטאַלט מיט די גלאַנציקע אויגן,— אָנגעהויבן בעטן זיך ביי דעם, ווי ביי אַ שוואַרצער אַפֿריקאַנישער געטשקע:

— איך בעט דיך, לאָז מיך אַרויס פֿון דאַנען... לאָז מיך אַרויס פֿון דאַנען, טייערער. איך וועל דיר געבן אַ סך, אַ סך געלט... איך וועל דיר אָפּגעבן גאָר די געלט, וואָס איך פֿאַרמאָג. לאָז מיך אַרויס...

אַפּנים, אַ היפּשע ווײַלע איז ער געשטאַנען אַזוי, אַ דערדריקטער, אַ נכנעדיקער, מיט אַ האַרץ פֿול חרטה; געשטאַנען אַזוי, מיט די ציטערנדיקע, הייסע קני אויפֿן קאַלטן דיל און געוואַרט אויף זיין משפּט. ער האָט זיך געשראָקן אויפֿצוהויבן זיינע אויגן. נאָר אַז ער האָט זיך סוף־כּל־סוף אָנגענומען מיט כּוח און אויפֿגעהויבן זיינע בליקן, האָט ער דערזען, אַז אָט יענע גלאַנצנדיקע אויגן זיינען שוין פֿאַרשוואונדן.

קאָהען האָט זיך אויפֿגעהויבן פֿון זיינע קני. אַ באַגאָסענער מיט שווייס און אין גרויסע אַנגסטן, האָט ער זיך געוואָלט צוריק

אַנידערלייגן איפֿן בעט. ער האָט שוין חרטה געהאַט אויף זיין פֿריערדיקער חרטה; אים האָט געערגערט זיין פּחדנותדיקער שרעק.

— ס'איז בלויז געווען אַן איינרעדעניש — האָט ער זיך באַרויִקט. — כ'מוז אַוודאי האָבן היץ. איך האָב זיכער נעכטן קאַליע געמאַכט דעם מאָגן.

און די רייד, וואָס ער האָט גערעדט אין דער פֿינסטער, האָט ער אויך גערעדט פֿון היץ אַוודאי, האָט ער געטראַכט. — קיינער איז דאָ ניטאָ...

נאָר דאָ האָט ער ווידער אַרויסגעלאָזן אַ געשריי: די זעלביקע גלאַנצנדיקע אויפֿוואַרפֿנדיקע אויגן האָבן ווידער געקוקט אויף אים... נאָר געקוקט האָבן זיי שוין איצט אויף אים אָנצאָליק פֿון דער גאַנצער פֿינסטערניש, פֿון אַלע ווינקעלעך. אין אַן אָנפֿאַל פֿון לעצטן טויט-שרעק, מיט זיינע לעצטע כוחות האָט ער זיך אַרויסגעטאָן צו דער קאַיוטע-טיר און זי אויפֿגעפּראַלט. די טיר פֿון זיין קאַיוטע איז אַרויס צו דער דעק צו.

אַ פֿאַרטאָגיקע גרויקייט האָט ערשט אָנגעהויבן שפּראָצן איבערן ים. די דעקן זיינען געווען פּוסט, נאַס פֿון מאָרגן-טוי און שמייסנדיקן ווינט. מאַראַנצן-שאָלעכטס האָט זיך אומעטום געוואַלגערט. קיינער איז ניט געווען. ער האָט געוואָלט עמעצן רופֿן צו הילף, ער האָט אָנגעהויבן שרייען, נאָר זיין שטים איז, דוכט זיך, גאָר געבליבן אין זיין אייגענער קעל.

— איצט איז זיכער געקומען מיין סוף — האָט ער דעמאָלט אַ טראַכט געגעבן.

ער האָט זיך געפֿילט אַזוי שוואַך... ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט אָן דעם פּאַרענטש, וואָס איז, ווי אַלץ איבן דעק, געווען נאַס פֿון מאָרגן-טוי און ים-נעפּל. אים האָט עס ווידער געריסן צום ברעכן. ס'האָט אים ווידער אָנגעהויבן מאָרנע אַזוי צו איבלען און מיאוסן. דער עקל האָט זיך קלעפּיק און נאַס צעשפּרייט, האָט אים אָנגעפֿילט אינגאַנצן, איז געוואַקסן און געוואַקסן — ס'איז שוין געווען אַן עקל צו זיך אינגאַנצן, צום גאַנצן אייגענעם דורכגעלעבטן לעבן.

— איך בין שוין אַ פאַרפאַלענער מענטש — האָט ער צו זיך גערעדט איינער אַליין אויף דער פרימאָרגנדיקער פוסטער שיף־דעק — אַ פאַרפאַלענער... אַפילו חרטה האָבן אויף מיין שלעכט לעבן קאָן איך שוין חאָך אויך ניט...

ס'איז אים אַליין געוואָרן איצט אַזוי קלאָר, ער האָט זיך איצט אַזוי גוט און אמתדיק פאַרשטאַנען. ער האָט דאָך געוואוסט: אַז אייב ער וועט קומען צוריק אַ געזונטער, וועט זיין גאַנצער חרטה־געפיל פאַרשווינדן... ווען זיין הזן וועט זיך אים ווידער ווייזן אויף די אויגן, וועט ער אים ווידער שלאָגן און פאַרטרייבן. ער וועט פאַרבלייבן אין אַלץ דער זעלבער אַכזר... און בכלל: ס'איז שוין, אַפנים, צו שפעט פאַר אים איצטער ווערן אַן אַנדער מענטש.

און עפעס מאָדנע, אָן שום פאַרבינדונג, איז אין זיין מוח צוזאַמען מיט די אַנדערע בילדער פון זיין לעבן, וואָס האָבן געהאַלטן אין אַ געמישטן אָנשווימען איצט אויף אים, אויסגעוואַקסן אַט יענע יונגע פראַנצויזישע פרוי, מיט וועלכער ער האָט פאַרבראַכט זיין לעצטע נאַכט אין ניו־יאָרק. ער האָט זיך דערמאָנט, ווי זיצנדיק אַזוי מיט איר אין אַ באַזונדערן קאַבינעט און בשעת זי איז אויף אַ ווייִלע אַרויס, איז ער אויפגעשטאַנען און מיט אַ געוואַלדיקער הנאה אָפגעטאָן אַ מיאוסן שפיצל מיט איר גלאָז וויין. און אַז זי איז געקומען צוריק און האָט אומוויסנדיק אויסגעטרונקען דעם וויין, האָט ער איר ערשט דערנאָכדעם דערציילט וועגן זיין שפיצל, מיט ווילדער הנאה האָט ער צוגעקוקט, ווי יענע איז צוערשט געוואָרן בלייך, דערנאָך רויט, און האָט זיך געצוואונגענערהייט פונאַנדערגעלאַכט, מיט טרערן אין די אויגן.

דער עקל צו זיך אַליין האָט זיך אין בערנאַרד קאָהען אַלץ געשטאַרקט. ער האָט זיך אומגעקוקט צו דער קאַיוטע־פינצטערניש, וואָס האָט זיך געשוואַרצט קעגן אים הינטן דער אָפענער טיר און ווידער האָבן די שוואַרצע, גלאַנציקע אויגן געקוקט אויף אים — געקוקט מיט דעם זעלביקן אויפוואַרף און שטומען מוסר־זאָגן...

און בערנאַרד קאָהען האָט דערפילט: ס'האָט אים מיטאַמאָל אָפגענומען דער חשק אָנצוקומען ווען עס איז אַהיים. שטיל, פאַר זיך, האָט ער אַלץ געהאַלטן אין איין איבערחזרן:

— ניין, פאַר מיר איז שוין ניטאָ קיין חרטה... קיין חרטה וועט מיר שוין סיי ווי סיי ניט העלפן...

עס זיינען שוין אָנגעקומען צו פליען די ערשטע מעוון, און האָבן זיך געקרייזט מיט אַ הייזעריקן גריליצן און געשריי אַרום און אַרום דער שיף, האָבן געוואַרט אויף די אָפּפאַלן פון דער פרימאָרגנדיקער קיך, וואָס וועלן שוין באַלד אַרויסגעשאָטן ווערן און אַרויסגעגאָסן ווערן אין וואַסער אַריין. די גרויקייט איבערן ים איז וואָס אַמאָל אַלץ ליכטיקער געוואָרן, אויפן שיף האָבן זיך שוין געלאָזט דערהערן די ערשטע פרימאָרגן-גערוישן.

די שיף איז איצט פאַרבייגעפאָרן דעם זאַמדיקן הויך-לאַנד פאָרט ניוס. עס האָבן זיך שוין פונם מאָרגן-נעפל אָנגעהויבן אַרויסשיילן די ווייסע טורעמס פון דער נאָענטער פלאָטן-אַקאַדעמיע.

אײַלנדיק, ווי זיך שרעקנדיק, אַז אַ פאַרגעבנדיקע און רחמנות-דיקע האַנט זאָל אים אין דער לעצטער מינוט ניט אַרויסראַטעווען, האָט בערנאַרד קאָהען שווער זיך אָנגעלייגט מיט זיין בויך איבער דעם שיף-באָרט. מיטן פנים אַראָפּ האָט ער זיך אַלץ נעענטער, נעענטער געהיקט צו דעם וואַסער, ביז דאָס וואַסער האָט אים קאַלט אַרומגענומען.

ס'איז ניט געווען קיין געשריי, קיין טומל, קיין הויך קול. אַ קליינע כוואַליע האָט בלויז דערנאָך עטלעכע מאָל נאָכאַנאַנד גע-פאַטשט קעגן דעם נידעריקסטן טייל שיף, וואו אין דער פעכיקער גלאַנציקייט האָבן זיך שוין די ערשטע זון-שטראַלן איבערגעבראָכן. און באַלד האָט זי דאָס אויך אויפגעהערט צו טאָן.

.1922

---

# פאַר אונזערע אָרעמע ברידער

## א.

דער טאָג איז געווען אַ מיטנוואָכיקער, און אַ סך מאַנכ=
פאַרשײנען האָבן ניט געקאָנט קומען אין צײט צוליב זײערע
געשעפטן.
די געשעפטן, וואָס זײ פלעגן אָנפירן פון קלײנע ציכטיקע
צימערלעך אַרײַם, אין די טורעמדיקע געבײדעס פונם נידעריקן
דאַון=טאַון*), אויף בראָדװײ, ניט װײט פונם װאַסער, אויף װאָל=
סטריט, װיליאַם=סטריט, נעסאַו=סטריט, דעי=סטריט און אַלע אַנדע=
רע שמאָלינקע געסעלעך, װאָס געפינען זיך נידעריקער פונם ניו=
יאָרקער סיטי=האָל**), — זיך דרײענדיקע און װיקלענדיקע לענ=
טעס, טיפע אָפגרונטן, שמאָל=שמאָלע באַרג=שפּאַלטן צװישן פיל=
פענסטערדיקע פעלזן=װענט.
אויף יענער זײט פון אָט די שטאַרק=הויכע פענסטערדיקע
בערג — מיט די אויגן צו פאַרדײסן און דעם גאָרגל=קנאָפ ביז
צום װײטאָג אַרויסשטאַרצן — זײנען געזעסן טויזנטער, טויזנטער
פאַרנומענע און שטאַרק=באַשעפטיקטע געשטאַלטן. װײס=באַבלוזטע
און תמיד=פאַרטאָגענע, מיט בלײע און פורפורנע אַבאַזשורן איבער
די אויגן. מיט די דין=פאַרשפּיצטע, אײַלנדיקע פינגער זײערע האָבן
זײ נאָכאַנאַנד אויסגעשפּילט אַלערלײ שליחותן אויף די קלאַװישן
פון די רעמינגטאָנס און אַנדערװאודס.

---

*) געשעפטלעכער צענטער פון ניו־יאָרק.

**) שטאָט־מאַגיסטראַט.

— שליחותן צו גאָר דער וועלט.

ווייל פֿון האַרטן, פֿון אַט יענע ריזיקע וואָלקן־קראַצערס, האָבן זיך געצויגן אומגעזעענע פֿעדים, און אַ שיעור לופֿט־שליאַכן איבער די שטאַטן, וואָס מזרח און מערב, צפֿון און דרום פֿון ניי־יאָרק, צו די מדינות איבער דעם אַטלאַנטישן און פּאַסיפֿישן אָקעאַן — אין די לענדער פֿון אייראָפּע און אַזיע. און אַליין פֿון אַט די שטייף־געקאָלנערטע מענטשעלעך מיט די גלאַנציקע פּליכעס, וואָס האָבן פֿון זייערע וואַקס־איינגעטריקנטע פּנימער, פֿון צווישן די שטייף־איינגעשנורעטע ליפּלעך, געהאַלטן אין איין שיכן באַפֿעלן איף די בלאָנדע סטענאָגראַפֿיסטקעס מיט די בלאָנד־געפֿאַרבטע האָר.

די דאָזיקע סטענאָגראַפֿיסטקעס האָבן כמעט אַלע געהאַט בלוי־געפּודערטע נעזלעך און געקרייזלטע הערעלעך, וואָס פֿלעגן אַרונטערהענגען איבער אויגן און שטערן. האָבן זיי גאָר בשעת־מעשה געטראַכט, אונטער די דאָזיקע געקרייזלטע הערעלעך, וועגן זייערע „באָיס", און וועגן די נאָענטסטע באַגעגענישן מיט זיי אין די טאַנץ־האַלן און סקעטינג־רינגס. און אַז די באַפֿעלן — צו דער גאַנצער גרויסער און ווייטער וועלט — פֿלעגן זיך איבערהערן צו שיטן איף אַט די ליבע, ליידיקע קעפּעלעך, ווי פֿון קופּיד־ליאַלקעס, — פֿלעגן זיי דעמאָלט זייער ערנסט נעמען און פֿלייסיק אָנהייבן צו שלייפֿן און פּאָלירן און אַרומשערן די שפּיציק־לאַנגע נעגל זייערע, ווי בײַ ווילדע קעץ.

אַז מען האָט דעריבער סערווירט אינם האָטעל דעם בלויפּאָינט אויסטער־קאָקטייל, זײַנען נאָך אַ סך פּלעצער בײַם לאַנגלעך־אָוואַלן, רייך־געדעקטן טיש געווען ליידיק. אינם זײַטיקן פּריוואַטן צימער פֿונם גרויסן מעק־גרעגאָר האָטעל — דאָס איז געווען דער פֿאַרימטער בלוי־און גאָלד־צימער, באַשײַנט מיט די שטילע אומגעזעענע ליכטער פֿון דער סטעליע אַרונטער — זײַנען איצטער מייסטנטיילס געווען אָנוועזנדיק דאַמען. ס'האָבן געפֿינקלט אינם עלעקטרישן ליכט די טײַערסטע בריליאַנטן און איידל־שטיינער, — געפֿינקלט

פֿון קאַמען אויף די גרויבאַרטיק־פֿאַרקעמטע פּריזורן אַרונטער, פֿון דיקלעך־געבאָליעטע פֿינגער, פֿון אויערינגלעך, פֿון בראַסלעטן.

רובינשטיין, דער שמש, וואָס איז געזעסן אין אַ ווינקל טיש אויף אַ ברעגל שטול, האָט זיך אומזיסט באַמיט פֿאַר זיך אָנצורופֿן די שטיינער ביי זייערע נעמען. ער האָט אַפֿילו נעמען פֿאַר בריליאַנטן קיינמאָל אין לעבן ניט געוואוסט. און איבער עפּעס האָבן זיך אים אין אָט דער מינוט אָנגעהויבן פּלאָנטערן מאָדנע נעמען פֿאַר איידל־שטיינער, נאָר זיי זיינען אַלע גאָר געווען פֿון תרגום אונקלוס:

— סמקן, ירקן, וברקן...

ס'איז געווען אַ מאָדנע זאַך... אַז אַ בעטע דאַמע מיט אַ דריי־עטאַזשעדיקן גיידער, האָט זיך צו אים געווענדט מיט עפּעס אַ פֿראַגע, האָט ער איר, פֿאַרשטייט זיך, אויף דער פֿראַגע גלייך געענטפֿערט. נאָך מער — ער האָט זיך שטאַרק צוגעאיילט, און געענטפֿערט מיט אַן אונטערטעניקער זריזות. בשעת אָבער ער האָט איר אַרויסגעזאָגט די ווערטער פֿון זיין ענטפֿער, האָבן זיך אים אין מוח, קוקנדיק אַזוי אויף דער דאָזיקער לייביקער און בלישטשענדיקער דאַמע, אַליין געפּלאָנטערט מאָדנע אַזעלכע קודרווועלישע ווערטער:

— קנכירי, טרקיא, ועין עיגלא...

אינם בלוי־צימער איז געווען איצט שטיל. איבער די טיגער־און לעמפּערט־פֿעלן, וואָס זיינען געווען אויסגעשפּרייט אויף די דילן, האָבן אַרומגעשמייעט די באַפּראַקטע קעלנערס. יעדער איינער פֿון זיי האָט סך־הכּל אַליין געהאַט דעם אויסזען פֿון עפּעס אַ ווילדטיקן שׂררה, וועלכער האָט זיך, פֿון גרויסער פֿאַרערונג, פֿרייוויליק גענומען צו באַדינען די דאַמען און הערן ביים אָוואַלן, רייך־געדעקטן טיש, — ווייל מסתּמא זיינע די פֿאַרשיינען, וואָס ביים טיש, געווען נאָך גרעסערע שׂררות פֿאַר זיי. פֿאַמעלעך האָבן זיי אַרומגעשוועבט, די קעלנערס, קונציק זשאָנגלירט מיט די טאַצן און טעלער, און באַלד, שווייגנדיק־פֿאַרגליווערט, שטיין געבליבן הינטער די שטולן פֿון די געסט, — אמתע סטאַטועס. סטאַטועס,

װעלכע פֿליען אָבער לעבעדיק װערן בײַ דעם מינדסטן באַפֿעל פֿון די שרתות בײַם טיש.

דער געשפּרעך האָט שטיל, בכבודיק געזשומעט: איבער די לעצטע טעאַטער־פֿאָרשטעלונגען, די נײַסטע פֿידל־זשעניען, דעם באַרימטן און גאָר גרױסן אינדישן פּאָעט, ראַבינדראַנאַט טאַגאָר, װאָס האָט איבערגעגעבן די שטילקײט פֿון דער הײמישער נירװאַנאַ צוליב דעם עולם־הזהדיקן רום און דער לעבעדיקײט פֿון דער װעלט־שטאָט ניו־יאָרק. אין די פּאַרפּוצטע סאַלאָנען פֿון אַ רײַכסטן ניו־יאָרקער האָטעל האָט ער שױן איצט אַ לענגערע צײַט געפּרײדיקט די דערהױבענע מידות פֿון אײַנזאַמקײט און אײַנפֿאַכקײט און מענטשלעכער גוטלעכקײט, — געפּרײדיקט דאָס אַלץ צו גרענדאַמען, װאָס זײַנען אַלײן געװען אמתע אױסשטעלונגען פֿון רײַכסטע קלײדער און שרײַענדיקסטע פּאַרפֿומען.

דערנאָך, אַז ס'איז שױן ניט געװען פֿון װאָס צו רײדן, האָבן די דאַמען אָנגעהױבן פֿאַרגלײַכן די פֿאַרשײדענע פֿוטער־שטיקער אױף זײערע פּעלצן און באָאַס. װער ס'האָט געהאַט אַ מאַרדער, װער אַ „הודסאָן־סיעל“, װער אַ לעמפּערט־פֿעל. װער אַן אײנפֿאַכע פֿײ אָדער פּיקען־פֿעלין.

קעלנערס האָבן פֿון הינטער די שטולן אַרום פֿון צײַט צו צײַט אָנגעפֿילט די גלעזלעך און באָקאַלן מיט װײַן.

אַז מע האָט שױן אָנגעהױבן צו סערװירן דעם „פֿױגל־נעסט־עוף־סופּ, צוגעגרײט אױפֿן כינעזישן סטיל, האָט זיך מ י ם ש ײ נ ט אַ ל אָנגעהױבן שטאַרק צו באַאומרויקן. דורך די געװירצטע פֿאַפּאַראָנטיק־פּלאַנצן און בלײַכע, לײַביקע טײ־רױזן, װאָס האָבן פֿאַרנומען דעם מיטאָג־טיש, האָט זי צוגעזאונקען צו רובינשטײנען אין דעם קעגנאיבערדיקן װינקל. יענער איז ניט טױט, ניט לעבעדיק, תּיכּף צוגעלאָפֿן און איז געבליבן שטײן אין אַן אָנגעבױגענער ניכטעדיקער פּאָזע.

— מר. ירושין גאָלסינגער... איר האָט אַפֿנים פֿאַרגעסן אים אײַנלאַדן?

— אַך, װי קענט איר עס... חלילה... כ'האָב אים ניט אײנמאָל װעגן דעם דערמאָנט דורך בריװ, ספּעציעלן שליח, טעלעפֿאָן...

— ער איז נאָך אַלץ נישטאָ...

און אירע אויגן איז געווען גרויס צעטומלעניש און אומגליק. אַזוי שוואַך האָט זי זיך איצט געפילט, אַז זי האָט געזוכט פאַרזיכערונג און הילף אַפילו ביי אים, דעם תמיד־דערשראָקענעם רבינשטיינען, וועלכער האָט געהאַט אַפילו איצט אַזאַ דערשלאָגענעם הילוך — דער פראַק און די מאַנישקעס, וואָס ער האָט איצט אויף זיך אַרויפגעצויגן, האָבן אים געמאַכט אויסזען נאָך דערשלאָגענער און יורדישער, — אָט ווי ער וואָלט זיך יענע מינוט געריכט קריגן פון ערגעץ אַ פלוצלונגדיקן זעץ.

נאָר ווייל זי האָט צו אים אַרויפגעקוקט נאָך הילף, איז ער אויסגעגלייכטער געוואָרן און האָבנדיק אַרויסגעפּראַלט:

— ער'ט קומען!

און אַזאַ פרומקייט און גלויביקייט איז ביי אים געווען איצט אויפן פּנים, פּונקט ווי ער וואָלט אין אָט די רגע אַריינגעלייגט זיין טיפסטן „כ'גלויב".

— כ'גלויב באמונה שלמה אין דעם אָנקומען פון משיחן, און אַפילו, אַז ער וועט זיך פאַרזאַמען, וועל איך דאָך אויף אים וואַרטן יעדן טאָג, אַז ער זאָל קומען.

און ביסלעכווייז האָט זיך שוין דער גאַנצער עולם אָנגעהויבן צונויפקומען, ווייל דער טאָג האָט זיך שוין אָנגעהויבן נויגן צו זיין סוף.

ער איז געווען אַ ליכטיקער, אָט דער טאָג, אַן אָנדויב־פראָסטיקער. אַ טרוקענע ווייט־וועלטיקע ליכטיקייט, — אַ ליכטיקייט פון אַ ווינטער־טאָג, וואָס איז מיטאַמאָל שטיל געוואָרן — האָט זיך געקנייטלט אינם אַוויר. אויבן איז די ליכטיקייט געווען געדיכטער, פאַרפרוירענער, זיך געפלעקט אויפן הימל אין קאַלט־פייערדיקע וואָלקן־פאַסמעס, — אָפגעשניטענע פעלן פון אַלערליי אויסטערלישע חיות.

די הימל־זוימען האָבן איצט רויט דערטליעט.

פון צענטראַל־פּאַרק וועסט זייט האָט זיך די שוואַרץ־גלאַנציקע לימוזין, אין וועלכער מר. יודזשין גולדינגער איז גע-

זעסן, שטיל געקייקלט איף די גומענע רעדער, דערנאָך פאַרקערעוועט זיך איף בראָדוויי. איף בראָדוויי האָבן יודישן גולדסינגער באַגעגנט אַוטאָמאָבילן, קאַרעטן, לימוזינען, רייכע קליידער, גלאַנציקע וויטרינען, ליכטיקע טייער־לאַנגע אַפישן און העל־בלענדיקע עלעקטרישע שילדן. ווען נאָר די עוועניו האָט זיך מיט אַ גאַס געקרייצט, האָט רעכטס אַרויסגעשיינט די בלוי־שטאָלערנע איבערפלאַך פונם האָדסאָן. אַזוי ביי יעדן איבערשניט פון גאַס און עוועניו. אַ דאַמפער. קוימענס פון ווייטע פאַבריקן איף יענער זייט טייך, וואָס האָבן זיך שטענדיק גערויכערט, — זיי האָבן אויסגעזען, ווי זיילן רויך פון ערגעץ אַ ווייטן פאַרצייטיקן טעמפל אַרויף. שקיעה־גלאַנצן אין פענסטער פון ווייטע הייזער איף יענער זייט האָדסאָן, אין וועסט ניו־יאָרק. און ווען מר. גולדסינגער האָט צוריקגעצויגן זיין בליק ווידער אַהער, צוריק — האָט זיך דער אַספאַלט פון דער עוועניו געקייקלט אונטער די רעדער פונם לימוזין, מיט נחת און איבערגעבנהייט.

אַ וועלט איז אים איצט איף בראָדוויי אַנטקעגן געגאַנגען — צוליב זיין הנאה וועגן, אים מקבל־פנים צו זיין! און יודישן גולסינגער, אין זיין פראַק און צילינדער־הוט, פאָרנדיק אַזוי אין לימוזין אַרונטער שטאָט צו, האָט זיך געפילט עפעס, ווי אַ יונגער קיניג, וועלכער פאָרט פאַרביי פאַר זיין פאָלק... דאָס פאָלק פאַראַדירט עס פאַר אים איצט, פאַרפלייצנדיק די גאַסן.

אַ מענטש אין עלטער פון אַכט און צוואַנציק יאָר. קומט אַרויס פון אַ פאַרמעגלעכער אומאָפהענגיקער משפחה. זיך ערשט אומגעקערט פון אַ רייזע קיין אייראָפע — קיין פוילן און אוקראַינע. אין מוח האָבן אים נאָך איצט אויך געשוועבט די לענדער, די איינדרוקן, די אָרעמע און חרובע שטעט און שטעטלעך פון „יענער זייט“. אין אַ ריי האָבן זיך גרינג אויסגעשטעלט די וואונדערבאַרע טעג, אָנגעפילט מיט שרעק, אומדערוואַרטע פאַסירונגען און באַגעגענישן, מיט וויסטענישן, בלוט, מגפות, הונגער און אָרעמקייט פון איין זייט; און פון דער צווייטער זייט, דער לוקסוס, — אמתע, אַ קנאַפער , — דער וואוילטאָג, די אָפגעזונדערטע פריוויליגיעס, וואָס ער האָט אין דער אַרטיקער הויכער היסטעניש

טויזנט מאָל טייערער אָפּגעשאַצט, ווייל זיי האָבן אים דאָך פאַר־שאַפט אַ זיס־פאַרשיכּורנדיקן געפיל פון דערהויבנקייט, פון הע־כערקייט און בעסערקייט פון אַלעמען אַרום אים. די באַרוישנדיקע טעג, וואָס ער האָט פאַרבראַכט אין וואַרשע און אין קיעוו, און אין די פיל קלענערע חריבע שטעט און שטעטלעך, וואָס אַרום און אַרום.

זיינע רעיונות, זיין געהויבנקייט מיט זיך האָבן זיך פּלוצלונג אָפּגעהאַקט. דער שאָפער, אין לאַנגער פּעלערינע־מאַנטל, האָט געלאָזט אַ וואַרעמע פּאַרע פון דעם לימוזין אַרויסשפּאַרן.

ידושין גולדבינגער איז אַרויסגעשפּרונגען פון דער מאַשין.

מעק־גרעגאָרס האָטעל... אַ היימישקייט האָט אויף אים אַ זוי געטאָן פון דעם באַקאַנטן פּרעכטיקן בנין. די גרויסע גלאַנציקע, האַרטע פּיקוס־פלאַנצן ביי די טירן, די שלאַנקע, חשובע און אוי־באַוועגלעכע לאַקייען, וואָס האָבן אים אויך אויסגעזען, ווי אַזעלכע שטייפע און גלאַנציקע פּיקוס־פלאַנצן, — אָ, ער האָט זיי גוט געקענט. ניט איינמאָל איז ער שוין דאָ געווען.

אַמאָל, ווי אַ פאַרמיטלער, ביים פאַרשטענדיקן זיך פון ביי־דע צדדים אין אַ גרויסן סטרייק־סיכסוך. און נאָך מער, — אינם משך פון די לעצטע פאָר יאָר — ביי די אָפטע וויכטיקע צוזאַמענ־קומונגען אין די רייכע געמיטלעכע האָטעל־חדרים, וואו עס פלעגט באַשלאָסן ווערן דער גורל פון מיליאָנען יידן אויף „יענער זייט“ — אויף די אָפטע כלל־טוערשע באַראַטונגען וועגן הילף פאַר די מלחמה־געליטענע.

אַן אויסגעגלייכטער און פרישער איז געווען זיין טראָט איבער די טעפּיכער, וואָס האָבן געפירט, ווי קאָלירטע סטעזשקעס צווישן די הויכע דעקאָרירטע ווענט. אַ געדאַנק האָט אים בשעת מעשה ערגעץ אין מוח דורכגעלויכטן, אַז ער איז דאָך איינער פון די גאָר אָנגעזעענסטע באַאַמטע פון דער גרויסער, שטאַרקער הילפס־אָרגאַניזאַציע, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן, כדי צו העלפן אונזערע אָרעמע ברידער אין דעם לאַנד פון חורבן.

חאָם לאַנד פון חורבן, וואָס הייבט זיך אָן גלייך אויף יענער זייט אָקעאַן.

יודושין גולדסונגער, אַ שלאַנקער און פעסט-געבויטער מאַנס-ביל — ניט אומזיסט איז ער געווען מאַיאָר אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי בעת דער וועלט-מלחמה — איז שנעל און לעבעדיק דורכ-געגאַנגען דורך די טראָפּישע פלאַנצן, וואָס האָבן אָנגעפילט די קאָרידאָרן, די גרויסע פאָיע און דעם מעזאָנין-באַלקאָן. ער האָט איצט געפילט אַ שיעור כוח אין זיך. זיינע פיס-מוסקולן האָבן ממש געחורשט נאָך באַוועגונג. ער האָט דעריבער ניט געוואָלט נעמען דעם ליפט; ער איז אַרויפגעלאָפן די טרעפ, איבערשפּרינ-גענדיק צו עטלעכע טרעפ מיטאַמאָל.

דורכגייענדיק דעם קאָרידאָר, האָט אים אַ בליאַסק געטאָן אין די פּריש-גלאַנציקע אויגן אַ סך וואַרעמקייט, אַ סך ליכט, פון די לאָמפּן און ליוסטרעס אויף די געוועקסטע ווענט. אים איז מיט אַמאָל, כאָטש בלויז אויף איין רגע, אײַנגעפאַלן, אַז ער וואָלט אפשר ניט געהאַט געדאַרפט אָננעמען די איצטיקע אײַנלאַדונג: ער טאָר זיך ניט ביליק מאַכן מיט זיין צו אָפטער דערשיינונג אין דער עפנטלעכקייט. נאָר דאָ איז אים באַלד אַרויפגעקומען אויפן דמיון דער מאָדנער, צוציענדיקער שמייכל פון יענער פרוי, וועלכע האָט אים אַהער אײַנגעלאַדן... צופרידן-גדלותדיק האָט ער דאַמאָלסט אַ טרייסל געטאָן זיין גרויע האָר, פאַרשטופּט די מאַנזשעטן אַ ביסל טיפער אונטער די אַרבל אַריין, איידער ער איז טריומפירנדיק אַרייַנ-געגאַנגען אינם „בלייען-צימער" פונם מעק-גרעגאָר האָטעל.

עס איז שוין געווען, אַז מע האָט סערווירט דעם ברוינ-אײַנגעפרעגלטן פילאַדעלפיער קאָפּ-האָן. אַ פּלוצלונדיקע שושקענדי-קע שטילקייט איז דורכגעלאָפן איבערן טיש, און איין פרויען-קאָפּ צום צווייטן, און איין הערן-אַקסל צום צווייטן צוגעבויגן: שוואַ-כער, בילפלאָזער וואַסער-אַיר אונטער אַ ווינטל.

איידער דאָס ווינטל האָט זיך אײַנגעשטילט און אָפּגעשטעלט זיך לעבן מיס עסטעל שייטאַלן, האָט זיך דאָס שושקען שוין באַ-וויזן אַרומצוטראָגן איבערן גאַנצן טיש, דורך די קילע פּאַפּאָראָט-ביק-בלעטער און טיי-רויזן ביי זיינע זוימען.

— ס׳ט שוין זיין אַ פּאָרל...

— דער אַלטער שיינטאַל וועט שוין איצט אַוודאי מאַכן שותפות מיט גולדסינגערס נאַציאָנאַל-באַנק.

— איז אַליין איך ניט אַבי-ווער... מ׳זאָגט, אַז ער קאָנטראָלירט דאָס רוב אַקציעס אין דער פירמע „שענטאַל און בענסאָן, וואָל-פאַבריקאַנטן".

— ווי דען... און שטאַמען שטאַמט ער פון גרויסן יחוס — אַ דירעקטער צווייג פון דער באַרימטער שיינטאַל-פאַמיליע אין גראַץ!

— און זי אַליין, די טאָכטער? אַ פולקומענהייט אין אַלע פּרטים. — דאָס איינציקסטע, וואָס מען קאָן זאָגן וועגן איר. וואָס דאַרפט איר מער — דער זון פונם ענגלישן קיניגס פּריוואַטן באַנקיר — אַ ייד — האָט זיך צו איר איינמאָל געשדכנט. ס׳האָט שוין געהאַלטן ביי אַ שידוך. נאָר דער פאָטער אירער האָט אים ניט געוואָלט — כ׳וויס... געווען, זאָגט מען, אַ יונגער מאַן נאָך ניט קיין געזעצטער.

און כאָטש זי האָט געשטאַמט פון דער באַרימטער שיינטאַל-פאַמיליע אין גראַץ, און כאָטש איר פאָטער האָט קאָנטראָלירט דאָס רוב אַקציעס אין דער פירמע „שיינטאַל און בענסאָן, וואָל-פאַבריקאַנטן", די באַזיצער פון די באַרימטע טעקסטיל-פאַבריקן אין מ א ס א ט ש ו ז ע ט ס שטאַט, און כאָטש צו איר האָט זיך שוין איינמאָל געהאַט געשדכנט דער איינציקער זון פונם ענגלישן קיניגס פּריוואַטן באַנקיר (מען האָט צווישן עולם אַרום טיש מיט יראת-הכבוד דערציילט, אַז אויף זיינע באַשיידן-געדרוקטע וויזיט-קאַרטלעך איז געווען געדרוקט פונקט אַזאַ באַשיידענע שוואַרצע שורה: „באַנקירן פון זיין מאַיעסטעט, דעם קיניג") — איז ניט קוקנדיק אויף דעם אַלעמען — און אפשר טאַקע מחמת אָט דעם אַלעמען — איז דער פאָטער אירער געווען דער פּרעזידענט פון דער באַרימטער רעפאָרמערישער סינאַגאָגע „גייסט אָוו מירסי" („שערי רחמים"). און זי, די טאָכטער זיינע, האָט זיך אויך ניט גרויס געהאַלטן: זי האָט אויף זיך פריוויליק גענומען צו אָרגאַניזירן אין דער זעלביקער סינאַגאָגע אַן אונטערהאַלטונג און טאַנצן מיטן צוועק צו זאַמלען געלט פאַר אונזערע פאַראומגליקלעכסטע אָרעמע ברידער.

ס׳איז געגאַנגען איצט צו ווייַנאַכט־צו. אַרום אַט דער צייַט ווערן דאָך אין אַלע קירכן אַראַנזשירט אונטערנעמונגען, כּדי אַרויסצוהעלפֿן די נויטבאַדערפֿטיקע אויף די גוייִשע ווינטער־חגאות מיט ווייַנאַכט־מאָלצייַטן. און אַזוי ווי אין די צייַטונגען איז שוין אַזוי־פֿיל געשריבן געוואָרן וועגן די לייַדן פֿון אונזערע אָרעמע ברידער (ס׳איז אַפֿילו געווען אַ ווייטאָג און אַ שאַנד צוצוגעבן, אַז אַט יענע לייַדיקע, פֿאַרווערימטע און אָפּגעריסענע, באמת הייליג־פּרעכטיגע מענטשן פֿון מזרח, מיט די ממש שווידערלעכסטע מאַנירן, — אַז אַט יענע זאָלן עס זייַן אונזערע אָרעמע ברידער... אָבער יענע, די אָרעמע ברידער, האָבן עס דאָך נאָכאַנאַנד געהאַלטן אין איין שרייַען און אין איין איבערחזרן אַזוי, אַז עס האָט געמוזט בלייַבן אין קאָפּ), בכן איז באַשלאָסן געוואָרן צו פֿאַראַנשטאַלטן אין איינעם פֿון די נאָענטע טעג, צום די ניטל־חגאות, אַן אונטערנעמונג און אַ טאַנץ פֿאַר די אייגענע קהילה־מיטגלידער. טאַקע אין די געזעלשאַפֿטס־צימערן פֿונם טעמפּל „גייטס אָוו מוירסי“.

אָבער דער דערפֿאָלג פֿון אַט דער אונטערנעמונג האָט זיך שטאַרק געווענדט אָן דער אָנוועזנהייט פֿון דעם באַרימטן כּלל־טוער יודזשין גולדסינגער און אָן דער רעדע, וואָס ער וועט דאַרפֿן האַלטן איפּן באַזאַר, וואו ער וועט דערציילן זייַנע פּערזענלעכע אייַנדריקן פֿון זייַן לעצטער רייזע אין מזרח־אייראָפּע, און פֿון זייַן אַרבעט אויפֿן אָרט. ס׳איז געווען קלאָר: אַט אַזאַ רעדע, און פֿון אַט אַזאַ נאָבעלער פּערזאָן וועט זיכער דאַרפֿן שטאַרק רירן די אָנוועזנדיקע. דערנאָך וועט מען צונעמען בייַם עולם די באַשטייַערונגען און ערשט נאָך דעם וועלן פֿאָרקומען די טענץ.

און פּונקט, ווי די פֿאַרזאַמלטע — אַלע מיטגלידער פֿון דער קהילה „גייטס אָוו מוירסי“ — וואָלטן בייַ זיך באַשלאָסן לאָזן צו־רו אַט די צוויי, מיס עסטעל שייַנטאַל און מר. יודזשין גולדסינגער, לאָזן זיי אַליין מיט זיך, ווי אַ יונגע חתן־כּלה־פּאָר, וויסנדיק, אַז אָן זייער געשפּרעך ווענדט זיך דער דערפֿאָלג פֿון דער גאַנצער אונטערנעמונג — האָבן זיך אַלע מיטאַמאָל גענומען ריידן העכער און שטאַרקער צווישן זיך. ווייס איך וואָס, זיי הייבן גאָר־

ניט אָן צו הערן, וואָס ס'קומט פאַר דאָרטן אויבן-אָן... גאָרניט! גאָרניט!

— דער און דער האָט געקויפט אַ נייעם ראָלס-ראָיס*), אַכצן טויזנט דאָלער באַצאָלט.

— יענער און יענער האָט פון דאָס ניי איבערגעפאַרבט זיין מאָטאָר-שיפל — נאָך דערצו אַריינגעשטעלט שפּאָגל-נייע בענק און זיידענע אָריענטאַלישע קישעלעך.

און דערנאָך איז געוואָרן שטיל, און לאַנגווייליק. אַ זאַטע לאַנגווייליקע שלעפעריקייט, וואָס נאָך אַ שווערן מאָלצייט..

דאָ האָט אַ פליכטוואַטער הער גוטמיטיק זיך אָפּגערופן צו רובינשטיינען, — דעם שמש פון דער שול, וואָס איז געזעסן אַ שווייגנדיקער אין זיין ווינקל טיש, ווי אַן אָרעמער אין שטאָלצער קרוב, וועלכער האָט שוין חרטה, פאַרוואָס ער האָט אָנגענומען די איינלאַדונג צו דער חתונה, אויף וועלכער ער פילט זיך פרעמד און איבעריק. דער האָזיקער הער האָט צו אים גערעדט אַן אומיש-נע-געבראָכענעם דייטש, ספּעציעל פאַר אָט דער געלעגנהייט גע-כּשרט און געיידישט מיט אַ פּאָר העברעישע ווערטער.

— נו, וואָס נאָך ווילט איר... איר זעט... ס'איז דאָך אַלץ פאַר אייך, רובינשטיין, אַלץ פאַר אייך... זיי זינט דאָך אַיין רוסי-שע יודע?

רובינשטיין איז פאַרצאַפּלט געוואָרן. ער האָט געמאַכט אַ פאַרצווייפלטע אָנשטרענגונג, אַז זיין לשון-דייטש זאָל אַרויסקו-מען אַמווייניקסטן כאָטש אַזוי פיל דייטשיש, ווי זיין פריערדיקע שפּראַך. ער האָט זיך פונאַנדערגעשאָקלט, זיך אַ ווײַלע געטרייסלט, געצאַפּלט, ווי אַ קאַליע-געוואָרענער זייגער, איידער ער הייבט אָן צו שלאָגן, און פאַרלאָרנקייט האָט ער געשטאַמלט און געבראָפּלט עפּעס... דער תּוך פון זיין אויפגערעגטן ענטפער איז אומגעפער געווען דאָס פאָלגנדיקע:

— אַך, חלילה, וואָס רעדט איר... ער — אַ ליטוואַקישער, אַ רוסישער יודע? מער פעלט אים ניט! חלילה, ער איז בשום אופן

*) אזא סאָרט אווטאָמאָביל.

ניט קיין ליטווישער — ער איז גאָר אַן אונגאַרישער ייִדע... דאָס הייסט, מען קען דאָך טאַקע זאָגן — אַן עסטרייכישער... אַלנפאַלס, ביז ניט לאַנג צוריק אַן עסטרייכער...

נאָר אומזיסט האָט דער אָרעמער רובינשטיין זיך אַזוי געטרייסלט: זיין צאַפּלדיקן ענטפער האָט שוין קיינער סיי־ווי ניט געהערט, און ער איז איצט אויך ניט געווען וויכטיק, דער ענטפער זיינער; מען האָט שוין איצט אונטערגעטראָגן די געסט די קליינע קוביקעס דעמי־טאַס מיט די פיינע פראַנצויזישע טאָרטן.

אויף יודישין גולדינגערס פּנים איז די גאַנצע צייט פונם מאָלצייט געווען אויסגעשפּרייט די באַשיידענע אָנוועזנדיקע שטאָלצקייט פון אַ גביר אַ פּורן, וואָס ווייס טאַקע גאַנץ גוט דעם ווערט פון דער טובה, וואָס ער האָט געטאָן אַ מענטשן, נאָר וויל אָבער קיין סך ניט ריידן דערפון: מיטן פיינעם טאַקט זיינעם מאַכט ער עס צו גאָרניט. און מיס שיינטאַל האָט שוין דעריבער אויך די גאַנצע צייט געלויכטן מיט אַ גליקלעכער שעמעוודיקייט, די דאָזיקע גליקלעכע שעמעוודיקייט איז ביסלעכווייז אין נאָכאַנאַנד אַריבערגעגאַנגען אויך אויף אַלעמענס פּנימער:

— אַלץ וועט שוין זיין גוט. אַלץ וועט שוין זיין גוט.

אָבער גראָד אין אָט דער מינוט האָט דער שמש רובינשטיין זיך דערפילט מיטאַמאָל שטאַרק אומרויִק. ס'איז געווען אַ מאָדנע אומרויִקייט, — אַן אומרויִקייט, וועלכע פלעגט אים לעצטנס אָפט פּלוצלונג באַפאַלן — סיי ביי טאָג, סיי אין מיטן דער נאַכט.

ער האָט זיך איצט נאָכאַנאַנד אַלץ געהויבן פון זיין שטול און זיך צוריק אַנידערגעזעצט, זיך געהויבן פון זיין שטול און זיך צוריק אַנידערגעזעצט. בשעת־מעשה האָט ער זיך אַלץ געטאַפּט ביי דער בוזים־קעשענע און געוואָרפן דערשראָקענע, רחמים־דיקע בליקן אויף די אָנוועזנדיקע, בעטנדיק ביי זיי רשות אַרויסצוגיין, — ווי אַן אָרעם, ליטוויש־דערצויגן הינטל, וואָס בעט זיך „אַרויס"...

אַזוי ווי ביים טיש איז שוין מער ניט געווען וואָס צו טאָן, האָט זיך דער עולם אויפגעהויבן און אָנגעהויבן אַרומשפּאַצירן אינם נאָענטסטן חדר, הייכערן און פּלוידערן. דעמאָלט האָט רובינשטיין

מיט ציטערדיקע הענט אַרויסגעשלעפּט עפּעס אַ פּאַפּירל פֿון בוזים-קעשענע, אַ צעקנייטשטע פּאַפּירל, מיט צעריבענע זוימען און אַרומהענגענדיקע פּאַפּירענע צייטן.

זיך אומרויִק אַרומקוקנדיק אין אַלע זייטן, האָט ער אַ פּאָר מאָל געפּרוּווט אָנהייבן לייענען דאָס דאָזיקע צעריבענע פּאַפּירל. נאָר פֿונם צווייטן חדר האָבן זיך אַלע ווײַלע געהערט טריט: מע האָט געקאָנט יעדע מינוט אַרײַנקומען אַהער, און אים טרעפֿן מיט אָט דעם אין האַנט — אָט מער פֿעלט אים ניט... און די קעלנערס, וועלכע האָבן איצט פֿון טיש צוגעקליבן, האָבן, דאַכט זיך, אויך עפּעס אַליין אַזעלכע מאָדנע, אָפּשפּעטערישע בליקן געוואָרפֿן אויף אים, — בליקן טשיקאַווע, בליקן פֿון אויבן אַרונטער. דאַכט זיך — וואָס? וואָס איז דען געווען אויף אים צו זען? אַ בלייכער איז ער געווען, אַן אײַנגעקוואַרטער און אַן אײַנגעדאַרטער, איז דער סמאָקינג אויף אים געהאַנגען, ווי אַ זאַק, און די מאַנישקע, די שטייף-אײַנגעפּרעסטע, האָט זיך אַליין אויפֿגעבלאָזן און געשפּאַרט אַרויס... אָבער מער ניט.

האָט זיך ענדלעך היבנשטיין, אונטער זייערע קעלנערישפֿאַרעכטלעכע בליקן, אָנגעהויבן אַרומוואַרפֿן איבערן צימער, אָט פּונקט, ווי אַ געכאַפּט מייזל אין אַ פּאַסטקע. ער האָט זיך קיין אָרט ניט געקאָנט געפֿינען. ער האָט גענומען און דורכגעשאָסן דורך דער טיר-עפֿענונג, אָנגעהויבן לויפֿן, ווי אַ נאָכגעיאָגטער, איבער די ווייכע טעפּיכער פֿון די האָטעל-קאָרידאָרן, ביז ער האָט דערזען אויף אַן עמאַלירט מעטאַלן ברעטל, צוגעקלאַפּט אויף אַ טיר, אַ פּאָר שוואַרצע ווערטער. ערשט דאָ האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם. זיי האָבן אים אויסגעזען, די דאָזיקע פּאָר ענגלישע ווערטער, ווי אַן אומגעוואַרטע, אַ ליבטיקע דערלייזונג, —

## מאַנסבילשער אָפּטרעט.

ער איז אַרײַנגעפֿאַלן אַהין און פֿאַרריגלט די טיר. דאָ איז ער לכל-הפּחות געווען זיכער, אַז קיינער וועט אים ניט זען און פֿון אים ניט אָפּלאַכן.

פּינם באַל־צימער, וואָס האָט זיך געפינען מיט איין עטאַזש העכער, האָט זיך געלאָזט הערן דאָס ווייכע, טרוימערישע פאַרציען זיך פון פידלען און פלייטן... דער צונויפגעקליבענער עולם האָט נאָכן רייכן מאָלצייט זיך געלאָזט איצט וואַלצירן. און אונטער אָט דער ווייכער, איינגעקעכלטער אין אייל־פאַרטרוימטע כוזיק האָט רובינשטיין ווידער היימליך אַרויסגעשלעפּט דאָס צורומפּלט־צעקנייטשט בייגעלע פּאַפּיר, — דעם בריוו, וואָס ער האָט מיט עטלעכע טעג צוריק געקראָגן פון זיינעם אַלאַנדסמאַן, זיינער אַן אַמאָליקער חבר נאָך פון חדר אַרויס, ערגעץ אין אַ שטעטעלע אין פּאָדאָליער גובערניע. אינם דאָזיקן בריוו האָט ער איצט געלייענט צום כ׳ווייס אַליין ניט וויפילטן מאָל:

„...און וואָס זאָל איך דיר נאָך דערציילן, אַז ס׳איז ניט צום באַשרייבן: קאָן איך דען איבערדערציילן אַלע מוראדיקע זאַכן, וואָס איך האָב געזען מיט מיינע אייגענע אויגן. ווי איז צו זיי, וויל זיי זיינען נאָך ניט בלינד געוואָרן: זאַוול דעם סוחרס קליין מיידעלע פון דריי יאָר האָט זיך אַ גאַנצן פרימאָרגן געבעטן מע זאָל עם אַרויפזעצן אויפן אורינאַל: זי איז געווען אַ שוואַכס, און האָט זיך אַליין ניט געקענט באַוועגן, וויל עס האָט געליטן פון ראַכיט: נאָר ווער האָט זי געקאָנט אַרויפזעצן: איר מאַמע גניעמע די סופּרמע איז דעם זעלבן פרימאָרגן געשטאָרבן, נאָכדעם ווי די קאָזאַקן האָבן זי מאַנס געזען און צעגהרגט בשעת־מעשה פון גרויס ווילדקייט און ווילדן תענוג: זאַוולען אַליין האָבן זיי צעשפּאָלטן דעם מוח, וויל ער האָט זיך אָנגענומען פאַר זיין וויב און זיינע אויגן האָבן די שאַנדע ניט געקאָנט צוזען: און אין דעם זעלבן חדר ניט ווייט פונם קינד ליגט פעשקע די קראַסאַוויצע, זאַוולס פּיפּצן־יאָריקע פּלימעניצע: נאָר זי איז צעמישט און גלייכגילטיק, ניט וועלנדיק אָדער ניט זייענדיק אימשטאַנד צו העלפן דעם קינד: טראַכטנדיק אין ביטערניש, אַז זי איז איצט אַליין טראָגעדיק מיט אַ גויש קינד און אַז זי איז אָנגעשטעקט געוואָרן מיט פראַנצן: נו, האָט דאָס קליינע דריי־יאָריקע מיידעלע געמוזט בלייבן ליגן אין זיין אייגענער צואה אַ לאַנגע צייט: ס׳איז געווען צו שוואַך אויפ־

צושטיין: איז עס געלעגן און לעבעדיקערהייט געפוילט אַזוי אין דער אייגענער צואה און געשטאָרבן צווישן די קריכעדיקע ווערים".

ב.

פונם הויכן פאַרשפּיצטן, געוועלבטן פענצטער — ווי אין פאַרצייטיקע יידישע שולן אָדער קאַטוילישע קאַשציאָלן — האָט זיך געזעען, ווי עס ציט זיך ווייט דער ברייטער רחבותדיקער גרענד־קאָנקורס.

דאָס רייכע אַפּאַרטאַמענט־הויז איז געווען געבויט ווי אַ קלין, ווי אַ דרייעק, ווייל אַ זייטיקע גאַס איז ביי אָט דעם ווינקל אַריינגעפאַלן אינם גרענד קאָנקורס — דער גאַס־אָקעאַן. מיט אָט דער שמאָלער, איינפענסטערדיקער וואַנט איז דאָס הויז אויפן קאָנקורס אַרויסגעקומען — בלויז אָט־אָ־די איינציקע פערפענדיקולערע ריי פענסטער, און קיין אַנדערע פענסטער, וואָס האָבן אַריבערגעקוקט, קיינגלעך — אַליין און אָפּגעאיינזאַמט, אויף דער ברייטער עוועניו.

דאָ ביי אָט דער וואַנט האָט ידישין גולדינגער געהאַט זיין קאַבינעט. אַרויסקוקנדיק פון זיין הויכן פענסטער אויפן אַכטן עטאַזש איבער דער ברייטער וועלט אונטן און אַרום, האָט ער זיך טאַקע גאָר געפילט, ווי אַ מלך, ווי אַ הערשער איבער גאָר דער וועלט.

אַ בולוואַר האָט זיך אין מיטן פון דער טאָפּלט־ברייטער עוועניו געצויגן. שוואַרצע ריטלעך פון הוילע בוימער האָבן זיך געפּלאָכטן און געצייכנט אויפן לופט־בלוי, — פאַנטאַסטישע בוימער־סקעלעטן, געמאָלענע מיט איידעלע וואַסער־פאַרבן. אין דער אָראַנזש־פלאַמענדיקער ווינטער־זון האָט ערטערווייז טונקל געפלאַקערט דער פעכיק־שוואַרצער אַספאַלט, געפלאַקערט מיט טונקעלע פייער־לידזשעס. און ווייט אַריבער די מוירן און קאָטעדזשעס פונם גרענד קאָנקורס מיט די שקיעה־ברענענדיקע פענסטער — יעדעס פענסטער אַ חלום, אַ ווייט לאַנד און אַן אַנדער וועלט — האָבן זיך געצויגן טאָלן. טאָלן מיט מענטשן נאָך ניט קיין באַזעסענע, פעלדיקע, ווילדע טאָלן, באַבוימט מיט די דזשעראַס־וועלדער, וואָס זיינען סאַמע פון שטיינער־שפּאַלטן געוואַקסן.

שטאָטישע באַנען האָבן זיך ערגעץ אויף ווייטע רעלסן אין דער לופֿט געקרימט און געבויגן זיך — שטאָלענע, עלאַסטישע חיות, וואָס האָבן אָנגעפֿילט די לופֿט מיט דער פֿרייד פֿון גרויס־שטאָט. אַ ווייטער בריק איבערן האַרלעם־טייך, אַ סך, אַ סך בויגן־פֿאָרמיקע בריקן. שיפֿן, דאַמפֿערס, מאָטאָר־שיפֿלעך, שלעפּ־באַרקאַסן, אַ ווייס־פֿאַרנעפּלטער טייך. פֿונם טייך־נעפּל האָבן שוין איצט אינם אָוונט לאַמטערנעס אָנגעהויבן אַרויסשיינען — די אייביקע אילומינאַציע אויף אַן אָוונטיקן ניו־יאָרקער טייך.

און ווייטער האָבן זיך געצויגן בערג, און ווידער אַ טייך, דער האָדסאָן, פֿון דאַנען האָט מען אים אַפֿילו ניט געקאָנט זען, נאָר יודזשין גולסינגער האָט מיט שאַרף־שטאָלענעם אויג דיינעם די שטיינערנע בערג הורכגעדרונגען, און איצט אַלץ געזען.

זיין בלוט האָט אין אים איצט העפּטיק געשטיגן און זיינע אָדערן זיינען געוואָרן שטאָל, ווען ער האָט געקוקט אויף דער פֿעלדיקער געגנט אַרום. פֿון זיין הויכן פֿענסטער, ווי פֿון אַ טורעם אַרונטער, האָט ער דאָך תּמיד אַזוי ליב געהאַט צו קוקן איבערן אַרומיקן לאַנד...

דאָ אין מיטן שטאָט, האָט זיך דער ברייטער, מלכותדיקער גרענד קאָנקורס געצויגן, — מיט דינאַמיט דורכגעריסן, מיט ריזיקע מעכאַנישע גראָב־אייזנס הורכגעבראָכן, — דורך שטיינערנע ווילדע בערג, — אַ קיניגלעכער שליאַך, אַוטאָמאָבילן, אַוטאָמאָבילן, אַוטאָמאָבילן האָבן זיך דורך דאַנען טאָג און נאַכט געצויגן — פֿון ערגעץ ניט, אין ערגעץ ניט, אין דער אומבאַשטימטער, זיך קיינמאָל ניט ענדערנדיקער ריכטונג, — די ריכטונג פֿון אַהין און צוריק. נאָכאַנאַנד, אײַלנדיק האָבן זיי זיך געצויגן, קיינמאָל ניט אויפֿהערנדיק, פֿון דער שטאָט אויפֿן לאַנד אַרויס און פֿון ווייטן לאַנד צוריק, — דורך שטאָט רוישיקער צום ים צו. און אַז יודזשין גולסינגער האָט נאָכגעקוקט די אַוטאָמאָבילן, איז אים אַלעמאָל אײַנגעקומען, ווי ערגעץ־וואו אין דער ווייט איז איצט אַ גרויסער, אַ פֿילפֿעלקערדיקער יום־טובֿ פֿאָרגעקומען, אָדער גאָר אַ רייכע, פּאָמפּעזע לוויה — אַן אייביקע פֿייערלעכע לוויה.

ווייט האָט ער איצט געקוקט אַלץ ווייטער און ווייטער, איבער פעלד, שטיין, מײַער און נאָך פוסטעוועדיק לאַנד — אויף יענעם זייט האָרסאָן, דאָרט ערגעץ איז געווען ידזשין גולסינגערס זומער-גוט, וואו ער האָט זיך עם באַקענט מיט מיס עסטעל שיינטאַל. דאָס איז געווען אַ פּאָר וואָכן נאָכדעם, ווי ער האָט זיך צוריקגעקערט פון זיין רייזע איבער מזרח-אייראָפּע. און פאַר די אויגן האָט זיך איצט ווידער אויסגעשטעלט — פּינקט ווי זאַכן און טעג, איינמאָל געוועזענע פאַרשווינדן שוין מער קיינמאָל ניט — אָט יענער גאָלדענער האַרבסט-טאָג.

אַ פרייער גאָלדיקער האַרבסט-טאָג. אַ סך ליכט. אינדיאַנער זומער, פּורפּור-בלעטער. אַ ברייטער זאַמדיקער שליאַך — דער גאָלף-טראַקט — וואו ער, אַ זומערדיק אָנגעטאָנענער, אַ הייכער, ברייט-פּלייצעדיקער, מיט אַן אַטלעטישער פיגור, איז לייכט איבערן וועג געגאַנגען, דער יונגער בחורל האָט אים דעם זאַק מיט די באַלן און גאָלף-שטעקנס נאָכגעטראָגן — אַ „נושא כלים" צו עפּעס אַ גרויסן קריגער... און דאָס בלוט איז אין אים געווען דעמאָלט פּורפּור-רויט אויפגעשלאָגן, ווי די בלעטער אַרום, ווי דער ווילדער און זויך-ווערנדיקער ווײַנטרויב, וואָס האָט זיך געדראַפּעט אויף אַרומיקע פאַרקנס און בוימער ביים ים.

האָט אים איצט דער פאַרשטייענדיקער אָוונט צוזאַמען מיט מיס עסטעלן דורכגענומען מיט אַ ציטער פון אַ נייער פרייד, בלויז אַ פּאָר מאָל אַ געאַנטער...

ער האָט זיך געבאָדן אַ גאַנצן פאַרנאַכט, געוואַשן, זיך פאַרפּומירט און זיך אַלץ געגרייט פאַרן גרויסן יום-טוב, היינט ביינאַכט.

און אין יענעם אָוונט האָט זיך פאַר דער טיר פונם טעמפּל „גייטס אָוו מירסי", געלויכטן אַ קליין עלעקטריש שילד...

געהאַנגען איז די שוין דאָרט אַפילו אַ גאַנצע וואָך, די דאָזיקע שילד. נאָר היינט אין אָוונט זיינען די עמאַל-בוכשטאַבן איפן שוואַרצן טאָוול געווען באַלייכטן מיט בלענדיקן גרויסשטאָטישן ליכט פון אַן איבעריהענגענדיקער גרויסער עלעקטרישער אַרקע לאָמפּ.

# אַ באָשייבל.

אַ מאַניך אין אַן אונטערהאַלטונג, געגעבן פון דער
פרויען-הילפס-קאָמיטעט פונם טעמפל
„גייטס אָוו מירסי"
אין די פּאַליש-צימערן.
אַלע זיינען איינגעלאַדן.
צובייסנס ווערן סערווירט.
אָנפאַנג: 8,30 אָוונט, פּונקט.

אַ לאַנגע שערענגע אויטאָמאָבילן און קאַרעטן האָט דערמאָלט געדרעמלט אינם בלויען דרויסן, פאַר די טויערן פונם טעמפל „שערי רחמים". זיי, די טויערן, זיינען שוין פון תחילת אָוונט געווען באַפּוצט מיט טראָפּישע פלאַנצן און קינסטלעך-אויסגעפלאָכטענע גירלאַנדעס פון אַלערליי קאָלירטע עלעקטרישע לעמפּעלעך. דאַמען אין פוטערס פון קאָטיק און מאַרדערס; הערן אין צילינדערן, וואָס זיינען געווען מיט פּאַרפומירטן קאָקאָ-נוס-אייל פריש אָפּגעגלאַנצט; הערן אין שטייפע ווייס-געפּרעסטע העמדער-בוזעמס און אין חשובע „איווינינג-דרעסעס", — האָבן אַ גאַנצן אָוונט געהאַלטן אין איין אַרונטערשטייגן פון פילע אונטערפאָרנדיקע פּראַכטפולע אויטאָס.

אַ ווייכער בלישטשענדיקער שניי, מיט בריטע פעדערדיקע רעדעלעך, איז איצט געפאַלן — דער ערשטער ווינטערדיקער שניי. ער האָט אָנגעפילט די לופט צווישן הימל און ערד, דעם ברייטן קאָנקורס און דעם בלויען אָוונט איבער אים מיט אַ יום-טובדיקייט און אַ פּלוצלונג אַרונטערגעפאַלענער פרייד.

פייערלעך שווייגנדיק האָבן די פונאַנדערגעפּראַלטע טויערן דורכן גאַנצן אָוונט נאָכאַנאַנד אַריינגעלאָזן די הערן און די דאַמען. נאָר איצט איז שוין געווען שפּעט-אָוונט, און די שווערע טויערן זיינען געווען פעסט צו.

אינטן, אין די זייטיקע צימערן פונם פּאַליש, פלעגט מען דאַוונען בלויז שבת אין דער פרי, ווייל שבת צו „שחרית" פלעגן

קומען זייער ווייניק מענטשן: עלטערע עובֿר־בטלדיקע ייִדעס און באָבעס; אַ ייִנגל, אָדער אַ מיידל, וואָס פֿלעגט דאַרפֿן זאָגן קדיש.

און אָרגל, און געזאַנג, אייַלנדיק־געשעפֿטסמעסיק, פֿלעגט דער הייליקער רעווערענד, ד״ר אַבאַדיאַ סילווערשטיין, יעדן שבת איבער־פֿרי הורכפֿרעפֿלען האָ די „שחרית־תּפֿילות". די יונגע און מיטעלעריקע קהילה־מיטגלידער פֿלעגן דעמאָלט, כאָטשע אין דער זעלבער שעה, האַלטן אין אַרויסגעבן די לעצטע באַפֿעלן זייערע פֿאַר דער וואָך — ערגעץ אין די טורעם־געביידעס, וואָס נידעריקער פֿונם סיטי־האָל, אָדער אין די אָנגעפּיקעוועטע מאַגאַזינען. די רייכערע — אויף בראָד־וויי און דער פֿינפֿטער עוועניו; די אָרעמערע — אויף סט. ניקאָלאַס און אַמסטערדאַם עוועניוס. נו, און די דאַמען זייערע — זיי האָבן דאָך ניט געהאַט דעמאָלט צוליב וועמען צו קומען אויסגעפּוצטע אין שול אַריין.

און האָ, אין אָט די פּאָליש־צימערן, וואָס אינם אונטערשטן טייל פֿון דער סינאַגאָגע, איז איצט אויך פֿאָרגעקומען די אונ־טערהאַלטונג.

ס'איז שוין געווען שפּעט אין אָוונט, ווען ייִדישין גולדסינגער האָט זיך געשטעלט האַלטן זיין רעדע. ער האָט אין קורצן איבער־געגעבן זיינע דערפֿאַרונגען פֿון זיין נסיעה אין מזרח־אייראָפּע, און פֿון די פֿילע זאַכן, וואָס ער האָט דאָרט אויפֿגעטאָן. דערנאָך, פֿון די איינצלנע פֿאַקטן פֿון זיין הילפֿס־אַרבעט, איז ער ביס־לעכווייז איבערגעגאַנגען צו אַן אַלגעמיינער באַטראַכטונג — צו אַ פֿילאָזאָפֿישער באַטראַכטונג וועגן דעם עטישן אינהאַלט פֿונם לעבן בכלל, און וועגן דעם, אַז איינער דאַרף אַלעמאָל טאָן גוטס פֿאַרן צווייטן, פֿאַרן מיטמענטשן...

— אָ, יעס... יעס... איינער דאַרף אַלעמאָל דינען דעם צווייטן... ניט העכער, ניט נידעריקער זיך פֿילן פֿאַרן צווייטן — יעדער איינער דאַרף זיך בלויז באַטראַכטן, ווי דעם צווייטנס דינער.

און זיין שטים האָט איצט אָנגענעם, גלאַט און שמן־זיתדיק געטריפֿט:

— און מיר דאַרפֿן ניט וועלן קיין באַלוינונג פֿאַר אונזערע מעשׂים, — אינזער אינערלעכע באַפֿרידיקונג איז אונזער בעסטע

באַלױנונג... נײן, דאָס אויך ניט... דאָס איז שוין אויך צופֿיל! דאָס — אײנערלעכע באַפֿרידיקונג — איז דאָך שוין אויך אַ באַלױנונג! מיר טאָרן זיך, ברידער, קײנמאָל ניט גלעטן איבערן בעקעלע פֿאַר דעם גוטס, װאָס מיר טוען אַ צװײטן. מחמת דעם, װאָס מיר טוען אונזער חוב פֿאַרן צװײטן, װערן מיר ניט קײן העכערע, קײן בעסערע מינים מענטשן: מיר דינען אײנער דעם צװײטן, װײל מיר זײנען מחויב דאָס צו טאָן — װײל עס איז אונזער פֿליכט... יאָ, מײנע ברידער!

— לאָמיר, — האָט ער װײטער פֿאָרגעזעצט, און מים עסטעל שײנטאַל האָט זיך אָנגענעם געװאונדערט צו דערזען אים איצט אין נאָך אַ ליכט, אין אַ שפּאָגל־נײעם ליכט, — אינם ליכט, װאָס האָט איצט געשפּרײט פֿון זיך דער פֿרומער רעװערענדישער אױסדרוק פֿון זײן פּנים: דאָס האָט אים נאָך אַ סך, אַ סך טײערער געמאַכט אין אירע אויגן — לאָמיר, ברידער, בױען צוזאַמען אַ שיף... יאָ, אַ שיף. די שיף — דאָס מײנט פֿאַר אונז דער כאַראַקטער, — דער כאַראַקטער פֿונם מענטשן... ריכטיקער: פֿון דעם בעסערן מענטשן. איז װי בױען מיר אַ שיף? צוערשט מוזן מיר דאָך בױען דעם פֿונדאַמענט, דעם הױפּט־חלק פֿון דער שיף, דעם גוף פֿון דער שיף. און דאָ לײגן מיר אַװעק די ערשטע, די װיכטיקסטע ברעטער, דעם אױפֿהאַלט פֿון דער גאַנצער געבײדע — װאָס ,אונטער דעם װערט געמײנט, כ'חזר איבער נאָך אַמאָל, אונזער כאַראַקטער — יאָ, די װיכטיקסטע ברעטער... אָט־אָ־די ברעטער װעלן מיר אָנרופֿן „סירװיס״ — דער דינסט, װאָס אײן מענטש דאַרף אַרױסװײזן דעם אַנדערן...

דער עולם איז געזעסן שטיל, פֿאַרגאַפֿט. יודזשין גולדינגערס פּנים האָט זיך מיטאַמאָל געביטן: עס איז געװאָרן שטרענג. די אויגן — בײזלעך־פֿאַרשפּיצט. מיטן פֿינגער, פֿון װעלכן עס האָבן אינם רײכן עלעקטרישן ליכט אַרונטערגעשעמערירט און געװאָרפֿן פֿאַרבלענדעניש עטלעכע בריליאַנטן, האָט ער אױף עמעץ אַן אומגעזעענעם געטײט — געמוסרט און געשטראָפֿט.

— אָבער די דאָזיקע הױפּט־ברעטער — „סירװיס״ — כאָטש זײ זײנען דער װיכטיקסטער טײל פֿון דער שיף — זײנען דאָך ניט

אַלײן... זײער אַ װיכטיקע ראָלע אין דער שיף שפּילן די זעגלען... און יעדער אײנער, מײנע ברידער, קאָן אױפֿן שיף אַרײַפֿציִען זײַנע אײגענע זעגלען — יאָ, יעדער אײנער, יעדער מענטש איז זײַן אײגענער באַלעבאָס, און איז פֿאַר זיך אַלײן פֿאַראַנטװאָרטלעך... און װעלכע זעגלען ער ציט אַרױף, אַהין װעלן זײ אים פֿירן: צום לעבן אָדער צום טױט... איז װעלכע זעגלען, מײנע ליבע שװעסטער און ברידער, זאָלן מיר אױף אונדזער שיף אַרײַפֿציִען?

ער האָט טריומפֿירנדיק אַ גלאַנץ געטאָן איבערן עולם, האָט זיך אָפּגעווישט דעם שטערן, אײַנגעטרונקען אַ ביסל קאַלט װאַסער פֿון גלאָז.

— כּסדר... לאָמיר אַרײַפֿציִען דעם ערשטן זעגל. מיר װעלן אים אָנרופֿן: „דער זעגל פֿונם רײנעם מױל". ס'איז קלאָר. מע דאַרף ניט דערקלערן, װאָס דאָס באַדײַט... נו, און איצט, אַז מיר האָבן שױן דעם ערשטן זעגל פֿעסט און זיכער אױף זײַן אָרט, װעלן מיר אַרײַפֿציִען אױף אונדזער שיף דעם צװײטן זעגל. און אָט דעם צװײטן זעגל װעלן מיר אָנרופֿן: „דער זעגל פֿונם ערלעכן אויג". און דאָס איז אױך קלאָר. און אױך דאָס, האָף איך, נײטיקט זיך ניט אין קײנע פּאַרטײטשונגען. די צװײ װיכטיקסטע זעגלען אױף אונדזער שיף „כאַראַקטער"... הײסט עס: ערשטנס, דער זעגל פֿונם רײנעם מױל, און צװײטנס, דער זעגל פֿונם ערלעכן אויג...

זײַן פּנים איז נאָך שטרענגער און מוסרדיקער געװאָרן... שטאַרקער און בײזער האָט ער געטײַט מיטן אױסגעשטרעקטן פֿינגער אױף יענעם עמעצן, דעם אומגעזעענעם:

— טאָ היט זיך, מײנע ברידער, פֿאַרן אומרײנעם מױל און פֿאַרן אומערלעכן, ניט פֿאַרגינערישן אויג! כ'מײן ניט אײַך — כ'בין זיכער, אַז איר, מײנע פֿרײַנט, האָט אַרײַפֿגעצױגן די ריכטיקע זעגלען אױף אײַער שיף! אָבער צו מיר און צו אונדזער אַלעמענס באַדױערן, זײַנען דאָ אַזעלכע מענטשן — און אַ סך מאָל קומט מאַקע אונדז אױס צו לײדן פֿון זײ, ־ װעלכע האָבן אױף זײער שיף אַרײַפֿגעצױגן גראָד די זעגלען פֿונם אומרײנעם מױל און דעם

ניט-פֿאַרגינערישן אויג... וואָס דאָס פֿירט צו אייגענער דערנידערונג, צו פֿאַרמיאוסונג און, ענדלעך, צום טויט. יאָ, צום טויט... כ'דאַנק אײַך, מײַנע דאַמען און הערן!

מען האָט אים שטאַרק אַפּלאָדירט.

— אַ פּראַכטפֿולע רעדע...
— אַ מײַסטערווערק...
— טיף דורכגעפֿילט...
— גלענצנדיק אויסגעפֿירט...
— פֿול מיט אמתן סענטימענט, מיט אמתער האַרציקער וואַרעמקייט און מענטשלעכער גערירטקייט...

בײַ אַ פּאָר עלטערע פֿרויען — שוין אָפּגעשוואַכטע מענטשן געווען, און דעם קאָנטראָל איבער די נערוון-צענטרען פֿון זייערע לאַקרימע-דריזן האָבן זיי שוין פֿון לאַנג אָנגעוואָרן — האָבן זיך די קוואַלן פֿון טרערן בײַ זיי געעפֿנט... און פֿרום און אין דער שטיל האָבן זיי געבענטשט גאָט, וואָס זיי אַליין שטאַמען ניט פֿון אָט יענע מדינות, וואו עס וואוינען „אונזערע אָרעמע ברידער", און וואָס זייערע קינדער געפֿינען זיך דאָ אין זיכערהייט.

די יינגערע דאַמען האָבן די גאַנצע צייט פֿון דער רעדע סײַ פֿון דרויסן און סײַ פֿון אינעווייניק אָנגעקוואָלן. ניט אַזוי אפֿשר פֿונם טיפֿן אינהאַלט פֿון די אַרויסגעזאָגטע געדאַנקען, ווי פֿונם געזונטן, מאַנסבילשן אויסזען פֿונם רעדנער. ער האָט דאָך אויסגעקוקט אין זײַן אָראַטאָרישן ענטוזיאַזם, ווי אַן אמתער העלד, ווי אַ פֿירער פֿון גרויסע קריגערישע מחנות... די יעניקע פֿון זיי, וואָס זײַנען נאָך געווען מיידלעך, האָבן געקוקט מיט קנאה אויף מיס שיינטאַל, און די, וועלכע זײַנען שוין געווען פֿאַרהייראַט, האָבן איצט געקוקט מיט חרטה, גרינגשעצונג און פֿאַרדראָס אויף זייערע אייגענע מענער.

די הערן האָבן דערווײַל געטראַכט די גאַנצע צייט פֿון מר. גילסינגערס רעדע, וואָס פֿאַר אַ באַשטייערונגען זיי זאָלן געבן אויף דער „זאַך", וועלכע סומען, אַז ס'זאָל זײַן פּאַסיק לויט זייער שטאַנד און לויט זייער נאָמען, — אַז ס'זאָל ניט זײַן קיין דערנידערונג

פֿאַר לייטן. מען האָט זיך אומגעקוקט, ווער ס'איז איצט דאָ אין דער אַתמיקער געזעלשאַפֿט. די, וואָס זיינען דאָ געווען מיט כּלות אָדער געליבטע, האָבן געטראַכט וועגן די אַנווענדיקע כּלות און דער כּלהס עלטערן, און לויט אָט די געהיימע איבערעכענונגען באַשטימט ביי זיך צו געבן די געהעריקע באַשטייערונגען.

אַז דער גאַנצער סכום מזומן געלט און צוזאָגן איז שפּעטער באַקאַנט געוואָרן, האָט עס טאַקע באַטראָפֿן אַ היפּשע כמעט. און מיס עסטעל שיינטאַל האָט דערמאָלט געקראָגן אַזעלכע איבערגע־פֿלאַמטע באַקן, — זי האָט זיך געפֿילט די גליקלעכסטע פֿרוי אויף דער וועלט... יודשין גולסינגער, וועמעס פֿאַרדינסטן עס זיינען דאָ אָפֿן און פֿון אַלעמען אָנערקענט געוואָרן, האָט זיך דעריבער געפֿונען איצט אין אַ צושטאַנד פֿון אידעלער ווייכקייט און העלדישער גתיסמוטיקייט. מיט ליבע האָט ער געטראַכט, אַז מיס עסטעל איז באמת אַ וואונדערבאַר־פֿעיקע פֿרוי: אַליץ, וואָס זי נעמט אונטער, פֿירט זי דורך מיט אַזויפֿיל קענטשאַפֿט, — אויף איר וועט מען שוין קענען אין גאָר אַ סך, אַ סך זאַכן זיך פֿאַרלאָזן... סיי ווי אויף אַ פֿרוי, סיי ווי אויף אַ הויז־ווירטין, און סיי סתם, — ווי אויף אַן עצה־געבערין אין וויכטיקע לעבנס־ענינים. און זיין באַשלוס צו שדכענען זיך צו איר איז אין אָט דער מינוט געוואָרן דעריבער נאָך שטאַרקער און פֿעסטער.

איצט איז שוין געווען נאָך אַלעמען, נאָכן אָפֿיציעלן טייל. ראַבינשטיין און קעננעטה, דער סטרוזש פֿונם טעמפּל, האָבן אַוועק־געשלעפּט צו דער וואַנט אַלע שטולן, און געמאַכט פּלאַץ פֿאַר טאַנצן. און באַלד האָבן זיך, אונטער דער מוזיק פֿון ראָיאַל, פֿיק און סאַקסאָפֿאָן, געדרייט יונגע פּאָרלעך מיט גליקלעך־צעפֿלאַמטע פּנימער, — וואָס האָבן געטראַכט:

— נאָך אַלעמען איז דער פּאָליש פֿונם טעמפּל אַן אויסגע־צייכנטער פּלאַץ פֿאַר טאַנצן...

דאָ האָט מען פֿון טאַנצן געקאָנט אַ סך מער הנאה האָבן, ווי אַפֿילו אין די גרעסטע טאַנץ־האַלס פֿון ניו־יאָרק. אַליץ איז דאָ געווען אַזוי עקסקלוסיוו; דער עולם — אַן אייגענער, אַ געקלי־בענער. און חוץ דעם: דאָ איז טאַקע געווען אַ סך מער געראַמער

פּלאַץ פאַרן גיכן טעמפּאָ פון די יונגע טענצער, ווי אין אַ געוויינלעכן טאַנץ=זאַל. די טענצער האָבן דעריבער געקאָנט אַרײַנ=געמען די נײַסטע, קונציקסטע „סטעפּס", אויסדרייען די שענסטע „העזיטײשאָן"=וואַלסן און טאַנגאָס... אָ, דאָ איז טאַקע געווען דער אמתער פּלאַץ פאַר די פונאַנדערברענענדיקסטע, יאָגנדיקסטע „פאָקס=טראָטן".

דאָס, אומגעפער, איז געווען דער תּוך פון די רייד און די מחשבֿות פון די יונגע פּאָרלעך.

אינטערן סופיט האָבן זיך נאָכאַנאַנד געקנוילט די ווינקל=דיקע, קיצלדיקע קלאַנגען פון דער דזשעז=מוזיק. אין אַ זײַטיקן צימער זײַנען געווען אָנגעשטעלט טישן מיט ווײַנען — ווײַנען פון בורגונדי, מאָזעל, באָרדאָ, קאַליפאָרניע, זיסער מוסקאַטעל און זייערע ריין=ווײַנען, שמאָל=העלזיקע, שלאַנקע שאַמפּאַניער=פלאַשן, קיישן מיט פרוכט, זיבן=פאַכיקע טאָרטן.

פון דער קיך אַרויס — אָט די דאָזיקע וואונדערבאַרע, אייגענע קיך איז געווען ניט קיין קלענערער שטאָלץ פאַר דער קאָנגרעגײשאָן „גייטס אָוו מוירסי", איידער איר רעווערענד, דר. אַבאַדיאַה סילווער=שטיין, מיט זײַנע באַרימטע דרשות — פון דער קיך האָט מען דערלאַנגט נאָכאַנאַנד טיי, קאַווע פאַר דער ייִנגערער געזעלשאַפט, פּאָסטום און קאַקאַאָ פאַר די עלטערע לייט.

אָט=אָ=די עלטערע לייט — שוין די טאַנץ=יאָרן אַריבער — האָבן עס זיך אײַנגענעמלעך אַרומגעקליבן אַרום די טישן.

דורכן טומאַן, וואָס האָט זיך אויפגעהויבן פון די ציגאַרן און די הייסע געטראַנקען, האָט זיך מיטאַמאָל באַוויזן עפּעס אַ גרוי=באַוואַקסענער, שאָטנהאַפטיקער קאָפּ. אַ פּאָר אײַנגעטריקנטע ליפּן האָבן זיך שוואַך און עובר=בטלדיק געשאָקלט. און מחמת דעם טומאַן, וואָס האָט איצט אײַנגעוויקלט דעם טיש, האָט זיך עס אויסגעדאַכט: ס'איז בלויז אַ קאָפּ, — אַ באַזונדערער, פונם גוף אָפּגעשניטענער קאָפּ, וועלכער האָט אָנגעהויבן ריידן. קיין אויגן אַפילו האָבן זיך ניט געזען. בלויז אַ מויל, וואָס האָט שוואַך און זקניש עפּעס געפּרעפּלט.

„...אַן אַנדערש מאָל פֿלעגן די קאָזאַקן צווינגען די על־
טערן דערהרגענען זייערע אייגענע קינדער. דאָס איז געווען דער
פֿאַל מיט אברהמל קראָקע. אויב די עלטערן פֿלעגן זיך עס אָפּזאָגן
צו טאָן, פֿלעגן דעמאָלט די קאָזאַקן זיי אַליין צענהרגן, איזדיע־
קעווען זיך איבער זיי, שלאָגן מיט די באַגנעטן, אַרומשלעפּן פֿאַר
די האָר און מוטשען זיי אויף אַנדערע אופֿנים. אויב אינם הויז־
געזינט האָבן זיך געפֿונען יונגע מיידלעך, פֿלעגן דעמאָלט די
קאָזאַקן פֿאַרשפּאַרן די איבעריקע פֿאַמיליען־מיטגלידער אין אַ
זייטיקן צימער, וועלכער פֿלעגט באַוואַכט ווערן פֿון אַ סאָלדאַט,
און דעמאָלט פֿלעגן זיי מאַנס זיין די פֿרויען, איינע נאָך דער
אַנדערער. אין אַנדערע שטעט פֿלעגן די קאָזאַקן אַוועקשלעפּן די
יונגע מיידלעך אין די סעדער אָדער וועלדער — פֿרילינג איז עס
געווען. אַרום שבועות; נאָך די חיותדיקסטע מינים איזדיעקעווען זיך
איבער זייערע קערפּערס, פֿלעגט מען זיי דערנאָך דערהרגענען. די
איינציקע מיידלעך, וואָס זיינען געבליבן לעבן, וואַרטן, ביז זיי
וועלן געזונט ווערן — און וועלן דערנאָך האָבן גענוג כּוח זיך
אַליין אָנצוטאָן אַ מעשה“.

דאָס ענגלישע וואָכנבלאַט, וואָס איז די גאַנצע צייט געהאַנ־
גען אין דער נעפּלדיקער לופֿט, וואָס פֿאַר דעם אונטערגעהאַקטן
קאָפּ — ס'האָט זיך אויך ניט געזען, וועמעס האַנט האָט עס
צוגעהאַלטן דאָס בלאַט פֿאַר אָט יענעם גרויען, צעקאָשמעטן קאָפּ, וואָס
האָט געשמאַקעט איצט עיבר־בטלדיק מיט די ליפּן — דאָס ענג־
לישע בלאַט איז גלייך ערגעץ אַרונטערגעפֿאַלן.

— פֿע, ווי קאָנען זיי עס גאָר...

אַ דיקע דאַמע מיט אַ דרייגאָרנדיקן גיידער האָט פֿאַרדראָסיק
געפּאָכעט איר איינגעקאָכטן פּנים מיט אַ יאַפּאָנעזישן פֿעכער. ס'איז
ניט געווען קענטיק, אויב דאָס פֿאַרדריסט איר עס אויף די קאָ־
זאַקן, אָדער אויף דעם בלאַט, וואָס שעמט זיך ניט צו באַ־
שרייבן אַזעלכע אומאָנשטענדיקע זאַכן.

— פֿע, — האָט זי זיך נאָכאַנאַנד געערגערט — ווי קענען
זיי עס גאָר!...

— מיין גאָט, מיין גאָט! — האָט די דאַמע אין די מיטעלע־יאָרן, וועלכע האָט אַ גאַנצן אָוונט פֿלירטירט מיטן קאַבירער פֿונם טעמפּל, איצט עטוואָס אַרונטערגעלאָזן די אויגן, בעת יענער האָט דאָרט אונטערן טיש נאָך אַלץ געדריקט זיין וואַרימע קני צו אירער. מיטאַמאָל האָט זי זיך דערפֿילט שטאַרק אומבאַקוועם און נאַריש, — זייער שטאַרק אומבאַקוועם און נאַריש. זי האָט געהאַט איצט דעם געפֿיל, פּונקט ווי זי וואָלט זיך מיט יענעם „ליבגעהאַט" ערגעץ אין דער פֿינצטער, און מע וואָלט אויף זיי פּלוצלינג דאָס ליכט אויפֿגעדרייט... דערפֿאַר האָט איר אויף עמעצן — אַן אומבאַקאַנטן, דערשלאָגענעם און אָפּשטויסנדיק־שוואַכן „עמעצן" אויף יענער זייט ים — איצט שטאַרק פֿאַרדראָסן, זייער שטאַרק פֿאַרדראָסן. זי האָט בייזלעך פֿאַרביסן די ליפּעלעך.

— מיין גאָט, מיין גאָט, — האָט זי אַלץ געחזרט צעדריקט און פֿאַמעלעך, אָפּגערוקט איר קני פֿון דעם קאַבירס.

אַ מינוט איז געוואָרן שטיל. אַלע אָנוועזנדיקע מענער און ווייבער, איינע אין פֿרעמדע, צעהיצטע איינער קעגן אַנדערן, האָבן זיך מיטאַמאָל דערפֿילט — איבער עמעצנס, ניט זייער שולד — נאַריש און, דעריבער, דערצאָרנט. דער געשפּרעך האָט זיך עפּעס ווייטער ניט געקלעפּט. אַלע האָבן געקוקט מיט פֿאַרוואורף אויפֿן גרוי־פֿאַרגעלטן קאָפּ פֿונם אַלטן עובֿר־בטלדיקן קהילה־מיטגליד, וועמען ס'איז גראָד איינמיטן דערינען איינגעפֿאַלן דער אומפֿאַרצייַלעכער געדאַנק צו לייענען דאָס דאָזיקע שטיקל נייס

— דאָס איז זיכער — האָבן זיי אַלע געטראַכט — אַ סימן פֿון גראָבע אומאַנטוויקלטע מאַניערן...

חאָ זיינען דאָך, אַלנפֿאַלס, געווען דאַמען, און זיי האָבן זיך דאָך געקאָנט פֿילן שטאַרק אומבאַקוועם פֿון אַזעלכע דעטאַלירטע פֿאַסירונגען, ווי די, וועלכע זיינען באַשריבן געוואָרן אינם בלאַט.

דעמאָלט האָט יהושע גולטונגער, וועלכער איז דאָ ביים טיש געזעסן, פֿאַרטיפֿט אין אַ געשפּרעך מיט מיס עסטעל שיינטאַל, געוואָרפֿן אַ רוגזאדיקן בליק אויפֿן פֿאַרוואַקסענעם קאָפּ האָר, וועלכע האָט שוין איצט געדרעמלט איבער אַ גלאָז מיט עפּעס

אַ געטראַנק — אַפּנים, אַן איבערגעמאַטערטער פֿון דער אָנשטרענגונג, וואָס ער האָט געמאַכט בשעתן לייענען.

— אַזעלכע עובֿר־בטלס... גאָרניט, זיי מעגן זיך לעבן געזונטערהייט ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר... אָבער פֿאַרוואָס לאָזט מען זיי בעסער ניט זיצן אין דער היים?

אַ דערצאָרנטער האָט ער זיך אויפֿגעהויבן, אָנגענומען זיין דאַמע אונטערן אָרעם, און אַרויסגעגאַנגען אַן אָנגעבלאָזענער, כמעט אַ פֿערזענלעך־באַליידיקטער, פֿונם צימער.

אויפֿן וועג האָט ער איר איבערגעגאָסן זיין גאַנצע האַרץ:

— אַך, מיין גאָט... און צו וואָס ריידן זיי עס אַזויפֿיל און טומלען אַזויפֿיל וועגן דעם?

ער האָט דאָך גוט פֿאַרשטאַנען, פֿון וואָנען דער באַריכט אינם ענגלישן וואָכנבלאַט שטאַמט: פֿון זיי, פֿון די מזרח־יידן, פֿון זייערע אָרגאַניזאַציעס און אַגענטן, נאַטירלעך!... אָבער צו וואָס אַזויפֿיל שמועסן וועגן דעם אין דער עפֿנטלעכקייט, צוליב וואָס רייסן אַלעמען די אויגן?

— וואָס מיר קאָנען, טוען מיר דאָך! אָט האָב איך גענוי אַ יאָר צייט געפּטרט איך זיי... זיך אויסגעשטעלט צו אַלערליי געפֿאַרן, געקאָנט אַנידערפֿאַלן אין איינער פֿון די פֿילע עפּידעמיעס, וואָס הערשן דאָרט כסדר... געליטן אַלע אומבאַקוועמלעכקייטן און אומריינקייטן, אַלערליי מאַנגלען... און צוליב וואָס? צוליב וועמען? דאָך אַלץ צוליב זיי!

אָבער איך? זיי איז גאָרניט אָנגעלייגט, גאָרניט... אַלץ טוט מען פֿאַר זיי, — און זיי פֿאַרבלייבן תמיד אומצופֿרידן! פּונקט ווי עס וואָלט זיי דאָס אַלץ ממש געקומט!

— אַך, אומדאַנקבאַרע... פֿע, מיאוס...

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן, ווייל ער האָט זיך געכאַפּט, אַז ער ווערט אין כעס, וואָס ס'איז ניט געווען שיין אַרויסצוּווייזן פֿאַר אַ כלה, אין דער גאָר ערשטער צייט. אָבער קיינער האָט דאָך אים אַלנפֿאַלס ניט געקאָנט שטערן, ער זאָל טראַכטן פֿאַר זיך אַזוי, ווי ער וויל. האָט ער עס טאַקע געטאָן. אומגעפֿער אַזוי— אין דער שטיל, פֿאַר זיך, האָט ער געטראַכט:

— פע, אַ מיאוסער עולם... מע קאָן פאַר זיי קיינמאָל ניט יוצא זיין... זיי מאַכן תמיד אַן אַזאַ טומל, אַזאַ געפילדער...

ער האָט דאָך שוין פון לאַנג אַזוי שטאַרק געוואָלט פאַרגעסן אָן זיינע דערהרקנדיקע איינדריקן פון דאָרט, — איז געקומען דער היינטיקער אָוונט... באמת! ער וואָלט דאָך זיכער, — נאָכ־דעם, ווי אים איז ערשט אין פאַרלויף פון אַהיפשע פאָר חדשים, ענדלעך געלונגען זיך אָן אַלץ צו פאַרגעסן — ער וואָלט דאָך זיכער ניט געהאַלטן היינט די האָזיקע רירנדע רעדע: ס'איז שוין גאָר ניט איבעריק אָנגענעם זיך אָבער אין ווידעראַמאָל פאָרצושטעלן יענע ערטער און מענטשן.. אָ, ער געדענקט זיי נאָך גוט — די האָזיקע שמוציקע, די אָפּגעריסענע, די פאַרוועדימטע, און די לאַנ־גע קאַפּאָטעס מיט די קאָמישע קוגל־היטעלעך אויף זייערע קעפּ, מיט די ווילדע העוויות און דעם מאָדנעם מזרחדיקן געזאַנג אין זייער רייד, — אַזעלכע צודרינגלעכע זיינען זיי דאָרט געווען, אַזעלכע קלעפּעדיקע...

— און זיי האָבן דיר אַלעמאָל געמאַכט דעם איינדרוק, אַז דאָס טוען זיי גאָר דיר אַ טובה מיט דעם, וואָס זיי נעמען אָן די הילף....

און חוץ אַלעמען — אַזעלכע ניט־פאַרגינערס זיינען זיי... מע האָט נאָך געמאַכט אויף אים דאָרט אין דער פרעסע זייערע בילבולים, אַז ער צאָלט זיי ניט אויס גענוג פון דער אַסיגנירטער הילף, אַז ער לעבט אַליין אויף די אַמעריקאַנישע הילפס־געלטער אַזוי רייך־פאַרשווענדעריש!...

— וואָס'אי — ס'איז דען אויף זייער געלט? דערלייגן זיי עפּעס צו דעם? אָט דאָס האָט ער דאָך געמיינט מיט זיינע ווערטער: „אַ ניט־פאַרגינעריש אויג“...

— עך, — האָט ער, מיט פאַרביטערונג און פאַרדראָס איידל־איינגעהאַלטענעם, ווייטער געטראַכט: — מיט די פּאָליאַקן איז שוין אַ סך בעסער, אַ סך אָנגענעמער צו האַנדלען, — יענע האָבן דאָך כאָטש מאַנירן! יענע זיינען כאָטש דזשענטלמענט, זיינען גע־ווען תמיד דאַנקבאַר, ווען ער האָט פאַר זיי עפּעס געטאָן...

נאַטירלעך, האָט ער קיינמאָל פאַר קיינעם ניט אַרויסגעזאָגט זיינע אמתע איינדרוקן, דאָס, וואָס ער דענקט אין דער אמתן פון די מזרח־יידן — ער האָט נאָך אויף דעם געגנט טאַקע! אָבער ביי זיך אין האַרצן האָט ער דאָך תמיד געפילט — מיט די פּאָליאַקן איז אים זיכער אָנגענעמער געווען צו האַנדלען, ווי מיט „זיי"... יענע האָבן כאָטש אַ ריין מויל...

הויך געהויבענע, האַלב־באַלויכטענע שטיגן האָבן זיי זיך איצט אויפגעהויבן פון די פּאָליש־צימערן, וואָס זיינען געווען אויבן גראַנד־עטאַזש, — זיך אויפגעהויבן אין דער הייך אַרויף, אינם הייפּט־טעמפּל אַריין. זייערע טריט האָבן באַלד דערפילט די ווייכע באַהילנדיקע טעפּיכער, וואָס זיינען געווען פאַרשפּרייט איבער די טעמפּל־הויכגאַנגען: דאָרט, אינם טעמפּל, איז געווען איצט אַזוי טונקל, אַזוי באַרויקנדיק־טונקל און שטיל.

און אונטן, אַרום דעם טיש, — אָנגעשטעלט מיט קיישן זעל־טענע טראָפּישע פרוכטן, באַדויטלט און באַפּורפּלט מיט די פאַר־שיידנסטע ווינען, וואָס האָבן אָפּגעפינקלט אין די געשליפענע קרי־שטאַלישעלעך און בעכערלעך — עכטע גראַנירטע בעלגישע שלייפעריי־אַרבעט — אונטן איז די סעודה נאָך אַלץ אָנגעגאַנגען.

נאָר עפּעס שוין שווייגנדיקערהייט... אַ שווייגנדיקע סעודה.

כאָטש דאָס ליכט האָט נאָך איצט פונקט אַזוי העל געברענט און די ווינען האָבן זיך פונקט אַזוי פינקלדיק געדויטלט אויך נאָכ־דעם, ווי דאָס פאָלק האָט פאַרלאָזן דאָס צימער — אין שווייגעניש.

דער פּרעזידענט — לודוויג מיידשנער, עסקווייר — האָט עס דעריבער באַלד דערפילט ווי זיין חיוב, נאָכדעם ווי די „ווירטין" פינם אָוונט, מיס שיינטאַל, איז פאַרשוואונדן, — האָט ער עס דערפילט איצט ווי זיין חיוב צוריק אַרויסשלעפן דאָס געשפּרעך פון די גע־פערלעכע וואַסערן, אין וועלכע עס איז אַריינגעפאַלן, אויף אַזוי־כערן וועג, — צוריק אויף אַן אייחל־אָנגענעמען געשפּרעך אין די גרעניצן פון שמייכלדיקן, רויקן, לייטיש־געזעלשאַפטלעכן כאַ־קער.

— נ־נא... נאַטירלעך, עס איז דאָ אין דעם פאַרגעלייענטן אַ היפּש ביסל איבערגעטריבנס...

— יאָ, איר ווייסט דאָך: צייטונגען...

— און וואָס אמת איז, — בלויז אין די „יידישע" צייטונגען דערשיינען דאָך אַזעלכע באַריכטן...

— און בכלל... מע דאַרף זיך בכלל פאַרהאַלטן פאָרזיכטיק צו אַזעלכע צייטונגס־ידיעות, — אויסערסט־פאָרזיכטיק...

ווען זי האָט אַרויסגעפּלאַצט מיט אָט די ווערטער, האָט מרס. אַדעל בורהאָף געהאַט אַן אויפגערעגט פלאַמענדיקן פּנים. זי איז דאָך געווען איינע פון די הויפּט־אינספּעקטאָרינס פון דער באַרימטער גרייסער הילפס־אָרגאַניזאַציע, — אַן אויסלענדישער אינספּעקטאָר. די מייסטע צייט פון יאָר — אויסער די צוויי ווינטערדיקע אָפּרומאָנאַטן, וועלכע זי פלעגט פאַרברענגען אין די האַלב־טראָפּישע בערמודאַ־אינזלען — די מייסטע צייט פון יאָר פלעגט זי אַלץ נאָכאַנאַנד האַלטן אין איין אַרומפאָרן פון אַמעריקע קיין אייראָפּע, און צוריק, — אַלץ, פאַרשטייט זיך, אין די אינטערעסן פון די אָרעמע, די ליידנדיקע ברידער. און אַ באַהאַלטענע, אַ ביטערע קריוודע האָט זי שוין פון לאַנג געהאַט קעגן די יידישע צייטונגען, וועלכע האָבן אין זייטיקע באַמערקונגען געגעבן פיל מאָל אָנצוהערעניש, אַז זי פאַרשווענדט שוין צופיל פון די הילפס־געלטער אויף אירע לוקסוס־רייזעס קיין אייראָפּע... און אַז, בכלל, פּאַסט זיך מרס. אַדעל בורהאָף ניט פאַר אַזאַ אַרבעט: זי איז אַ פרעמדע.

— אַ פרעמדע? וואָס הייסט?... האָט זי דען ניט אָנגעשטעלט אַ ספּעציעלע פּריוואַט־סעקרעטאַרין, אַן איסט־סיידער מיידל, וועלכע איז אייך שטענדיק אַרומגעפאָרן מיט איר, הין און צוריק קיין און פון אייראָפּע, — אָנגעשטעלט זי בלויז דערפאַר, ווייל זי האָט געקאָנט יידיש און האָט איר געהאָלפן זיך פאַרשטענדיקן מיט די אָרעמע ברידער, מיט די „יידן"?

און אַנטוישטע, אָנגעפילט מיט פּעסימיסטישע געדאַנקען וועגן דער איינגעבאָרענער מענטשלעכער אומדאַנקבאַרקייט, האָט אָבער מרס. אַדעל בורהאָף אין געדאַנק זיך באַלד געטרייסט:

— יאָ... ס'איז שווער יוצא זיין קעגן אַלעמען...

נאָר דאָ האָט זיך אַריינגעמישט איינע אַ בלאָנדע שלאַנקע דאַמע, מיט אַן עטוואָס־פּאַרריסענעם נאָז און גאָלדענע האָר, — די דאַמע מיטן ניט־יידישן געזיכט, וועלכע איז די גאַנצע צייט פונם געשפּרעך געשטאַנען אָן אַ זייט שווייגנדיק, מיט אַן איידעלער דערוויטערטער מינע פון אַ פרעמדן — טאַקע פון אַ לייטישן, אָנגעלייגטן גאַסט, אָבער פּאָרט — אַ פרעמדן:

— נו, מאָלט אייך... אויף די ווילדע אוקראַינער, אויף די האַידאַמאַקעס, איז עס דאָך אַלץ צו גלויבן — חיות... זיינען זיי דען מסוגל צו פאַרשטיין, אַז יידן זיינען אויך מענטשן? אַז זיי האָבן דער וועלט געגעבן די ביבל?

דער פּרעזידענט פון דער קאָנגרעגיישאָן, — לודוויג מוירשנער, עקסוויר — האָט שטאַרק אָנגעקוואָלן פון אירע קלוגע רייד. דעם אמת געזאָגט, האָט ער זיך דאָך געפילט אַ ביסל פאַראַנטוואָרטלעך פאַר איר, — דאָס האָט ער דאָך זי איינגעלאַדן אַהער. זי איז דאָ געווען זיין דאַמע היינטיקן אָוונט.

— אַז יידן זיינען אויך מענטשן... אַז יידן האָבן געגעבן די ביבל... בראַוואָ, בראַוויסימאָ... איר זייט אַ מבין, מיינע פריינט, ווי הרגעדרונגען מאַדאַם אָרלעסקאָ איז מיט הויך־הומאַניטאַרע פּרינציפּן?

אייך זי אַליין, די האָזיקע בלאָנדע דאַמע מיטן פרעמדן גדלותדיקן פּנים, האָט אַ שטילן, איינגעהאַלטן־איידעלן שמייכעלע געטאָן פון צופרידנהייט. כאָטש אַ פרעמדע, אַ גויע, טאַקע אַ פּוילישע — מאַדאַם אָרלעסקאָ האָט געאַרבעט ווי אַן אויפזעערין אין איינעם פון די ביוראָען פון דער באַרימטער גרויסער הילפס־אָרגאַניזאַציע — און דאָך: זעט!...

— אָבער בכלל... גלייבט איר אַליין ניט, טייערע מאַדאַם אָרלעסקאָ, אַז דאָס איז אַלץ אַ סך... פאַרגרעסערט? סענסאַציעס... צייטונגען ווילן פון אַלץ פּראָפיטן שלאָגן! וואָרעם איז דען גאָר בכלל מעגלעך, אַז מענטשן זאָלן זיין אַזוי שלעכט, — אַזוי שלעכט?

דאָס האָט זיך איצט אַזוי תחנונימדיק געבעטן אָט יענע דאַמע אין די מיטעלע יאָרן, — די זעלביקע, וועלכע האָט אַ גאַנצן

אָונט אָנגעפּירט אונטערן טיש אַ באַהאַלטענעם פּלידט מיט דעם קאַסירער — ביי דער בּלאָנדער קריסטעלעכער דאַמע מיטן באַררי־סענעם נעזל. הנעוודיק־אומבאַהאָלפן, און אין ריינדיקער פאַרצווייפלונג האָט זי אַריינגעפּאַסט דאָס ראָזעווע שפּיציקע קינעלע אין דער עפענונג צווישן גראָבן און טייט־פינגער. אַזוי אַז דער קאַסירער פון דער קהילה „גייטס אָזו מוירסי" האָט בשעת מעשה מיט אַזוי־פיל אַנטציקונג געטראַכט פון איר:

— אַך, מיין גאָט... ווי זי קוקט עס אויס אַזוי... אַזוי „זאַבּ־טיק"...

„זאַפּטיק" — דאָס איז, אַגב, געווען איינער פון די עטלעכע געציילטע יידישע ווערטער, וואָס ער, ווי אַ סך פון זיין גלייכן, האָבן געוואוסט. די אַנדערע ווערטער זיינען, איבעריקס, געווען אויך ניט אַזוי פיל: שמאַליץ, מעזומאה*), שמועסן, געשעפט, יידישע קאָזאַצקע...

ער, דער פליכטוואַטער קאַסירער מיטן רויטן חענוג־צעשמאָלצענעם פנים, האָט מיט אַ זייער פריינדלעכן קאָפּ־שאָקל באַלד איך צוגעשטימט דערצו.

— איז עס מעגלעך, אַז מענטשן זאָלן זיין אַזוי שלעכט, אַזוי שלעכט? מיין גאָט! מיין גאָט! — האָט זי ווייטער איידל געקרעכצט.

אָט אַזוי טאַקע האָט זי געקרעכצט:

— מיין גאָט! מיין גאָט!

און רובינשטיין, דער שמש פון דער קהילה, מחמת ער האָט געוואָלט אַלעמען האַווירן און אויסנעמען ביי אַלע שוועס־טער און ברידער פון דער קהילה, האָט זיך זייער געסטאַרעט איצט, וואָס ווייטער אַהועקפירן דעם געשפּרעך פונם אומאָנגענעמען פּונקט, וועלכן ס'האָט דערגרייכט. אַזאַ ווייטאָג, אַזאַ פאַרדרוס: איבער דעם, אייב ס'זאָל זיך אַזוי אויסלאָזן איצט, קאָנען זיי נאָך אַ צווייטן מאָל ניט וועלן קומען!

---

*) מזומן.

איבער דעם, האָט ער דאָך סוף־כל־סוף אויך געהאַט אַ ווייך, מיטפילנדיק האַרץ... האָט ער שוין מער ניט געקאָנט צוזען דאָס פייניקן זיך פון דער מיטליאָריקער דאַמע מיטן דרייגאָרנדיקן גייער, וועמען עס איז, קאַנטיק, צוליב דעם פשוט דאָס חיות אַיינגעגאַנגען.

חיפט ער זיך אָפּ:

— ניי, ליבע פרוי, איר דאַרפט זיך עס ניט נעמען אַזוי שטאַרק צום האַרצן... אין אַנדערע מדינות איז עס דערפאַר אַ סך, אַ סך בעסער... אומפאַרגלייכלעך בעסער. אין פוילן, למשל, רייסט מען בלויז בערד.

נאָר דאָ איז דער פּרעזידענט, מר. לודוויג מירשנער, שטאַרק חיט געוואָרן, האָט פאַרשעמט אַקוק געגעבן אויף דער בלאָנדער דאַמע מיטן ניט־יידישן פנים, — זיין דאַמע פאַרן היינטיקן אָוונט. ער איז אַזש אָנגעצונדן געוואָרן פון כעס און רציחה.

— סאַראַ נאַרישקייט, רובינשטיין... וואָס פּלאַפּלט איר? ווער הייסט זיי דען דאָרט טראָגן בערד? זיינען זיי דען מחויב דווקא צו טראָגן בערד?

דער איבעריקער עולם, שוין אַן אָנגעלערנטער פונם פרייערדיקן אינצידענט, האָט זיך גלייך, ווי איין מאַן, אַוועקגעשטעלט אויף מר. לודוויג מירשנערס צד — אויף זיין פאַרטיידיקונג.

— טאַקע פע... און נאָך סאַראַ בערד... ציגענע, שפּיציקע, קאַלטענעוואַטע בערד... ווי אויסגעריבענע בעזימלעך...

— און דאָ, אין דער פרייער אַמעריקע, וואו מיר געניסן דאָך פון פולשטענדיקסטער פרייהייט — טראָגן מיר דען בערד, וואָס? אַזעלכע אומציוויליזירטע!

— וואָלט איר דען געוואָלט טראָגן אַ באָרד? — דער פּרעזידענט האָט דערצאָרנט אײַנגעשלונגען ממש רובינשטיינען מיט די אויגן. ער האָט אינגאַנצן געגליט, ווייל ער האָט זיך געשעמט צו קוקן אַפילו אין דער בלאָנדער דאַמעס זייט.

— אַזוי, אַזוי... — האָט ער געשפּעט. — איז אפשר וואָלט איר האָ בײַ אונז, אין דער פרייער אַמעריקע, אויך אײַנפירן אַזעלכע בערד? וואָס?

דער שמש, פֿון זיין זייט, האָט איך געפּלאַמט פֿון בושה. ער האָט זיך איצט געוואונטשן, אַז די ערד זאָל זיך אים איצט עפֿענען אונטער די פֿיס. גאָט מיינער, צו וואָס האָט ער דאָס אינגאַנצן געדאַרפֿט... געמיינט האָט ער דאָך, פֿאַרקערט, צום גוטן... פֿאַרלוירן האָט ער באַוועגט מיט די ליפּן, געשטאַמלט:

— חלילה, בערד גאָר... ווער וויל עס דען בערד... ווער זאָגט דען בערד...

און אַזוי ווי די אויגן פֿון אַלע פֿאַרזאַמלטע האָבן געקוקט אויף אים איצט מיט פֿאַראַכטונג און שנאה, האָט אין אים מיט אַמאָל דאָס האַרץ גענומען זינקען, אַזוי זינקען. אינסטינקטיוו האָט ער זיך אַ כאַפּ געטאָן פֿאַר דער מאָרדע, און זי אָנגעהויבן נערוועז אַרומטאַפּן.

און אַז די פֿאַרזאַמלטע האָבן זיך באַלד אַלע צונויפֿגעפּלאָנטערט אין אַ פֿאַרטיפֿטן, צעקאָכטן געשפּרעך, און האָבן שוין פֿאַרגעסן אַפֿילו אינגאַנצן אָן זיין עקזיסטענץ, איז ער צוגעלאָפֿן צום שפּיגל, אינגאַנצן אָן אָטעם; און דאָרט, פֿון גרויס דערלייכטערונג, איז ער אַזש בלייך געוואָרן, און שיר ניט אומגעפֿאַלן.

— כ'דאַנק דיר, גאָט, — האָבן זיינע ליפּן פֿאַרחלשט געשעפּטשעט, — כ'דאַנק דיר, גאָט, וואָס איך האָב כאָטש ניט קיין באָרד.

און אַרום און אַרום האָבן זיך שוין אין דער בלענדנדער העלער לופֿט געשאָטן שטעכיקע, אָפּשפּעטערישע רייד, — געשאָטן זיך נאָכאַנאַנד, ווי אַ שאַרפֿער דראָבנער דרויב.

— הע, צוליב וואָס מענטשן מאַכן עס אַ טומל...

— אַז ס'זיינען גאָר קיין מענטשן ניט....

— ווילדע בריאות ..

— פּרא־אָדמס...

— און ריידן נאָך אַיינגעקשנט אויף זייער ווילדן קידערוועליש...

— און ווילן נאָך ניט, אַנדערש, מע זאָל עס „אָנערקענען“ !...

— „נאַציאָנאַלע רעכט“ ! מינאָריטעטן־רעכט“ !

מען האָט זיך ווידער אַ לאָז געטאָן צו רובינשטיינען, אים אַרומגערינגלט, אַריינגענומען אין מיטן. שפּיציק־לאַכעדיקע אויגן האָבן אים געטומען בריען:

— אַנו, רובינשטיין, רעדט אונז אַ ביסל „יידיש”... לאָמיר הערן, וואָס פאַר אַ לשון דאָס איז... שמאַליץ, פּעטס, זאַפּטיק, מעזמאַ... אײַ־ווײַ, כאַ־כאַ....

רובינשטיין האָט זיך דערשראָקן, פאַרלוירן געשמייכלט, און זיך אָנגעהויבן בעטן:

— איך וואָלט עס גערן געטאָן פאַר אײַך... נאָר פון וואַנען זאָל איך עס קענען... אַז איך בין דאָך ניט קיין רוסישער — איך בין גאָר אַן אונגאַרישער ייד, פון עסטרייך... מר. שיינטאַל אַליין שטאַמט דאָך אויך פון עסטרייך.

מילא, האָט מען אים שוין געמוזט אָפּלאָזן. וויבאַלד אַז מר. שיינטאַל אַליין... נאָר דערפאַר איז דער אײַנגעהאַלטענער צאָרן פון די פאַרזאַמלטע געוואָרן נאָך שטאַרקער. איינער פון עולם האָט שאַרף, ווינקלדיק אויסגעשפּיגן. ס'איז אַפילו געווען סקאַנדאַליעז: ער האָט עס אַפילו ניט געטאָן אין זיין זיידענער פאַרפומירטער נאָזטיכל אַריין... אָבער אין דער אַלגעמיינער אויפרעגונג האָט עס קיינער ניט באַמערקט.

— פּע, סאַראַ עקל... לאַנגע, קאַלטענעוואַטע, אומריינע בערד... מיט פּעדים, מיט לאָקשן, מיט שמעק־טאַבאַק...

— און זיי שרייען נאָך צו אונז, אַז מיר זאָלן זיך אָננעמען פאַר זיי! מיר זאָלן פאַרטיידיקן, הייסט עס, די דאָזיקע בערד זייערע! כאַ־כאַ!

איינער אַן עלטערער מיוחסדיקער הער, וואָס האָט געשטאַמט פון עפּעס אַן אַלט־יידישער יחוסדיקער משפּחה ערגעץ אין מערען, האָט דעם פריערדיקן רעדנער געפרווט איינעמען:

— נו, כ'בעט אײַך... דאָך פאָרט אונזערע קרובים, פאָרט אייגענע ברידער... אַן אייגענע מכּה — דאַרף מען שווייגן.

און מיט אַ קלוגן, אַלט־דערפאַרענעם קוק פון אונטער זיינע גרוי־באַברעמטע אויגן אַרויס האָט ער צוגעגעבן:

— און אַז איר ווילט, ליבער פריינט, איז עס האָך פון אונזער זייט מער ניט, ווי אַ גמילות־חסד... ווייל ווער ווייס — האָם רעדל קאָן זיך דאָך איבערדרייען, — עס האָט זיך שוין אַזוי פיל מאָל איבערגעדרייט... און דעמאָלט וועלן זיי אונז אַליין צוריקקערן... אַליין... האַ־האַ... מ'יר קאָנען דאָך קיינמאָל ניט זיין זיכער!

דער, צו וועמען ער האָט זיך געווענדט מיט די דאָזיקע ווערטער, האָט אים דעמאָלט אָנגעקוקט מיט אַ פּאָר תמעוואַטע, ניט־פאַרשטייענדיקע אויגן.

— וואָס, איינגנטלעך, האָט דער אַלטער געמיינט מיט דעם... וואָס האָט ער מיט דעם געוואָלט געבן אָנצוהערעניש?

אים איז פונם דאָזיקן גרייען, אַלטיטשקנס קלוג־פאַרשטייענדיקן בליק, — שוין אַ סך, אַ סך געזעענעם בליק, — עפּעס אַזוי קאַלעמוטנע־אומהיימלעך געוואָרן... און ער האָט זיך אַ ווײַלע פאַרלאָרן. נאָר בלויז אויף אַ קליינער ווײַלע — באַלד איז ער ווידער צו זיך געקומען, און נצחונדיק אויסגעשריען:

— נו, אויב אַזוי... אויב אַזוי... איז אויב אַזוי — טאָ זאָלן זיי אַליין די בערה אָפּגאָלן!

האָם איז באמת געווען אַ געניאַלער ענטפער: איך דעם האָבן זיך אַלע געאייניקט. און אַלע צוזאַמען האָבן איצט איבערגעשריען נצחונדיק, אויסגעשריען אין כאָר:

— יאָ, זאָלן זיי אַליין זיך אָפּגאָלן די בערד!

— יאָ, זאָלן זיי אַליין זיך אָפּגאָלן די בערד!

און דער פרייליכער אָוונט אין די פּאָליש־צימערן איז ווייטער אָנגעגאַנגען...

ס'איז שוין געווען איצט ווייט נאָך האַלבער נאַכט. מיטנאַכטיקע שטורעמס אויף ווייטע ימען, וואָס אַרום און אַרום ניו־יאָרק, האָבן זיך איצט, אין אָט דער שעה, נאָך שטאַרקער פונאַנדערגעשפּילט. נאָר דאָ, אין דרויסן, אַרום דעם טעמפּל „גייטס אָוו מוירסי", איז געווען שטיל.

ס'איז געפאַלן איצט דער ערשטער שניי.

שטיל האָבן די שנייקע רעדעלעך אַרומגעטאַנצט, זיך שוואַך געוואַקלט, זיך פאַרלירן, זיך צוריק אָפּגעזוכט, גענומען זיך פאַר די הענטלעך און אינאיינעם געפאַלן גלייך סיי אויף די הייכע מויערן און סיי אויף די לעצטע פורפורנע קריט-קעפּלעך אין די קליינע גערטנדלעך, וואָס ווייט אַרום... אויף די נאָך ליידיקע פלעצער, וואָס אַרום קליינע הייזלעך אין דער דזשעראָם-געגנט. פאַמעלעך, לופטיק, מיט אָנרירנדיקערהייט האָט דער שניי אַלץ אַרום באַדעקט. און ווייס איז אַלץ געוואָרן: אַ מעשה-וועלט, אַ חלום-וועלט... און ניו-יאָרק איז געוואָרן אַ שטאָט אין ווייסער שנייִקער פאַרטראַכטקייט צווישן פעלדער.

און פונם אונטערשטן טייל טעמפּל האָט זיך דאָס גאָלד פון די פענסטער געלייגט איבערן פאַרשנייטן הויף אַרויס. די טענץ זיינען שוין אָפּגעשוואַכט געוואָרן. ס'איז שוין געווען שפּעט. בלויז אייניקע שטאַרק-יונגע און שטאַרק-אומרויִקע פּאָרלעך האָבן נאָך דאָרט קינסטלעריש-מיסטעריהאַפט איבערגעטאַנצט אַ „טויבן-גאַנג“.

דערפאַר אָבער איז אַרום די טישן איצט געוואָרן פילער, היישיקער.

און עס איז געווען, אַז די הערצער פון די קהלה-מיטגלידער זיינען וואַרעם געוואָרן פונם וויין, וואָס זיי האָבן אין זיך איינגעזאַפּט און אַריינגעזשלאָקעט, האָט דער קאַסירער באַפוילן דעם שמש רובינשטיינען, אַז ער זאָל ברענגען נאָך וויין.

— נאָך וויין!

רובינשטיין איז דערמאָלט גלייך אַרויסגעלאָפן אין טונקעלן קאָרידאָר, וואו אין ווינקל האָט זיך געפונען די טיר אין שפּיזאַרניע אַריין. נאָר דאָ האָט אים מיטאַמאָל אַזוי שטאַרק אַ קלאַפּ געטאָן אין די שלייפן, אַז ער האָט זיך געמוזט אָנשפּאַרן אָן דער קאַלטער עמאַלירטער וואַנט. ס'האָט אים עפּעס אַזוי שטאַרק געשווינדלט אין קאָפּ.

— ער האָט אפשר געדאַרפט איבערלאָזן איצט דאָ אַלעמען און גיין אַהיים? עפּעס איז ער האָך אַזוי שרעקלעך מיד...

ער האָט אָבער געוואוּסט, אַז ס'איז נאַריש, — אַז ער וועט

עס אַוודאי ניט טאָן. אינמיטן דערינען? און זיי וועלן דאָ אַלע בלײַבן אָן וויין?

קלערט ער, אַז ס'איז שוין בעסער, ער זאָל אַרויסגיין אויף אַ ווײַלע אויבן, אינם טעמפּל=זאַל אַרויף. דאָרט איז שטיל און טונקל. ער'ט זיך דאָרט אַ ביסל אָפּרוען. ס'איז מיט אים מסתּמא גאָרניט — ס'וועט באַלד אַריבער. ס'קומט אַוודאי פֿון זײַן כראָנישער בלוט=אָרעמקייט. ער האָט דאָך אָפֿט געהאַט אַזעלכע פּלוצלינגע אַטאַקעס.

— אָט, ער וועט זיך דאָרט צוזעצן אַ ווײַלע און האַלטן דעם קאָפּ אָנגעשפּאַרט אויף הינטן.... וועט עס גלײַך אַריבער.

ער האָט פּאַמעלעך געעפֿנט די שווערע, הינטערשטע טיר, וואָס האָט געפֿירט אין טעמפּל=זאַל אַרײַן, — דאָרט וואו מען פֿלעגט דאַווענען בלויז זונטאָגס און ימים=טובֿים. ער איז גלײַך פֿאַרשלונגען געוואָרן אין דער טונקלקייט.

צוערשט האָט ער גאָרניט געזען אַרום זיך. ס'האָט זיך בלויז געפֿילט דער וואַרעמער, ליידיקער, ווייכער גערוך פֿונם פֿוסטן טעמפּל. זײַנע טריט זײַנען שטיל געזונקען אין די ווייכע כאָדניקעס פֿון די טעפּיכער, וואָס זײַנען געווען פֿאַרשפּרייט אין די לאַנגע דורכגאַנגען צווישן די טעמפּל=בענק.

לעבן דעם עקסטן פֿענסטער, וואָס האָט זיך אים באַלד, ווען ער האָט זיך צוגעוווינט צו דער טונקלקייט, אָנגעהויבן בלויען אין דעם אַרום, האָט מיטאַמאָל אַ פֿייערל אויפֿגעבליט. פֿון אומגעוואַרטקייט האָט זיך רובינשטיין אַזש אָנגעכאַפּט אָן דער פּאַרענטשע פֿון אַ באַנק. ער האָט זיך דערשראָקן: פֿון דער שול=טונקלהייט אַרויס האָט ער דערהערט אַ שעפּטשען... ניט אַנדערש, ווי גנבֿים.

נאָר אַז דאָס לכתּחילהדיקע האַרצקלאַפּעניש איז שטילער געוואָרן און זײַנע אויגן זײַנען נאָך מער צוגעוווינט געוואָרן צו דער טונקלקייט, האָט ער קענען בלײַכן שוין פֿונם שנײַיקן דרויסן, וואָס האָט שטיל זיך געצייגן אין שול אַרײַן דורך די גרויסע פֿענסטער, דײַטלעך דערקאָנט דעם סילועט פֿון מר. יודזשין גולסינגער. דער דאָזיקער סילועט האָט מיט איין אָרעם אַרומגענומען אַ צווייטן

סילועט — דעם סילועט פון עפּעס אַ דאַמע, — און מיט דעם צווייטן אָרעם האָט ער אַלע ווײַלע צוגעטראָגן צום מויל אַ דיקע ציגאַר.

אַ דערשראָקענער, אַ פאַרשולדיקטער, האָט זיך ר׳ בינשטיין פון דאַנען אויף גיך אָפּגעטראָגן אויף די שפּיץ־פינגער, און זיך געלאָזט אַליין טיפער אין שיל אַרײַן, דורכן לאַנגן פּאַסאַזש, מיט סטעזשקעס אַן אויסגעבעטן, וואָס האָט געפירט צום אָרון־קודש, פון וואַנען די קופּערנע אָרגעל־רערן האָבן איצט געשיינט אין דער טונקלקייט מיט אַן אומהיימלעכן גלאַנץ. בײַ די זייטן פון דעם אָרון־קודש זײַנען תמיד געשטאַנען פיר אויסגעבעטע בכבודיקע פּאָטער־שטולן — פאַר דעם פּרעזידענט, פאַר דעם „ראַבבי", און פאַר נאָך צוויי פון די וויכטיקסטע קהילה־באַלעבאַטים. די דאָזיקע שטולן פלעגן פאַרנומען ווערן בלויז בשעתן זונטאָגדיקן דאַוונען.

רובינשטיין האָט אויפגעדרייט אַן עלעקטריש לעמפּל, ווײַל אין דער טיפעניש פון דער שול, וואָס האָט געפירט צום אָרון־קודש צו, זײַנען די ווענט געווען בלינדע און קיין שײַן האָט פון דרויסן ניט אַרײַנגעלויכטן.

אין איינעם פון די ווייכע פּאָטער־שטולן איז געזעסן דער פּרעזידענט — טאַקע אויף זײַן אייגענעם, פאַר אים אַזוי פײַערלעך באַשטימטן שטול. אויפן שויס האָט ער געהאַלטן אַט יענע שלאַנקע בלאָנדע דאַמע מיטן ניט־יידישן אויסזען, וואָס האָט זיך פריער אַזוי וואַרעם אָנגענומען פאַר יידן. געהאַלטן האָט ער זי מיטן פּנים צו זיך (און מיטן רוקן צו דער שול אַרויס. מחמת זי איז געזעסן אַ ביסל אַרויסגערוקט אויפן פּרעזידענטס שויס, האָט זיך איר קליידל צופיל אַרויפגעצויגן. איר ווײַסע אונטער־קליידל האָט שטאַרק געשימערט אין דער טונקלקייט.

פון דעם אומדערוואַרטן אויפגעדרייטן ליכט איז די בלאָנדע דאַמע אויפגעשפּרונגען, אויף גיך אָנגעהויבן פאַרקנעפּלען איר בלוזקע, און הינטערווײַלעכטס, פאַרשעמט, זיך אָנגעהויבן רוקן אַליין ווײַטער, אין דער טיפעניש, צום אָרון־קודש צו. אָבער דער פּרעזידענט איז געבליבן זיצן רויק: ס׳איז דאָך געווען זײַן שטול, און ער איז שוין דאָ געוויינט געווען צו זיצן בײַ פאַרשיידענע געלעגנהייטן.

— וואָס זוכט איר דאָ? — זיין שטים איז געווען באַפּעלעריש, גראָב, הייזעריקלעך־איבגעריסן.

— איך זוך דעם... דעם וויין...

— וואָס'אַראַ וויין? וואָס'אַראַ וויין? וואָס דרייט איר זיך דאָ אַרום?

— דער קאַסירער, מר. דזשערווים, האָט געהייסן אַרויפּברענגען נאָך וויין...

— דער קאַסירער... דער קאַסירער... אַ טייערער בעל־הוצאה... נו, דער וויין איז דאָך גאָר אין שפּיזאַרניע...

— יאָ, טאַקע... דער וויין איז דאָך גאָר אין דער שפּיזאַרניע... — רובינשטיינס פּנים האָט געפלאַמט, טיף־פאַרשולדיקט.

טאַקע... ווי האָט ער עס געקאָנט פאַרגעסן, אַז דער וויין איז גאָר אין שפּיזאַרניע?

ער האָט אויף גיך אויסגעדרייט דעם לעמפּל און האָט זיך אויף די שפּיץ־פינגער אָפּגעטראָגן פון שול.

און אין טעמפּל איז ווידער געוואָרן שטיל, — שטיל און שאַ... אַט פּונקט, ווי אין דער שנייקער וועלט דרויסן.

ס'איז שוין געווען גאָר שפּעט ביינאַכט, ווען די געסט זיינען זיך צעגאַנגען פונם טעמפּל. ס'איז שוין געווען ביים סוף פון דער צווייטער אַשמורה.

אין דרויסן איז געווען איצט נאַכטיק־שטיל — אַ ווינטער־נאַכט. די שנייקע ווייסקייט האָט שוין אַלץ פאַרדעקט — די אויטאָמאָביל־פּאַסן איבערן וועג, די מענטשלעכע טריט און די דרעמלענדיקע הייזער. צווישן הימל און ערד איז שוין איצט גאָרניט געווען — דער שניי איז שוין אויך מער ניט געפאַלן. בלויז אַ שטילע, אַן איינגעהאַלטענע בלויקייט איז געווען אין דער לופט. שאַ. אַ ווייסער טויט.

אַ פּאָר שעה נאָכאַנאַנד האָבן קענעטה און רובינשטיין געאַרבעט אין די פּאַליש־צימערן, צונעקליבן פון די טישן, צוריק צעשטעלט די שטולן אין דער געוויינלעכער אָרדענונג, געוואַשן

די דילן מיט אַלערליי רייניקונגס־פּרעפּאַראַטן. ס׳איז שוין באַלד געוועזן פרימאָרגן. אַן אומגעזעען פייער האָט אַבער געטאָן אונטער די פליגלען פון ווייטע און נאָענטע הענער, און אַן אויסגעצויגן, געהיימניספול־אָנזאָגנדיק קרייען האָט זיך אויסגעצויגן אין דער טראָגנדיקער שטיל פון סוף־נאַכט.

קענעטה, אַ הייכער, אַ שווייגנדיקער און איבערגעדאַרטער גוי מיט אַ שטאַרק־פרימן פנים, — אַ פנים פון ערגעץ אין אַ העק פאַרוואָרפענעם געוועזענעם ניי־ענגלענדער פערמער, — האָט נאָכאַנאַנד געריבן מיט דער שוואַברע די דילן, געריבן און געשוויגן. פון די פילע ברענענדיקע לאָמפן אין די פוסטע צימערן איז געווען איצט שטאַרק ליכטיק — אַ טויטע ליכטיקייט. און דורך דער טויטער ליכטיקייט האָבן זיך צו רובינשטיינען מיטאַמאָל געטראָגן די ווערטער פון אַ האַרבער שאלה:

— מר. רובינשטיין... כ׳בעט אייך, מר. רובינשטיין... זאָגט מיר נאָר, וואָס איז עס היינט עפעס פאַר אַ יום־טוב אַזאַ ביי יידן? האַ?

רובינשטיין איז מיטאַמאָל אַרויסגעטרייסלט געוואָרן פון זיינע מחשבות. ווי אַ ניט־היגער האָט ער אָנגעקוקט דעם הוכן, דאַרן ניי־ענגלענדער מיט די אויסגעשטעלטע פרעגנדיקע אויגן. ער איז געוואָרן בלייך, און אויפן פנים האָבן זיך אים געמיניעט אַלערליי פאַרבן. נאָר באַלד האָט ער צוריק אַרונטערגעלאָזן זיינע אויגן, און אָנגעהויבן פלאָנטערן עפעס מיט דער צונג:

— אַ, היינט?... איר מיינט, הייסט עס, היינט ביינאַכט? היינט ביינאַכט... יאָ, אַוודאי היינט ביינאַכט איז יום־טוב... ס׳איז אַ יום־טוב אַזאַ אַ יידישער ביי אונז.

אַ שטיק צייט האָבן זיי דערנאָך אין אַ מאָדנער שווייגעניש צוזאַמען געאַרבעט.

אַז זיי זיינען געוואָרן פאַרטיק, האָט זיך רובינשטיין שווער אַנידערגעזעצט ביים טיש אַ מידער. אַ ווײַלע האָט ער געשוויגן. דערנאָך האָט ער אַרויסגענומען פון קעשענע אַ צעקנייטשט פאַפיר, מיט אַרומהענגענדיקע, אָפגעריבענע צוויטן, עס פונאַנדער־

געוויקלט, ווי אַ בריה. אַ צייט האָט ער איבער דעם אַרומגעבלאָנזשעט מיט זיינע מידע אויגן. נאָר באַלד האָט ער — ווידער, אַפּנים, פון מידקייט — אַרונטערגעלאָזן דעם קאָפּ אויף די צוזאַמענגעלייגטע אָרעמס איבן טיש. און אַזוי איז ער שוין געבליבן ליגן די גאַנצע צייט — אַ שטילער, אַ שווייגנדיקער, אָן באַוועגונג, — כמעט אַ טויטער.

און אין דער טויט־ליכטיקער ליפט פון די אָפּגעליידיקטע פּאָליש־צימערן איז געווען איצט עטוואָס אַזוינס, וואָס האָט דערמאָנט אָן אַ תשעה־באָב־נאַכט אין אַ קליינשטעטלדיקער שול, שוין נאָך די קינות, ווען אין די ווינקלען פון דער שול, אָנגעפּילטע מיט הדורתדיקער מידקייט און אומזיכטיקער אויסגעמאַטערטקייט, בלאָנדזשען אומזיסט און פּלאָנטערן זיך נאָך אַלץ אַרום די אָנגעשטאָרבענע אָבלדיקע ווערטער:

— אַני הגבר ראיתי עני...

ביז קענעטשה האָט זיך סוף־כל־סוף אָנגעהויבן וואונדערן, פאַר וואָס רובינשטיין גייט נאָך אַלץ ניט אַהיים. ס'איז שוין דאָך אַזוי שפּעט. ער האָט ניט געוואוסט, וואָס צו טאָן איצט. די לאָמפּן אויסדרייען האָט ער דאָך ניט געקאָנט, ווען אַ מענטש זיצט נאָך. איז ער צוגעגאַנגען צו זיין בעטל, וואָס איז געשטאַנען אין אַ זייטיקן חדרל, און זיך אויף דעם, ביז וואַנען וואָס, דערווייל אַנידערגעזעצט.

דורכן אָפענעם טירל פון זיין חדרל האָט ער אַ שטיקל צייט אַזוי געקוקט אויף רובינשטיינס דינע צוזאַמענגעקאָרטשעטע אַקסלען. און אַזוי ווי יענער האָט זיך נאָך אַלץ ניט גערירט; און אַזוי ווי ער, קענעטשה, האָט זיך ניט געקאָנט לייגן שלאָפן: די לאָמפּן האָבן אַזוי שטאַרק געברענט, — האָט ער דערווייל אַרונטערגענומען פון זיין פּאָליצקע אַ ספרל — אַ ברית החדשה — אין ברוינע, אַלט־געשטעמפּלטע טאָוולען פון טייערן חזיר־לעדער. מיט אַ פאַרשלאָפן, גלייכגילטיק קול האָט ער פון דאָרט אָנגעהויבן אַרויסלייענען פאַר זיך גלאַט אַזוי, צוליב צייט־פאַרטרייב:

„...איר שלאַנגען־קינדער... ווער האָט דאָס אייך מוזהיר גע־

וועָן, אַז איר זאָלט אַנטלויפֿן פֿון דעם צאָרן, וואָס וועט קומען...
דעריבער ברענגט פֿרוכט, ווי עס קער צו תשובה".

ער האָט געשמאַק אַ גענעץ געטאָן און ווידעראַמאָל אַרויסגעקוקט דורך דעם אָפֿענעם טירל. נאָר רובינשטיין איז נאָך אַלץ געזעסן בײַם טיש אומבאַוועגלעך, מיט אַן אַרונטערגעלאָזטן קאָפּ אויף די אָרעמס. ס'איז נאָך דאָרט אַלץ געווען ליכטיק. האָט קענעטה דעריבער אָן חשק ווײַטער געמוזט פֿאָרזעצן זײַן פֿאַרדומפּן, גענעצדיק לייענען.

— אַ־אַ־אַ — האָט ער געשמאַק געגענעצט, און פֿאַמעלעך געציילט די ווערטער, איינס נאָכן אַנדערן. — „.... און טראַגט אײַך ניט אַרום מיט דער אײַנבילדונג, צו זאָגן: מיר האָבן איין פֿאָטער, אברהם. דען איך זאָג אײַך, דאָס גאָט קאָן פֿון די דאָזיקע שטיינער אויפֿשטעלן קינדער צו אברהמען. די האַק ליגט שוין בײַם וואָרצל פֿון די ביימער. יעדער בוים, וועלכער ברענגט ניט קיין גוטע פֿרוכט, וועט מען אויסהאַקן און אין פֿייער וואַרפֿן..." אַ־אַ־אַ...

און די לאָמפּן האָבן נאָך אַלץ ליכטיק געברענט אין די אָפּגעליידיקטע חדרים פֿונם פּאַליש.

.1920

---

# מענטשן איר גוטע

אינאָווענט איז ביי די דרעלס ליכטיק. די עלעקטרישע לעמפּלעך זיינען איינגעדרייט אין אַלע צימערן, ווייל די מרס. דרעל האָט ליב ליכט, אַ סך ליכט.

דאָס עלעקטרישע ליכט איז בלייכלעך-בלוי, פֿאַרגיסט די צימערן מיט אַ שטילן, אומבאַוועגלעכן און ניט לעבעדיקן שיין, און אַז מען זיצט אַזוי אַ ווײַלע אין חדר און מען איז שטיל, הויבט זיך אינגיכן אָן חוכטן: דאָס ליכט פֿלייצט עס פֿאַמעלעך פֿון די ווייסע ווענט אַרויס, פֿון דער געקאַלכטער סטעליע, פֿון דעם מעבל... דאָס אָפּגעשטאָרבענע טאָג-ליכט, וואָס איז דאָ פֿאַרבאָרגן אין זיי, פֿון לאַנגע און נאָך ווילד-אוראַלטע צייטן, פֿלייצט צוריק אַרויס ביי נאַכט.

מען זיצט ביים טיש. ס'איז שוין איצט נאָך אָוונט-ברויט. אַמאָל איז דאָ ביים טיש אַזויפֿיל מענטשן און אַמאָל אַזויפֿיל. היינט אָוונט זיינען ביים טיש דאָ דריי מענטשן: מר. דרעל, מרס. דרעל און איר ברודער, דן.

מרס. דרעל איז פֿאַרטיפֿט אין דורכקוקן אַ בלאַט.

אַ לאַנגע זייט מיט אַ סך עמודים געדרוקט אין קלייניקע אותיות, קורצינקע שורהלעך. פֿאַר יעדער שורהלע שטייט אַ ציפֿער.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט מרס. דרעל אַרויסגעהויבן איר פּנים פֿון צווישן די שורות פֿונם בלאַט-צייטונג אַרויס און אַרויסגעזאָגט מיט אַ זיפֿץ:

— ניטאָ.

דן, וועלכער איז אומגעדולדיק און אָנגעשטרענגט געזעסן די גאַנצע צייט אויף זיין שטול, האָט זיך אויפגעהויבן מיט אַ הויכן געהידער און אָנגעהויבן אַרומגיין איבערן חדר.

ער האָט אָנטערגעפּייפט אַ פּאָפּולער, פריילעך גאַסן־לידל.

די שוועסטער האָט אויף אים אַ קוק געטאָן מיט פאַרלאָפענע כעסדיקע אויגן. אַ בלוילעכער אָדער איז אַרויסגעטראָטן אין דער גאַנצער ברייט פון איר שטערן — תמיד איז עס ביי איר אַ סימן פון שטאַרקן כעס...

— שטיינערן האַרץ, — האָט זי אים צוגעוואָרפן, — וואָלט עס אים גאָר געאַרט! אַז ס'איז גאָר קיין מענטש ניט... דאָך דיין אייגן פלייש און בלוט!

דער ברודער האָט זיך אָפּגעשטעלט און זי שנעל אָנגעקוקט:

— נו, וואָס ווילסטו... זייערע נעמען זיינען דאָך אין דער ליסטע ניטאָ... הייסט עס, אַז דערווייל האָט מיט זיי גאָרניט פּאַסירט!

— יאָ, — האָט געענטפערט מרים. הדעל אויפגערעגט און דערשלאָגן, — אָבער...

און מער האָט זי ניט געוואוסט, וואָס צו זאָגן.

נאָר אַ צעשריפטע און דערצאָרנטע האָט זי אין אַ פּאָר מינוטן אַרום ווידער אויפגעשריען:

— ווי איז עס אָבער אַ מענטש אַזוי האַרט!... דו קוקסט דאָך אַפילו קיינמאָל אין די צייטונגען ניט אַריין... פאָלגסט ניט נאָך די ליסטן!

דן האָט זיך ווידער אָפּגעשטעלט — אין מיטן אַ שפּאַן, אָפּגעהאַקט אין קנציק אַזוי — כמעט אַקראָבאַטיש. האָט אַפילו דעם קאָפּ ניט אומגעדרייט אויף צוריק.

— צו וואָס? — האָט ער געזאָגט שטיל.

— און ווי איז, אַז זיי זיינען האַרט אַלע אויסגעהרגעט?

— נו, איז וואָס וועלן מיר טון? — זאָגט ער ווייטער שטיל.

— און ווי איז, אַז די ווילדע הײַדאַמאַקעס האָבן דאָגיען דאָרט געשענדעט?... — האָט אַזש געצישעט מרס. הרעל ווי אַ שלאַנג און געשפּריצט פֿײַערלעך פֿון די אויגן. און ס'איז ניט געווען קלאָר, צי אָט די שנאה איז אַרויסגערופֿן געוואָרן פֿון אָט יענע ווילדע הײַדאַמאַקעס, צי פֿון איר ברודער מיטן שטײנערנעם האַרץ.

— נו, איז וואָס וועלן מיר דאָ טון? — זאָגט דן ווײַטער אַרוים אין דער שטיל.

האָט מרס. הרעל שוין מער ניט געקאָנט אויסהאַלטן... עס איז דאָך אַוודאי שווער צו האָבן אַ ברודער, וואָס איז אַזאַ אומ־מענטש. איז זי מיט אַ געוויין און אַ כליפּעניש אַרויסגעלאָפֿן פֿון עסצימער, אַרײַנגעלאָפֿן אין שלאָף־חדר, וווּ זי האָט זיך אַ וואָרף געטון אויפֿן בעט אַ כליפּענדיקע.

מר. הרעל, דער מאַן אירער, כאָטש ער פֿלעגט זיך תּמיד האַלטן ווי אַ זײַטיקער אין אירע משפּחה־ענינים, האָט דאָך ניט געקאָנט זען, ווי זי לײַדט און מוטשעט זיך שוין אַזויפֿיל טעג און אַזוי פֿיל נעכט, ווי זי איז אומרויִק און נערוועז... אַזוי אַז דער הויז־דאָקטאָר האָט איר שוין שטאַרק געראָטן, זי זאָל, למען־השם, טרינקען כאָטש צוויי מאָל אַ טאָג דעם אַנטי־נערוועזישן און אַנטי־ספּאַזמאַטישן „וויבורנום קאָמפּאונד". האָט ער דערבײַ איצט צוגעוואָרפֿן אַ בייזלעכן און אומצופֿרידענעם בליק אין זײַן שוואָגערס זײַט און איז אויך דעמאָנסטראַטיוו אַרויס.

איז דאַן געבליבן אַליין. האָט ער ווידער אָנגעהויבן פֿײַפֿן דאָס זעלבע פּאָפּולערע גאַסן־לידל, וואָס ער האָט פֿריער אַ ווײַלע אָנגעהויבן, און, פֿײַפֿנדיק אַזוי, איז ער אַרויס אין גאַס.

— מע דאַרף גיין ערגעץ אין אַ וואָדעוויל, — האָט ער צו זיך שטיל אַ זאָג געטון.

אָט אַזוי פֿלעגט ער טאַקע טון לעצטנס: גיין אין וואָדעוויל, אין בורלעסק, מוזיק־האָלס, ביליקע קינאָס. ער איז עפּעס געווען אין די האָזיקע טעג פֿריילעכער, ווי אין וועלכע ניט איז אַנדערע טעג פֿון זײַן לעבן.

איסער אין אָוונט... אויסער איינעם אַן אָוונט, ווען ער איז פּלוצלונג געוואָרן גאָר דערדריקט אַזוי, און אַ פּוסטקייט און אַ ליידיקייט האָבן מיטאַמאָל אָנגעפּילט זיין גאַנצע אינווייניקייט.

חאָם איז געווען אין יענעם אָוונט, ווען מרס. הרעל איז פּלוצלונג, ווי אַן אונטערגעזעגטער בוים, אַ פאַל געטון אויפן דיל און נאָכגעשלעפּט אַ גרויסע בלאַט־צייטונג מיט זיך. האָט די צייטונג זי איינגאַנצן באַדעקט, ווי אַ מת מיט אַ טוך.

זי איז אָבער ניט געווען געשטאָרבן. מע האָט זי מיט קאַלטע וואַסער באַשפּריצט, מיט עסיק אײַנגעריבן איר די שלייפן, און זי אָפּגעמינטערט. אָט ערשט איצט האָט זי אָנגעהויבן רעכט שרייען און גוואַלדעווען מיט אַ פאַרצווייפלטן קול, — און איז באַלד ווידער געפאַלן אין חלשות. מע האָט זי ווידער אויפגעמינטערט; איז זי ווידער געפאַלן אין חלשות, שוין צום דריטן מאָל.

אַזוי גרויס איז געווען איר צער.

אַז דער מאַן האָט זי סוף־כל־סוף אַוועקגעפירט אין שלאָפצימער אַריין און זיך באַמיט זי האָרטן אײַנצונעמען און באַרויקן, איז דן דעמאָלט צוגעגאַנגען צום טיש, אויפגעהויבן די צייטונג און איבערגעלייענט דאָרט, אין דער צייטונג, אונטער אַ גרויס קעפּל:

## ליסטן פון די אוקראַינער הרוגים

(אָקאָרשט צוגעשיקט פון אויף יענער זייט אָקעאַן, פון אונזער ספּעציעלן קאָרעספּאָנדענט. נאָכדרוק פאַרבאָטן).

ער האָט זיך אײַנגעקוקט. ער האָט שנעל געזוכט ציפערן, נעמען, ציפערן. נידעריקער אַ ביסל האָט ער איבערגעלייענט:

— נומער 2381. משה ווײַנער, אַלט 53, אַ שוסטער.

— „אין דער זעלבער שטאָט — איז גאָר אונטן, שוין צום סוף פון דער ליסטע פון אַלע נעמען, געשטאַנען אין דער צייטונג — זיינען כמעט אַלע יידישע מיידלעך געשענדעט געוואָרן. נאָר קיין שום נעמען ווערן דורך די אײַנוואוינער ניט אַרויסגעגעבן, לויט דעם שווייגנדיק־אָנגענומענעם באַשלוס אין דער קהילה, — כדי מען זאָל ניט אַרויסלאָזן קיין שם־רע אויף יידישע טעכטער“.

מרס. דרעלס מיידל-נאָמען איז געווען ווײַנער.

נו, אין אַ סך יידישע הייזער אין אַמעריקע איז עס דעמאָלט געווען אַזוי, און אין דעם הויז פון די דרעלס איז עס אויך געווען אַזוי. שווערע טעג זיינען דעמאָלט געווען — פאַר אַ סך, אַ סך מענטשן איבער דער גאַנצער וועלט.

ווייס מען ניט, ווי אַזוי מר. דרעל האָט סוף-כל-סוף באַרויקט און געטרייסט זיין פרוי, נאָר איינס ווייס מען יאָ: אין איניקע טעג אַרום איז שוין ביי איר געווען אַ ליכטיקער פנים.

און מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער, אַז זי איז אויפגעשטאַנען אין איינעם פון די קומענדיקע פרימאָרגנס, האָט אַ זון אַריינגעשיינט דורך די פענסטער... עס איז גראָד געווען פרילינג. זון-פלעקן האָבן זיך געפלאָנטערט שטיפעריש אינם זאַמד און אינם זעלטענעם, מאָגערן גראָז, וואָס פאַר זייער שטוב.

האָט די מוטער, מרס. דרעל, אַ קוק געגעבן אויף איר עופעלע, וועלכע איז שוין היפשע עטלעכע טעג געווען פאַרשפּאַרט אַזוי אין שטוב. האָט זי אַ זאָג געטון צו זיך מיט גרויס רחמנות:

— מען דאַרף אויפנייען דעם קינד אַ ניי קליידעלע און עס אַרויספירן אין דרויסן. אומבאַדינגט. זאָל עס האָבן אַ ביסל פרישע לופט. אומבאַדינגט.

נאָר דורכגייענדיק דעם קאָרידאָר, האָט זי אַריינגעקוקט אין דעם שפּיגל-גלאָז, וואָס איז געהאַנגען אויף דער וואַנט. האָט זי דערזען, ווי פאַרצערט איר פנים איז געוואָרן פאַר די לעצטע עטלעכע טעג. האָט זי אַ טראַכט געטון:

— כ'לעבן, כ'וואָלט אויף זיך אויך געמעגט אַכטונג געבן בעסער אַ ביסל — כאָטש צוליבן קינד אַליין...

עס האָט שוין אָנגעהויבן צו גרינען אין דרויסן. דער אייז-מאַן האָט שוין אויפגעפענט זיין קעלער. פענסטער זיינען שוין געשטאַנען אָפן. קינדער האָבן זיך שוין געשפּילט אין גאַס. און פון וואַנען האָבן זיך עס פלוצלונג גענומען אַזוי פיל פייגל אויף ביימער און טעלעגראַף-דראָטן?

פרילינג...און אַז ס'איז פרילינג, דאַרף מען זיך איינפייען אַ נײַ פרילינג=קלייד. דעם בלייען האַרבסט=קאָסטיום קאָן מען שוין איצט ניט טראָגן, און דאָס פרילינג=קלייד פון לעצטן יאָר איז שוין צו=ענג געוואָרן.

און דער, מיט יעדן טאָג אַלץ וואַרעם=ווערנדיקער פרילינג=לופט דרויסן, האָבן זיך אָנגעהויבן אויסשטעלן פאַר איר אַ ריי ליכטיקע, פאַרשפּרעכנדיקע זומער=טעג.

זי האָט שוין בײַצײַטנס אָנגעהויבן איבערקלייבן די זומער=פלעצער פאַרן קומענדיקן סעזאָן.

נאָר אַז זי האָט זיך איינמאָל געפּאָרעט אין איינעם פון אירע שופלאָדן, — געזוכט עפּעס אַ ליפּטשיק, — האָט זי זיך אומדערוואַרט אָנגעשטויסן אָן אַ צײַטונג, וועלכע האָט אומזיסלעך געשאַרכעט אונטער אירע פינגער... עס האָט איר אַ שטשעמע געטאָן בײַם האַרצן און זי האָט די צײַטונג טיפער, טיפער און ווײַטער אין שופלאָד פאַרשטופּט, ווײַטער און טיפער... און דערבײַ האָט זי אַ שווערן זיפץ געטאָן.

ווען זי האָט צוריק פאַרמאַכט דעם שופלאָד, האָט זי דערפאַר אָבער געהאַט אַ געפיל פון זיכערקייט און פאַרענדיקטקייט: ס'איז שוין פאָריבער... אויף דער זייט שופלאָד איז געווען רויק און שטיל. אַ ריי ליכטיקע זומעדיקע פאַרשפּרעכנדיקע טעג האָבן זיך אויסגעשטעלט פאַר איר אין דער וואַרעם=ווערנדיקער פרילינג=לופט.

און דן — אַ פּוסטקייט און ליידיקייט האָבן זיך איצט אײַנגעקלייבן אין זײַן האַרצן.

— איצט — וואָס?... פריער האָט נאָך געברענט אַ פײַערל, האָט געשרפּעט דאָס האַרץ מיט אַ פאַרגעניגנדיקער ביטערקייט... אָבער איצט?

— נו, שוין געשאָכטן דעם טאַטן... איז וואָס זאָל ער ווײַטער טאָן? — — —

אַ פּוסטקייט און ליידיקייט האָבן פאַרנומען דעם פּלאַץ פון

דער פריערדיקער פאַרבאָרגענער פּיין. עס איז שוין ניט געווען איצט וואָס צו באַהאַלטן מיט דער געמאַכטער פריילעכקייט.

אָוונטן און אָוונטן האָט ער שוין איצט געשטאַרט איבער דעם נומער פון אַט יענער בלאַט־צייטונג — דער צייטונג מיט דער טרויעריקער בשורה, וועלכע האָט די באַשטענדיק־גליענדיקע, אָבער דערפאַר אַזוי אָנגענעמע האַרץ־שניידעניש זיינע אַוועקגענומען. זיין נומער פון דער צייטונג איז שוין באַלד פון דעם אינגאַנצן אָפּגעריבן געוואָרן.

אָוונטן און אָוונטן האָט ער געקוקט אויפן בלאַט פאַר אים, — אַן אויסגעליידיקטער, אַ פּוסטעווענדיקער.

ביז ער איז אין עטלעכע טעג אַרום אַיינגעלאָפן צו דער שוועסטער זיינער מיט אַ גרויסער פרייד.

— זעסט, שוועסטער מיינע, דאָס איז דאָך אַ טעות געווען, אַ טעות!... דער האָזיקער פאָגראָם איז דאָך פאָרגעקומען ניט אין אונזער שטאָט. דו האָסט דעמאָלט אויפן נאָמען פון דער שטאָט ניט אַ קוק געגעבן. דער האָזיקער משה ווינער, וועלכן מע האָט דערהרגעט, איז ניט אונזער פאָטער, — עס איז גאָר אַ פרעמדער מענטש, מיטן זעלביקן נאָמען.

— און אונזער פאָטער? — האָט זי אַ פריידיקע אויסגערופן.

— אונזער פאָטער, הייסט עס, לעבט נאָך!

זי איז געבליבן שטיין אַ ווײלע, אַ געפּלעפטע.

— און פונוואַנען ווייסטו, אַז ער לעבט?

— יאָ, אָבער דו ווייסט דאָך ניט, אַז מע זאָל אים האָבן געהרגעט?

זי האָט אַרונטערגעלאָזן די אויגן. אַ ווײלע איז זי אַזוי געשטאַנען, אַ פאַרטראַכטע און פאַרטונענע אין פאַרשיידענע מחשבותן און אויסרעכענונגען. בליץ־שנעל האָט זי אַ הויב־אויף געטאָן אויף אַ רגע אירע בליקן אויפן ברודער, און ווידער זיי גלייך צוריק אַרונטערגעלאָזן. ערשט אין אַ היפּשער ווײלע אַרום, האָט זי געענטפערט, נאָך אַלץ מיט פאַרטראַכטע און פאַרטונענע אויגן:

— יאָ, ס'איז אמת, — האָט זי שווער אַ זיפץ געטאָן.

נאָר אין אַ ווײַלע אַרום האָט זי צוגעגעבן נאָך שטילער, כמעט ווי מיט האָפענונג:

— איז עס דען אָבער ניט מעגלעך, אַז דער פאָטער זאָל זיך דורך דער צייט, וואָס מיר האָבן פון אים ניט געהערט, האָבן אַריבערגעקליבן אין אָט יענער שטאָט?

און פון יענעם אָוונט אָן האָט מרס. הײל, אינגאַנצן אַ צעשרויפטע, ווידער אָנגעהויבן צו לייענען יענע גרויסע צייטונגס-זײַטן, אָנגעפּיקעוועטע מיט די קלייניקע אותיותלעך און די גרויסע נומערן בײַ דער זייט.

און ווידער איז זי אַרײַנגעפאַלן אין אַן אײַנגעדרעמקייט און אַ דענערווירטקייט. איפן ברודער האָט זי שוין איצט מער קיינמאָל ניט געקאָנט קוקן, ווי ער וואָלט געווען איר ביטערסטער פײַנט.

— וואָס-זשע?.. אַרט אים סײַדן דען, אַז טאָמער ווערט איצט, אין דער זעלביקער מינוט, דער פאָטער זייערער געשאָסן ערגעץ דאָרטן, וואו ער זאָל ניט זײַן?

און דן האָט ווידער אָנגעהויבן באַזוכן וואָדעווילן און מוזיק-האָלס. ווידער איז ער אַרומגעגאַנגען מיט פאַרביסענע ליפּן און טיפן, פאַרהוליענדיקן שמייכל.

דער זומער האָט זיך שוין איצט אָנגעהויבן. די אָוונטן זײַנען שוין געוואָרן גאָר וואַרעמע. די פענסטער זײַנען געשטאַנען שוין אינגאַנצן אָפענע. האָבן זיי אַרײַנגעלאָזן אין די חדרים דעם געשמאַק פון יונג-זומערדיקע נעכט.

און אין איינעם אַזאַ אָוונט גייט צו מרס. הײל צי דער מאַן אירער און זאָגט איר, אַז זי וואָלט זיך געמעגט אַ ביסל צואײַלן מיט אירע הכנות פאַר דער רייזע איפן לאַנד.

— אַך, איפן לאַנד... — האָט מרס. הײל מיט פאַרביטערטקייט און פאַרדראָס געענטפערט, — וואָס פאַר אַ רו אַ כל שוין קאָנען האָבן איפן לאַנד, אַז דער טאַטע דאָרט... די קינדער...

און זי האָט זיך אַנידערגעשטעלט בײַם פענסטער און אַרויסגעקוקט אין דרויסן אַרויס. זי האָט דאָרט, בײַם פענסטער, גע-

טראַכט, וואָס פאַר ניט־זיכערע אומרויִקע נעכט, זי וועט עס האָבן היינטיקן זומער אויפן לאַנד, און וואָס פאַר א צעפּייניקטע אָונטן.

און זי האָט זיך פאַרביסן די ליפּן אין גרויס פאַרביטערט־קייט.

און אין א ווײַלע שפּעטער האָט זי, פּאַדראָסיק און מיט כעס, פאַרמאַכט דאָס פענסטער מיט א הילך און אויסגעדרייט דעם לאָמפּ. און איידער זי איז אַריין אין שלאָפצימער, האָט זי אויפגעעפנט א שופלאָד פון א ביוראָ, האָט אַרויסגענומען די צײַטונג, וואָס איז דאָרט שוין צײַט א פּאָר וואָכן א צעקנייטשטע געלעגן, און אין דער פינסטער האָט זי די צײַטונג אָנגעהויבן רייסן און צופּן אויף פּיצלעך, רייסן, רייסן און צופּן.

---

# קאָנסערוון

.1

— וועל, סעם, ווי גייען עפּעס די ביזנעס?

— אָט, אַזוי זיך, צוביסלעך... ס׳עט בעסער ווערן...

ווען ער זאָגט עס אַרויס, סעם, קוקט ער אַפֿילו ניט אין איר זייט. ער קײַט בשעת־מעשה זײַן דיקע ציגאַר, וועלכע ער לאָזט, דוכט זיך, קיינמאָל פֿון מויל ניט אַרויס, לאָזט זי ניט אַרויס אַפֿילו ווען ער שלאָפֿט.

זײַנע קליינע, קאַסאָקע אייגעלעך קוקן ערגעץ אומבאַשטימט. ס׳איז שווער צו זאָגן, אויב ער טראַכט איצט עפּעס וויכטיקס, און דערפֿאַר קוקן עס זײַנע בליקן אַזוי אומבאַשטימט, אָדער דאָס קוקט ער אַהינצו, וואוהין ער קוקט, ווײַל ערגעץ־וואו אָן אַ זייט דאַרפֿן דאָך זײַנע קאַסאָקע אייגעלעך זײַן געווענדט, און געבן דעם אָפּנאַרערישן אײַנדרוק, אַז זייער באַלעבאָס, — אָט דער באַלעבאָס פֿון דעם דאָזיקן פּאָרל קאַסאָקע אייגעלעך, — איז אַ גוואַלדיקער חכם — ממש אַ לאַנדס־חכם.

אָבער דער אמת איז, אַז ער טראַכט איצט בכלל ניט, סעם.

דאָס ווערט באַלד אײנעם קלאָר, נאָכדעם ווי ער קוקט אַ לענגערע ווײַלע אויף זײַן אויסגעמאַטערטן, טעמפּיקן, אַשיקן פּנים.

הערשט אַ ווײַלע אין הויז אַ פּוסטקייט און אַ לאַנגווײַליקייט... קיינער רעדט ניט. ס׳איז פּשוט ניטאָ פֿון וואָס צו ריידן. מאַן און ווײַב האָבן דאָ געוויינלעך קיינמאָל ניט פֿון וואָס צו ריידן — אָדער אפֿשר פֿוילן זיי זיך פּשוט צו עפֿענען אַ מויל, ביז׳ן צום עסן.

סעם פּאַרטיפט זיך, גלייך ווי ער שלינגט אַרונטער דעם לעצטן ביסל פון דער וועטשערע, אין זיין ציטונג. לייענען לייענט ער די „איוונינג מייל"*). ער וואָלט קיינעם ניט געקאָנט דערקלערן, פאַרוואָס ער לייענט דווקא די „מייל" און ניט קיין אַנדער ציטונג. דאָס איז אייגנטלעך זיין איינציקער קאַפּריז, דאָס איינציקע, וואו ער דריקט אויס, בלינדערהייט, זיין אינדיווידואַליטעט.

— איך, סעם טשעניג (כאַנין איז זיין פאַמיליען־נאָמען פון דער „אַלטער היים" אַרויס), האָב, הייסט עס, האַלט צו לייענען גראָד אָט די ציטונג און ניט קיין אַנדערע... איז מסתמא ווייס איך, וואָס איך טו...

ווען דער „מייל" רעדט ער זייער הייך און מיטן גרעסטן יראַת הכבוד, ווען ער געפינט זיך אַמאָל אין אַ געזעלשאַפט, וואו מען רעדט פון ציטונגען. כאָטש אהרן — דער ווייטער קרוב זייערער, וואָס וואוינט ביי זיי אין הויז און רעדט כמעט קיינמאָל קיין וואָרט ניט אויס מיט זיי, נאָר רק ער קוקט זיך צו צו זיי פון דער זייט און קוועטשט תמיד מיט די אַקסלען — אהרן האָט איינמאָל געפרווט אין אַ שפּאַס אַריינרוקן אַלע אינעווייניקסטע זייטן פון אַנדערע ענגלישע אָוונט־ציטונגען אין דעם דרייסנדיקן בויגן פון דער „מייל". און סעם האָט, נאַטירלעך, קיין אַנונג ניט געהאַט וועגן דעם גאַנצן בייט. ער האָט אַליין געזונטקערהייט אַראָפּגעשלונגען.

סעם דערגרייכט פּיי ווי זייער זעלטן צו יענע פרעמדע און ערנסטערע ציטונגס־זייטן, וואָס געפינען זיך אין מיטן בלאַט.

גלייך נאָך דער זאַטער וועטשערע הייבט אים אָן תיכף צו שלעפערן.

זיצט ער אַזוי אַ ווײַלע נאָך דער וועטשערע, סעם, און בלעטערט די ציטונג.

לאָראַ קוקט אין די קאַרטונס**). פון צייט צו צייט לאַכט זי

*) אַ ניו־יאָרקער ענגלישער אָוונט־בלאַט.

**) קאַריקאַטור־צייכענונגען.

אויף מיט איר קלײנינקן, הראַבנינקן, נאָך אַלץ מײדלשן געלעכטערל: עפּעס אַ קאָמישע קאַריקאַטור, צי אַן אונטערשריפֿט אונטער אַ קאַריקאַטור איז איר, װײַזט אױס, שטאַרק געפֿעלן.

פֿון דעם געלעכטערל טרײסלען זיך בײַ איר בשעת־מעשה, װי האַלב־פֿאַרגליװערטע שטיקער „פּעטשאַ״, די שװערע, פֿעטע פֿאַלדן פֿון איר לײַב, — איר לײַב, װאָס איז פֿאַר דער צײַט אין יונגערהײט זיך פֿונאַנדערגעשװאָלן, איז אַזױ פֿעט און צעיױרן געװאָרן.

זי עסט צופֿיל, לאָראַ. טאָג און נאַכט, טוט זי נאָר אײן זאַך — האַלט אײן עסן די פֿעטסטע און בוימלדיקסטע מאכלים. אַז מע װאַרפֿט איר אַמאָל אױס, װאָס זי עסט אַזױ פֿיל און מאַכט דורך דעם קאַליע איר נאָך גאָר יונגע פֿיגור פֿון אַ צװײ־און־צװאַנציק יעריק מײדל, — שמײכלט זי לעקישעװאַטע און כיכיקעט זעלבסט־צופֿרידן:

— כי־כי־כי... און װאָס זאָל איך טאָן, אַז דאָס איז מײַן אײנציקער פֿאַרגעניגן... אַז קײן אַנדער פֿאַרגעניגן, אַחוץ עסן, האָב איך דאָך ניט... און ס'איז גאָר ניטאָ אױף דער װעלט קײן אַנדער פֿאַרגעניגן, גלײבט מיר...

און, אַז זי לאַכט אַזױ אַ פּאָר מאָל אױף, װען די קאַריקאַטורן זײַנען באַזונדערס טשיקאַװע, — כאָטש זײ זײַנען כמעט די זעלביקע יעדן טאָג, — קאָן זיך סעם, װײַזט אױס, מער ניט אײַנהאַלטן. ער זעט עפּעס אין דעם כמעט װי אַ פּערזענלעכע באַלײדיקונג. ס'הײסט:

— װאָס לאַכט זי עפּעס, און ער װײסט אַפֿילו ניט פֿון װאָס.. און זײַן װײסן לאַכט זי?

אָט, אַז זי װאָלט געלאַכט פֿון זײנעם אַ װיץ, װאָס ער װאָלט איר דערצײלט, — װאָלט עס געװען פֿאַרשטענדלעך, — װאָלט געװען עפּעס אַנדערש.

ער קאָן ניט צוזען די האָזיקע העזהדיקע באַהױפּטונג פֿון איר פּערזענלעכקײט. ער פּלאַצט ענדלעך אַחים:

— װאָס כיכיקעסטו, בהמה דו...

לאַראַ נעמט עס אָן גאַנץ גוטמוטיק. זי ענטפֿערט אַפֿילו אויף דעם ניט. זי פֿילט זיך. צו סעמס זידלערייען איז זי שוין צוגעוווינט געוואָרן און באַליידיקט זיך אויף זיי ניט, ווי אַ טרייע בהמה באַליידיקט זיך, וואַרשײַנלעך, ניט אויף דעם באַלעבאָס שמײַץ.

סײַ ווי — באַלד הייבט זיך שוין סעם אויף, גיט אַ גענעץ.

— ס'טוט שוין מאַכן די בעט, לאַוואַ? (אָנשטאָט אַ רייש קומט בײַ אים תמיד אַרויס אַ וואָו) — איך גיי שלאָפֿן... פֿאַוועגעס ניט צוצושליסן די טירן.

אינדערפֿרי שטייט סעם אויף תמיד אויף דער לינקער זייט.

די ערשטע זאַך — שרײַט ער אָן און פּאַטשט אויס די קינדערלעך. ער טוט עס ניט אַזוי אויס שלעכטסקייט, ווי גיכער דערפֿאַר, ווײַל ער איז אַ טאַטע, און ער האָט אַ רעכט דערצו. ער האָט ליב זיך פֿילן באַלעבאָס אין הויז. אַחוץ דעם:

— דאַרפֿן דאָך די קינדער קריגן אַמאָל אַ דערציִונג, ווייסן, אַז זיי האָבן אַ טאַטן, — יאָ, צי ניין?

פֿאַרטיק געוואָרן מיט דער דערציִונג פֿון די קינדער, הייבט ער אָן פּינקטלעך יעדן פֿרימאָרגן צו שרײַען:

— לאַוואַ, וואו איז דעוו האַנטעך?

— לאַוואַ, וואו איז די זייף?

לאַראַ שרײַט צו אים אַרויס פֿון אונטן, פֿון דער קיך, וואו זי זיצט און עסט שוין, — וואו אָט יענע אַלע זאַכן געפֿינען זיך. אָבער סעם בלײַבט אומצופֿרידן.

וואָס הייסט — זי זיצט זיך דאָרטן און הייבט זיך אַפֿילו פֿון שטול ניט אויף? אַזוי טויג ניט.

הייבט ער אָן צו שרײַען נאָך העכער:

— לאַוואַ, מע זאָגט דאָך דיו, אַהעוו גיי...

— לאָוואַ, קום אַרויף...

און וואָס זי זאָל זיך ניט באַמיִען אויסצוגעפֿינען פֿון אונטן, וואָס ער וויל דאָרטן אין דער הייך, איז אַלץ אומזיסט. ער קומט באַלד אַרײַן אין גרויס כעס און הייבט אָן צו טאַפּן מיט די פֿיס:

— גאָר דעם אַיִט*), וואָנסטו ניט אַוויפקומען, אַז מע ווןפט דיך? ווהאט די העל**)...

ביזקל לאַראַ, אַן אומצופרידענע און אַ וואָרטשענדיקע, וואָס מע האָט איר איבערגעשלאָגן אין מיטן עסן, הייבט זיך ענדלעך אויף אויף די טרעפּ, וואָס פירן אַרויף צום באָד-צימער. אונטער דער מאַסע פון איר שווערן, צעפּאָרענעם גוף, איף וועלכן עס טרייסלען זיך פידן גאַנצע פעטס, קרעכצן אַוש די טרעפּ.

ערשט איצט, אַז זי קומט צו אים אַרויף, סאָפּענדיק און קרעכצנדיק, ווי אַן אַלטע יידינע, — און אַלט איז לאַראַ בסך-הכל צוויי-און-צוואַנציק יאָר, — ערשט איצט דערפילט זיך סעם צופרידנגעשטעלט. ערשט איצט דערפילט ער, אַז ער, ער איז באַלעבאָס.

ער האַלט זיך שוין איצט ביים גאָלן. ער גאָלט זיך יעדן פרימאָרגן, — דאָס איז זיין רעליגיעזער ריטואַל ביים איפשטיין. אין באָד-צימער איז אַלץ ריין, אַלץ אין אָרדענונג, אַלץ ציכטיק, ווי אין אַ שפּיטאָל. אַלץ איז איבן אָרט, ווי אין אַן אַפּטייק. גאָרניט פעלט אים. און באמת האָט ער זיך ניט וואָס צו טשעפּען. נאָר גאָרניט... זי איז דאָך זיין ווייב, צי ניין? איז וואָס איז שייך? ווער ווערט אים זאָגן דעות?

ניט קוקנדיק אַפילו אין איר זייט, ברומט ער איצט אַרויס:

— גיי אַהינטער אין קיך און שטעל אויף גיך צו די קאַווע. איך איל מיך אַוועקצוגיין.

נאָר די קאַווע איז שוין לאַנג פאַרטיק. לאַראַ באַמיט זיך יעדן פרימאָרגן צו האַלטן די קאַווע פונקט אין דעם ריכטיקן צושטאַנד: עס זאָל זיין ניט צו הייס און ניט צו קאַלט, כדי סעם זאָל זי קאָנען אויסטרינקען גלייך, ווי ער גייט אַרונטער. אַז ניט, איב די קאַווע איז אַ קאַפּיטשקע צו הייס אָדער אַ טראָפּעלע צו קאַלט, מאַכט ער אַזאַ געפילדער — הימל עפן זיך. און זי באַמיט זיך צו פאַרמיידן אויסהערן סעמס געשרייען. ניט אַז זיינע געשרייען זאָלן די שטאַרק אַרן, — זי ווייס, אַז אַ מאַן דאַרף שריי-

*) **) זידל-ווערטער.

ען, אַז אַלע מענער זײַנען אַזוי. נאָר זי פֿילט זיך פּשוט אויפֿהערן זײַנע געשרייען, ווײַל זי פֿילט זיך אויף זײ ענטפֿערן, ווי עס טוען אַנדערע ווײַבער.

און סעם איז אין דער אמתן אויך גאָרניט אַזאַ שלעכטער. נאָר אַז ער שרײַט ניט, פֿילט ער זיך עפּעס אַזוי לײדיק, אַזוי טעמפּ... ערשט דערמאָלט, ווען ער שרײַט אָן אויף לאַראַן אַזוי געשמאַק, דערפֿילט ער זיך ווײַכטיק, דערפֿילט ער זיך באַלעבאָס אין הויז, אַ יש אויף דער וועלט!

און דאָס, וואָס ער קוקט כמעט קײנמאָל ניט אויף איר, איז אויך ניט, ווײַל ער האָט זי פֿײַנט, דאָס ווײַב זײַנע. ער האָט זי ניט פֿײַנט און ניט ליב. זי איז זײַן ווײַב. איז וואָס האָט ער דאָ וואָס צו קוקן אויף איר? וואָס, ער האָט זי קײנמאָל ניט געזען? און בכלל...

בכלל איז ער אַ פֿאַרנומענער מענטש, סעם. ווי ער שטײט אויף, הויבט אים אָן זײַן קאָפּ צו טראַכטן פֿון ביזנעס... דער קאָפּ איז אים תמיד פֿאַרשלאָגן מיט ביזנעס. נו, קוקט ער אויף איר ניט, — קוקט ער אויף איר ניט, אַפֿילו בשעת ער שלאָפֿט לעבן איר אין אײן בעט — קוקט ער דען אויף די מאכלים, בשעת ער עסט זײ? גאָרנישט, ער שלינגט זײ אַרונטער... איך בעט אײַך, אויף אַלץ קלעקט ניט קײן צײַט.

— לאַוואַ, — שרײַט ער צו איר שוין דאָס לעצטע מאָל, נאָך בשעת זי גײט אַרונטער די טרעפּ, און שילט אים אונטער דער נאָז, שילט אים אַזוי זיך, כמעט אָן ווערטער און גוטמוטיק, כמעט מעכאַניש, — — לאַוואַ, אײַל זיך, מאַך שנעל פֿאַרטיק די קאַווע.

אָבער לאָזן לאָזט זיך עס סוף־כל־סוף אויס מיט דעם, אַז ווען ער לויפֿט אַרונטער אין אַ צען מינוט אַרום, שוין אין דעם איבער־מאַנטל און אין הוט, מיטן פּאָרטפֿעל אין האַנט, גיט ער בלויז אײן זופּ, אָדער צוויי פֿון דער קאַווע, און אײַלט זיך גלײַך אַוועק, ווי אַן אונטערגעשאָסענער אָן אַ זײַ־געזונט. אָט אַזוי אַלע פֿרימאָרגן.

.2

דערנאָך הערשט אין שטוב אַ גאַנצן טאָג אַ פּוסטקייט. לאַראַ קאָרמעט די קינדער.

בשעת מעשה טראַכט זי, הוכט זיך, פון גאָרניט. זי קאָמעט די קינדער מיט אַזאַ מין מאָדנעם אינטערעס, עפּעס אַ מעכאַניש אַזוי, און אַ נייגעריק — פּונקט ווי זיי וואָלטן געווען אירע ליאַלקעס, מיט וועלכע זי וואָלט זיך איצט געשפּילט.

ווען עננאַ, איר קליין מיידעלע — אַ נאָמען נאָך סעמס פאָטער; דעם פאָטערס נאָמען איז געווען חנה: במילא, חנה — כאַנע — אַנע — עננאַ — ווען עננאַ שפּילט זיך מיט אירע ליאַלקעס, טוט זי דאָך אַזוי: זי שטופּט זיי דאָס עסן מיט גוואַלט אין מויל אַריין. און אַז די ליאַלקעס שפּאַרן זיך איין און ווילן ניט עסן, איז צערשט שלאָגט זי זיי, עננאַ, און דערנאָך עסט זי עס אַליין אויף.

איז אפשר האָט זי עס זיך טאַקע אויסגעלערנט ביי דער מאַמען. די מאַמע אירע טוט אויך אַזוי — בשעת זי קאָרמעט די קינדער, עסט זי דערווייל אַליין. זי קאָכט דאָס עסן אייגנטלעך אָפּ פאַר די קינדערלעך, אָבער אַז זיי שפּאַרן זיך איין און ווילן ניט עסן — גראָטן זיינען די קינדערלעך אין סעמען, — עקשנים גרויסע, און דאַרע אַזעלכע שפּענדעלעך — עסט זי עס סוף־כּל־סוף אַליין אויף.

און דערנאָך, אַז דער טאָג איז אַזאַ לאַנגער, און מיט שטובאַרבעט איז זי שוין פאַרטיק געוואָרן, לייענט זי דעם „סאַטורדעי איוונינג פּאָסט" און — קייט דערווייל ווידער.

פּלוצלונג דערמאָנט זי זיך, אַז ס'איז שוין הויך אַ זייגער נאָך מיטאָג און —

— אוי ווי, זי האָט נאָך קיין וואַרמעס ניט געגעסן...

לויפט זי אַריבער צום גוישן קצב, קלייבט זיך אויס אַ געשמאַקן, זאַפטיקן ביפשטעקס, — די יידן פאַרקויפן ניט אַזעלכע ביפשטעקסן, — פּרעגלט אים אָפּ אויף דער העלפט, און עסט אים אַזוי האַלב־רויערהייט... מיטן געשמאַקן זאַפטיקן בלוט.

זי באַלעקט זיך אַזש.

— אײ... װי געשמאַק, גלײבט מיר...

אין הױז איז איצט קײנער ניטאָ. קײנער, פֿאַרשטײט זיך, הערט איר דעריבער ניט. נאָר זי מוז דאָך איבערדריקן איר אַנטציקונג אין דער הױך.

אײנגעלעך, האָט זי ערשט הנאה פֿונם עסן, װען זי עסט אַלײן. ניט, אַז סעם פֿאַרגינט איר, חלילה, ניט האָט עסן. נאָר יענץ עסן בײם טיש, מיט דער משפּחה, איז, פֿאַרשטײט איר מיך, עפּעס אַנדערש... דעמאָלט, קאָן מען זאָגן, דאַרף מען דאָך עסן. אַלע עסן דעמאָלט, עסט זי אױך! אָבער איצט איז עסן אויסער פּראָגראַם. איצט כאַפּט זי אַרײן עטװאָס בײ דער זײט... זי עסט, הײסט עס, אין געהײם... זי װינקט איצט אונטער שולטיש אין דער פֿיסטער לופֿט אַרײן, װי זי װאָלט אַ געשמאַק־גנביש שטיקל אַרבעט איצט אָפּגעטאָן:

— אײ, װי געשמאַק, גלײבט מיר...

דערנאָך נעמט זי רעקס ביטשעס אַ ראָמאַן „אין די װעלדער פֿון געהײמניספֿולן צפֿון", און גיט זיך אַ װאַלגער אַרונטער אױף דער סאָפֿע. דעם ראָמאַן לײענט זי שױן לאַנג, לאַנג — שױן חדשים גאַנצע, אפֿשר יאָרן. זי הײסט קײן מאָל ניט, װאו זי האָט דאָס לעצטע מאָל איבערגעלאָזן — נאָר װאו זי הױבט יעדער מאָל ניט אָן, איז עס פֿאַר איר נײ.

לאַנג אָבער לײענט זי סײ װי סײ ניט — אין שטוב איז מחיהדיק װאַרעם און די פֿילע אַרײנגעקומענע שפּײזן צעװאַרעמען זי ערשט רעכט גוט פֿון אינעװײניק... װערט זי אײנגיכן אַנטשלאָפֿן.

אַז זי כאַפּט זיך אױף, איז שױן אָװנט.

די קינדערלעך, װאָס האָבן זיך אָנגעהױבן צװישן זיך אַרומרײסן, האָבן זי אױפֿגעװעקט.

זי געזעגנט זיך אײס געשמאַק און כאַפּט זיך, אַז ס'איז שױן צײט גרײטן צו װעטשערע.

זי וואַרט ניט מיט וועטשערע-עסן אויף דעם מאַנס אָנקומען. ער קומט אַלע מאָל אַזוי שפּעט פון ביזנעס. דערווייל, וואָס ווען, ביזקל ער וועט אַהיים קומען, עסט זי אַליין אָפּ וועטשערע.

און אַז זי פּאַקט זיך גוט און אַ סך אָן מיטן שווערן מאָלצייט, איז זי שוין אַזוי מיד, אַז קוים וואָס איר פאַרבלייבט שוין כּוח אַרויסצושלעפּן זיך אין דער הייך, אין דעם שלאָף-צימער אַריין, און זיך אַריינוואַרפן אין בעט.

אָבער, אַז סע קומט צו גיין, רייסט ער זי תּיכף אויף פון שלאָף, כאָטש די וועטשערע שטייט שוין געגרייט אויפן טיש. ניט ווייל ער איז אַ שלעכטער, חס-וחלילה, נאָר וואָס הייסט, — ווי-זשע דען אַנדערש:

— אַ ווייב דאַרף דערלאַנגען דעם מאַן וועטשערע... ווער-זשע דען, אַז ניט אַ ווייב?

און אַז זי שלעפּט זיך אַרונטער אין קיך, אַ פאַרשלאָפענע, אַ פאַרלעגערטע. אַ צעפּודזשעטע, און זינקט אַרונטער אויף אַ שטול בורטשענדיק און זשמורענדיק זיך קעגן ליכט, צווינגט ער זי דאָרטן, אַז זי זאָל מיט אים מיטעסן. ניט ווייל ער האָט חס-ושלום מורא, אַז זי זאָל נאָך שטאַרבן פאַר הונגער — נאָר ווידעראַמאָל, וואָס הייסט:

— אַ ווייב דאַרף זיצן בײַם טיש, ווען דער מאַן זיצט, און דאַרף עסן, ווען ער עסט!

— עס, וואָס עסטו ניט!... בייזערט ער זיך אויף איר, — צום טײַוול!... פרעסט זיך אָן אײַדער איך קום צו גיין, און קאָן שוין דערנאָך בײַם טיש ניט עסן...

נאָר אַ ווייב איז דאָך פאָרט אַ גוטע, טוט זי אים צוליב און עסט מיט אים אויך גאָר האַרציק וועטשערע. אַ דאגה נו, זאָל ער זיך בייזערן — זי דערלייגט צו דעם גאָרניט.

נאָכן עסן איז אַ ווײַלע שטיל. זיי האָבן ניט פון וואָס צו ריידן צווישן זיך. זי קוקט אַרײַן אין די קאַריקאַטור-צייכענונגען פון דער אָונט-צייטונג, וואָס ער ברענגט מיט זיך, און כיכיקעט אונטער פאַר זיך פון צייט צו צייט.

אין כּעמען איז איצט אָנגענעם און וואַרעם, ווי אַ קאַץ בײַ אַ ווינטערדיקן אויוון. ער רוקט צו זיך צו נאָך אַ שטול, ציט אויס און פֿאַרוואַרפֿט אויף איר די לאַנגע, דאַרע פֿיס זײַנע, ווי בײַ אַ יאַגד־הונט. ער לויפֿט דאָך אַזוי פֿיל אַרום אַ גאַנצן טאָג, אָט טאַקע ווי אַ דאַרער פֿלינקער יאַגד־הונט. ער יאָגט זיך דאָך אַרום אַ גאַנצן טאָג אין שאַפֿ — און אין גאַס, צוליבן שאַפֿ.

דורכן חוט־השדרה גייט אים מיטאַמאָל דורך אַ ציטער. שטיל. נאָך אַ ציטער, און אַ דריטער, אַ לענגערער.

סעם גיט אַ פֿליענדיקן קוק אויפֿן ווײַב, נאָך איינעם, און אַ דריטן. און דערמאָנט זיך, אַז עס איז שוין פֿאַרלאָפֿן צוויי טעג זינט דעם לעצטן מאָל... נעמט ער און פֿאַררייכערט רויִק, זייער רויִק אַ דיקע ציגאַר, קײַט זי נאָכאַנאַנד אין אַ ווינקל פֿון מויל, און וואַרפֿט פֿון צײַט צו צײַט ווײַטיקע בליקן, מיט אַ פֿײַערל אין זיי, אויפֿן ווײַב. ביז זי דערפֿילט ענדלעך אויך זײַנע אויפֿגערעגטע בליקן אויף זיך.

ווערט איר אויך אַזוי גוט פֿון דעם, און זי הייבט אָן וואַרעם צום מאַן צו אירן צו שמייכלען. זי ווייסט, אַז איצט קאָן זי זײַן מוטיק קעגן אים, — איצט קאָן זי זיך שוין מער דערלויבן מיט אים...

זי רוקט זיך צו צו אים און לייגט אים אַנידער איר ווײַסע, פֿעטע האַנט אויף די קני. אַ האַנט, וואָס איז אַזוי אויסגעכאַליעט, אַז זי זעט אויס צו זײַן אינגאַנצן אָן ביינער; און די פֿעטע פֿינגער — פֿון איין שמאַלציקן גוס, אָן קנעכלעך אַפֿילו.

לויפֿט אים פֿון איר וואַרעמען ריר אָן זײַן קני דורך נאָך אַ פּאָר ציטערלעך דורכן חוט־השדרה. נאָר ער, פֿונדעסטוועגן — גאָרניט: ער באַמערקט זי קיים...

ער רייכערט זיך רויִק, רויִק. ער כאַפּט אויף איר בלויז אַ קוק פֿון צײַט צו צײַט — פֿון דער זײַט.

נאָר זי לאַשטשעט זיך אַלץ צו אים, און בויגט אָן איר שווערן, הייסן קערפּער אַלץ נעענטער צו אים.

— איך האָב הײַנט געזען אין אַ שוי־פֿענסטער אַ נײַע, שיינע

קליד... ווייסט, מעס, מיט אַזעלכע פיינע אויסהעפטונגען... עס איז איצט אין דער מאָדע אַזאַ קליד...

— נו, קויפט מען, — ענטפערט ער איר לאַקאָניש.

— דאַרף מען האָבן געלט... — חנדלט זי זיך.

— בעט מען.

— נו, איז אָט, בעט איך...

— נו, איז גוט, וועסט קריגן, — שניידט ער אָפּ קורץ.

נעמט זיך שוין אָן איצט לאַראַ מיט נאָך מער מוט, גיט זיך אַ הייב און גיט זיך מיטאַמאָל אַ זעץ אַוועק ביי אים אויפן שויס.

איז גיט ער זיך צערשט אַ בויג איין און אַ קאָטשע אונטער דער שווער'ער מאַסע, וואָס האָט זיך אומדערוואַרטערהייט אַרויפגעוואָרפן אויף אים. נאָר ער האַלט עס אַ ווײַלע אויס זייער העלדיש: פאָרט אַ מאַנסביל. אָבער אין איינקע מינוטן אַרום — ווייל וועגן וועגט זי קיין עין-הרע אַ סך, און די פיס זיינען ביי אים דינע, זי קאָן זיי נאָך אַזוי איבערברעכן... — הייבט ער זי שוין אָן פאַמעלעך אַרונטערשטופן פון די קני.

— נו, וויפיל איז דער שיעור, לאַראַ... דו וועסט דאָך מיך באַלד דערשטיקן... אַז וועגן וועגט עס פודן גאַנצע. דאָס איז דאָך ניט קיין פּתי — דאָס איז דאָך אַ גאַנצע הויז...

הייבט זי זיך אויף פון זיין שויס פויל, מיט אַ געלעכטערל. זי ווייסט, אַז ער מיינט עס ניט ערנסט. זי ווייסט דאָך, אַז ער האָט זי ליב. פאַרקערט, זי האָט אין דעם אירע אָנשויונגען. מענער האָבן סך-הכל גאָר ליב דווקא פעטע... זיי האָבן ליב, אַז עס זאָל זיין אַ סך, אַ סך, כע-כע...

אין אַ ווײַלע אַרום הייבט ער זיך אויף, קייט נאָך אַלץ די ציגאַר אין ווינקל מויל, און וואַרפט שוין אויף איר אַ פּאָר גלייכע, שמייכלדיקע בליקן. ער נעמט זי אויף איין מינוט אַרום און ציט זי צו צו זיך.

אָבער בלויז — אויף איין מינוט. אין אַ ווײַלע אַרום זאָגט ער שוין אַרויס הערשעריש:

— נו, כ'גיי שלאָפן, קום באַלד אַ־היים!

הורכן חוט־השדרה לויפֿן שוין אים איצט נאָכאַנאַנד דורך אַ סך פֿײערדיקע ציטערלעך, ציטער נאָך ציטער, ציטער נאָך ציטער, ווי אין אַן עלעקטרישן מאָטאָר, וועלכער האָט זיך געלאָזט גיין.

און איר איז אויך איצט אַזוי גוט, אַזוי וואַרעם איבערן גאַנצן לייב. אַ נאַריש, אַ גוטמוטיק שמייכעלע צעגיסט זיך אינגאַנצן איבער איר פּעטן, גײדעדיקן פּנים.

אָן אַ וואָרט שטעלט זי אַרױף אויפֿן גאַז אַ טשאַייניק, אויפֿזידן אַ ביסל וואַסער. דערנאָך גייט זי מיטן הייסן וואַסער אין דער היך, וואו די שלאָפֿצימערן זיינען. ער גרייט שוין דאָרטן צו דאָס שאַכטעלע מיט די נייטיקע פּילן.

זי וויל עפּעס צו אים אַ ביסל נעענטער ווערן איצט — נעענטער ווערן גייסטיק, הייסט עס. טראַכט זי אַ ווײלע, וואָס צו זאָגן אים, טוט זיך דערװייל אוים און פֿרעגט סוף־כּל־סוף:

— וועל, סעם, ווי גייען עפּעס איצט די ביזנעס?

— אָט, אַזוי זיך, — ענטפֿערט ער, — און וואַרפֿט אַרונטער די שיך מיט אַ הילך אויפֿן דיל, — נישקשה... צוביסלעך... ס'וועט בעסער ווערן...

.3

שלעפּט זיך אַזוי איין טאָג נאָכן צווייטן, איין טאָג נאָכן צווייטן. איינער ענלעך אינגאַנצן אויפֿן אַנדערן — צוויי פֿון תּמיד באַשטימטע און גענוי אָפּגעוואויגענע מעסטלעך לופֿט.

זיצט לאָראַ אין די נאָכמיטאָגס אין דער היים. סיידן ווען זי גייט אַרויס אין מאַרק איינקויפֿן פֿאַרן הויז.

אַמאָל בלויז כאַפּט זי זיך אַריין אין אַ קינאָ און פֿאַרלירט זיך דאָרט אינגאַנצן אויף אַ פּאָר שעה אין דער פֿרייד פֿון אַן אַנדער וועלט. זי פֿאַרגעסט זיך דאָרט אינגאַנצן אין דעם פֿאַרפּלאָנטערטן רעגנבויגנדיקן געוועב פֿון עפּעס אַ ראָמאַן פֿונעם לעבן פֿון דער הייכער געזעלשאַפֿט, אָדער אַ בילד פֿון דער ניו־יאָרקער אונטערוועלט, צי אַ דערציילונג פֿון עפּעס אַזעלכע שרעקלעכע העלדן, געוואַגטע באַנדיטן און טעראָריסטן, דערפֿאָלגרייכע צירק־

קעמפער, געהיימניספולע אימפּאָרטירער פון אָפּיום און קאָקאַין, א. אַז. וו., א. אַז. וו.

זייער אָפט פאַרגיסט זי, לאַראַ, דערביי אַ סך טרערן, נאָכפאָלגנדיק אין דער פינסטערער אילוזיאָן די פאַרפּלאָנטערטע טרויעריקע געשיכטע פון איינער אַן אומגליקלעכער העלדין, וועלכע איז פאַרפירט געוואָרן פון אַ רייכן בנאָק; וועלכע שטאַרבט דערנאָך אויך אין קאַמפּעט מיטן אומשולדיקן ממזרל, נאָר וועלכע ווערט דערפאַר צום סוף פון בילד דערהויכט און דערהויבן, — אין אַ מין פּאָעטישן אַפּאָטעאָז, וועלכער קומט פאָר אויף יענער וועלט, פאַרן שטול פונם שופט-עולם. — דאָס פאַרפירטע מיידל ווערט דאָרט פאָרגעשטעלט, ווי אַ ריין-ווייסער מלאך, איינגאַנצן דראַפּירט אין לופטיקע, שיימיק-שנייִקע קליידער...

לאַראַ פאַרגיסט טאַקע דעמאָלט אין דער פינסטער ניט איין טרער... נאָר פונדעסטוועגן, אַז זי גייט אַרויס דערנאָך פון דער אילוזיאָן, האָט זי עפּעס אַזאַ אָנגענעם געפיל, — אַ מחיהדיקן געפיל פון דערלייכטערונג...

צום אַלעם ערשטן פודערט זי זיך אָן שטאַרק די נאָז, וועלכע איז איינגאַנצן הייס געוואָרן פון וויינען. ווייל וואָס איז דאָ צו וויינען? נאָך אַלעמען, האָט דאָך יענע טרויעריקע מעשה פּאַסירט מיט אַן אַנדער מיידל... איר, לאַראַס, לעבן איז דאָך, גאָט צו דאַנקען, אַ גליקלעכס...

נאָר פונדעסטוועגן איז פאָרט אַזוי גוט צו גיין אַמאָל אין אַ קינאָ, זען, אַז עס זיינען נאָך דאָ גרויסע אומגליקן אויף דער וועלט, — אומגליקן, וואָס דיך, דאַנקען גאָט, גייען זיי פאַרביי.

אָבער דערנאָך יאָגט זי שוין פון זיך דערפאַר די נשמה אַרויס און איילט זיך אַהיים.

אַ קלייניקייט, זי האָט דאָך איבערגעלאָזט די ביידע קינדערלעך איינע אַליין אויף דעם גאַנצן הויז. דאָס איז דער איינציקער אופן, ווי זי קאָן זיך אַריינכאַפּן אין אַ קינאָ: איינשלעפערן די קינדערלעך און זיך גלייך אָפּטראָגן.

— אַז סעם וואָלט נאָר הערפון געוואוסט!

איז אַז זי קומט צו גיין אַהיים, טרעפט זי געווייגלעך, אַז עס איז שאַ, רויק.

די קינדערלעך זיינען טאַקע שוין אַפילו אויפגעשטאַנען. איז איינס, דאָס קלענערע, וואָס איז זייער שטאַרק געראָטן אין לאַראַן, לויגט זיך תּמעוואַטע אין וויג, ווי אַ שטיק פלייש, און זויגט נאָכאַנאַנד די ליידיקע געמענע סאָסקע און האָט שטאַרק הנאה פון דער וועלט. און דאָס צווייטע, ענעלע, ליגט דער מאַמען גלייך אַנטקעגן מיט אַ גרויס שמחה, מאַכט אַ פרום כשר פּנימל פון אַ גוט געטריי קינד און איז די מאַמען מכבד:

— מאַ, אַיי וואָגע מייק אַ-אַ-אַ*).

איז דאָס דאָך אייגנטלעך זייער אַ נאָבעלע האַנדלונג מצד ענעלען, — אַ האַנדלונג, פאַר וועלכער זי פאַרדינט דעם גרעסטן לייב. אָבער געווייגלעך געפינט באַלד די „מאַ" אויס, אַז דאָס איז בלויז ענעלעס אַ כיטרער אָנשטעל, אַז דאָס איז בלויז אַן איינפאַל פון איר גוט טעכטערל — כעמעלעס קאָפּ! — און אַז עס איז שוין נאָך אַלעמען...

דעמאָלט נעמט לאַראַ און הייבט אָן זי שמייסן, פּאַטשן און שלאָגן — ניט, חלילה, אויס בייזקייט, אָדער כעס. פאַרקערט, בשעת מעשה רעגט זי זיך אַפילו ניט אויף אויף קיין האָר. נאָר זי ווייסט דאָך פונדעסטוועגן, אַז אַ מאַמע דאַרף לערנען אירע קינדערלעך, און אַז בכלל, —

— וויפיל איז דער שיעור פון אַ קינד אָנצוהאַלטן אַזעלכע מיאוסע מאַניערן?

פאַרגייט זיך דאָס קינד אין אַ געוויין און קאָן שוין ניט דערוואַרטן די מינוט, ווען די מוטער וועט זי אָפּלאָזן. זי ווייסט פון דערפאַרונג, אַז דאָס מוז סוף-כל-סוף פאַסירן. נאָר מען קען דאָך אויף צו-פריער ניט אויסרעכענען — ווען. דערווייל טוט זי אָבער אויס — זי בריקעט מיט די פיסלעך, זי בייסט מיט די ציינדלעך דער מאַמעס פוס, זי שרייט, זי פּראָטעסטירט. אָבער די מאַמע שרייט נאָך העכער פאַר איר:

---

*) כ'וויל מאכן א-א-א.

— דידניט אַיי טאָלד יוהו יו שוד מייק אַ=אַ אין טעפּי?!*)

„טעפּי“ איז אַ ייִדיש וואָרט און שטאַמט פון דעם וואָרט „טעפּעלע“. אַזוי רעדט לאַראַ מיט די קינדער ענגליש. — נאָר דאָס ייִדישע וואָרט „טעפּעלע“ האָט זי געהערט אַמאָל פון איר שוויגער. אין דער קלאַנג פונם וואָרט איז אַפּנים שטאַרק געפעלן געוואָרן, האָט זי עס פאַרצויגן אויף „טעפּי“.

— די זאָלסט מיר מאַכן אַ=אַ אין אַ טעפּי...

— אַ גוט קינד דאַרף מאַכן אַ=אַ אין אַ טעפּי...

.4

הירך דער גאַנצער וואָך שטייען אַזעלכע לאַנגע נודנע אָוונטן.

סעם נעמט לאַראַן זעלטן ערגעץ וואו אַרויס. ער האַלט ניט פון טעאַטער, און אויסער דעם: צוזאַמען קאָנען זיי דאָך ניט גיין. איך וועמען וועט מען איבערלאָזן די קינדער? אין אַליין גיין קאָן זי אויך ניט, — סעם קומט אַהיים שפּעט פון ביזנעס.

דערפאַר אָבער האָט ער ליב מוזיק. ער האַלט זיך פאַר אַ פאַרקאָכטן מוזיק=ליבהאָבער. נאָר ווער קאָן זיך עס שלעפּן אויף קאָנצערטן? האָט ער צוליב דעם, כדי צו באַפרידיקן זיין דורשט נאָך מוזיק, אײַנגעקויפט אַ פיין וויקטאָראָלע**). האָט ער אַלע באַרימטע קאָנצערטיסטן=זינגער, פיאַנאָ=שפּילער, פידל=שפּילער, וויאָלאָנטשעל=שפּילער תמיד ביי זיך, אין דערהיים. קאָן ער זיי הערן, ווען נאָר אים אַליין געפעלט עס, אין צו יעדער צייט.

איז אַזוי ווי ער איז עס ביכולת צו טאָן, ווען ער וויל גאָר אַליין, איז שוין דערפאַר די אַיילעניש ביי אים ניט אַזוי גרויס. ציט אים צו דער מוזיק ניט אַזוי אָפט.

— ס'איז נאָך דאָ צייט.... מאָרגן איז אויך אַ טאָג.

בפרט אַז ער קומט דאָך אַהיים אַזוי שפּעט פון ביזנעס, און די קינדער שלאָפן שוין, און מע קאָן זיי נאָך אויפוועקן.

---

*) האָב איך דיר ניט געזאָגט, אַז דו זאָלסט מאַכן א=א אין טעפּי?..

**) צזא גראַמאָפאָן.

און לאַרא האָט דערפֿאַר נאָך אַ פּיין מעהאַגעני*) מעבל־שטיק, וואָס זי דאַרף אַ פּאָר מאָל אין דער וואָך פּוצן און רייניקן מיט ציטרין־אייל.

— ני, מע דאַרף דאָך האָבן באַלעבאַטישקייט ...

אָט ווינטאָג, איז שוין עפּעס אַנדערש.

מילאָ, אַ גאַנצע וואָך איז אַ גאַנצע וואָך. יעדן וואָכעדיקן אָוונט קומט מען אַהיים אַ מידער. דורך דעם גאַנצן טאָג איז ער דאָך אַפֿילו כמעט אויף דער פֿרייער לופֿט ניט געווען. אַז ער גייט בלויז דורך די צוויי קוואַרטאַלן, וואָס צווישן זיין הויז און די סטאַנציע פֿון אונטערגרונטיקן צוג, פֿאַלט ער שוין גלייך אַריין אין דער באַן, וועלכע פֿירט אים דערנאָך אַ גאַנצע שעה צייט ביז זיין געשעפֿטס־פּלאַץ. און דערנאָך — נאָך איין האַלבן קוואַרטאַל אין דרויסן — און ער איז שוין ווידער אין אַ קאַסטן — אין זיין געשעפֿטס־פּלאַץ.

כּדי ניט צו פּטרן קיין צייט אין ביזנעס, לאָזט ער זיך אַפֿילו אַרויפֿברענגען צובייסן אין שאַפּ אַריין.

און פֿאַרנאַכט, אַז ער פֿאָרט אַהיים, איז ווידער דאָס זעלבע: אין אונטערגרונטיקן צוג, גלייך ווי ער קומט אַריין, טוט ער דאָס זעלבע, וואָס אַנדערע: ער שטופּט גלייך אַריין זיין קאָפּ אין בלאַט־צייטונג, און נעמט אים פֿון דאָרטן ניט אַרויס, ביז וואַנען ער קומט ניט אָן צו זיין סטאַנציע, וואו ער דאַרף אַרונטערגיין. ער זעט דעמאָלט אַזוי ווייניק, וואָס עס טוט זיך אַרום אים, אַז ער ווייס צומאָל ניט, אויב אינעם אונטערגרונט־צוג, דעם געדיכט־אָנגעפּאַקטן ביז צו דערשטיקעניש, געפֿינט זיך כאָטש נאָך איין מענטש, אַחוץ אים.

אין אַ גאַנצע וואָך איז ער כמעט קיינמאָל ניט אויף גאָטס וועלט. ער איז נאָכאַנאַנד, פֿון זון־אויפֿגאַנג ביז זון פֿאַרגאַנג, פֿאַר־פּאַקט אין אַ פֿאַרמאַכטן קעסטל, אין אַ פֿעסט־פֿאַרשלאָסענער כּלי.

*) אזא האָלץ.

װעלכע פֿליט מיט אים הורך אונטער דער ערד — הין און צוריק, הין און צוריק.

דערפֿאַר אָבער זונטאָג איז עפּעס אַנדערש.

זונטאָג בינדט זיך סעם מער צונויף מיט דער װעלט. זונטאָג ציען זיך פֿעדים פֿון סעמס הויז און פּאַראַייניקן עס מיט דעם גאַנצן גרויסן אוניװערזום.

שלאָפֿן שלאָפֿט ער יענעם טאָג שפּעט — ביז סאַמע מיטאָג. ער שלאָפֿט אַפֿילו ניט די גאַנצע צייט, — גלאַט, ער װאַלגערט זיך אין בעט. ער טוט זיך סתם אָן עונג־זונטאָג.

און אַז ער שטייט ענדלעך אויף, אַן אויסגעלעגענער, אַ װאַרעם־דורכגעװייקטער, מיט בלויע סימנים, פּאַסן און צייכנס אויף זיין לייב און פּנים פֿון צופֿיל ליגן אין בעט, גאָלט ער זיך צוערשט אָפּ, פֿאַרדרייכערט אַ ציגאַר, גייט אַרויס אין גאַס, מיט דער כּוונה צו כאַפּן שוין היינט אַ לאַנגן, לאַנגן שפּאַציר... כאָטש איינמאָל פֿאַר דער גאַנצער װאָך.

די פֿרישע דרייסנדיקע לופֿט, כּון װעלכער ער האָט זיך שוין לאַנג אָפּגעװיינט, װייזט זיך אָבער אַרויס צו זיין צו־שאַרף פֿאַר אים, און זי מאַטערט אים גלייך אויס. קערט ער זיך דעריבער באַלד אום צוריק — קערט זיך אום מיט אַ גרויסן, װאָגיקן, פֿיל־פֿונטיקן, ענגלישן זונטאָג־בלאַט אונטערן אָרעם.

דאָס בלאַט איז גרויס, גרויס... עס האָט הונדערטער זייטן, און אָפֿט מערער נאָך... און קאָסטן קאָסט עס בלויז 5 סענט.

— דאָס פּאַפּיר אַליין, די בילדער, זיינען דאָך װערט אַ סך מער פֿון 5 סענט! — טראַכט סעם, און קװעלט אָן פֿון דער מציאה.

ער צעלייגט זיך אויף דער סאָפֿע און זיפּט דורך די בלעטער הורך זיינע פֿינגער.

— אַך, מיין גאָט, װיפֿל זאַכן עס זיינען דאָ אויף דער װעלט...

אַ מאָדנער מענטש, אָט דער קרובֿ זיינער, אָט דער אהרן, װאָס װאוינט ביי זיי אין הויז און װעלכער האַלט זיך עפּעס אַזוי מאָדנע־אומפֿאַרשטענדלעך דערװייטערט פֿון זיי, שװייגט די מייסטע

צייט, און אַז ער רעדט שוין יאָ אַמאָל, רעדט ער אויך עפּעס אַזעלכע ווילדע, אַזעלכע אומפאַרשטענדלעכע רייד.

אַנומעלט, אַ שטייגער, האָט ער אים געהערט זאָגן, אַז אַ מענטש דאַרף כּבֿוד האָבן, דאַרף אַרומרייזן תּמיד איבער דער וועלט. און אויב ניט איבער דער וועלט, דאַרף ער כאָטש אַרומרייזן אין דער זעלביקער שטאָט, — אַרומרייזן צווישן אַלערליי מענטשן....

— אַ מענטש דאַרף לערנען, דאַרף וויסן...

וויסן — שמיסן... און בכלל —

— ווי קאָן מען דען אַרומרייזן אין דער זעלביקער שטאָט? וואָס שייך? ווי הייסט? און טאַקע צוליב וואָס?

אַז מע לייענט איבער אַזאַ ריזיקע צייטונג, ווייסט מען שוין אַליין. וועגן וואָס איז דען ניטאָ אין אַ צייטונג, דערהויפּט אין זונטאָג־נומער. ריעל עסטייט*) און פּאָליטישע פראַגן; ספּאָרט און ליטעראַטור; נייע וואוינונגען און מאַגאַזין־אַרטיקלען; צייכענונגען און מוזיק; ביזנעס־מעגלעכקייטן און נייס פון אַלערליי טעאַטערן און קאָנצערטן, און כּדי וואָס נאָך — אַ גאַנצער ים... ער קאָן דאָך אַזאַ בלאַט לייענען ממש אַ גאַנצע וואָך, — זיבן טעג און זיבן נעכט! דאָ איז דאָך אַ וועלט אַ גאַנצע, אַ גאַנצע אוניווערזיטעט־בילדונג.

נאָר כּמעט באַווייזט אָבער קיינמאָל ניט איבערצולייענען אַפילו דעם גאָר קלענסטן חלק פון אָט דער גאַנצער בילדונגס־ענציקלאָפּעדיע. באַלד דאַרף מען דאָך עסן דעם פיינעם זונטאָגדיקן דונ־מאָלצייט. און דערנאָך ווערט שוין דריי אַ זייגער. גייט ער אַוועק צום נאָענטסטן בייסבאָל־דיימאָנד**), צוקוקן די בייסבאָל־שפּיל צווישן צוויי קאָנקורירנדיקע שפּיל־קאָמפּאַניעס. די שפּיל קומט דאָרט פאָר יעדן זומערדיקן זונטאָג. און יעדן זונטאָג גייט סעם אַהינצו.

אַז ער קומט צוריק אַהיים, איז שוין פאַרנאַכט.

אין שטוב, וואו מען גיט זיך נאָר אַ קער, ליגן איצט אָנ־

*) קויף און פארקויף פון אומבאוועגלעכע גיטער.

**) א פעלד, וואו מע שפּילט בייס־באָל.

געוואָרפֿן זײַטן, בויגנס, אָפּטיילונגען גאַנצע פֿון דעם אומגעהײַערן, הונדערט-און-פֿופֿציק-זײַטיקן ענגלישן זונטאָג-בלאַט דער נומער וועט שוין מאָרגן גאַנץ פֿרי אַרויסגעוואָרפֿן ווערן מיטן מיסט, אַ ניט-דורכגעלייענטער, — אָבער דערווײַל האָבן אַלע מיטגלידער פֿון דער משפּחה פֿון אים הנאה, יעדער אויף זײַן אופֿן.

דאָס קליינע עפּעלע צערײַסט די ליטעראַרישע אָפּטיילונג: אויף פּיץ-פּיצלעך, פּאַקט אָן אַ פֿולע מײַל מיט דעם, ביז עס פֿאַרהוסט זיך, פֿאַרכליניעט זיך, הייבט זיך אָן שטיקן — און ברעכט דאָס איינגאַנצן סוף-כּל-סוף אויס.

ענעלע זיצט איצט אין אַ גאַנצער נעסט פֿון צײַטונגס-בויגנס, און לעכערט דורך די אויגן בײַ אַלע „פּאַפּאַס“ און „מאַמאַס“, און בכלל אָנשטענדיקע מענטשעלעך, וואָס זי טרעפֿט אָן אין די צײַטונגען.

לאַראַ זיצט אויף דער סאָפֿע און לייענט דאָס זײַטל פֿון דער „הייכער געזעלשאַפֿט“, טיף ביז גאָר פֿאַראינטערעסירט אין די נײַס וועגן די רײַכע חתונות, וועגן די גרויסאַרטיקע בעלער, וועגן די פּראַכטפֿולע יאַכט-רייזעס, וואָס קומען פֿאָר אין דער „הייכער געזעלשאַפֿט“.

פֿון צײַט צו צײַט פּרוּווט זי איבערגעבן סעמען די נײַס און די פּאַסירונגען, וועגן וועלכע זי לייענט. אָבער ער קאָן עס ניט לײַדן. ער קאָן ניט פֿאַרטראָגן, אַז זײַן ווײַב זאָל אים דערציילן נײַס.

— וואָס, אַליין ווייסט ער דען ניט! לאַראַ וועט אים גיין לערנען... אַ שיינע מעשה, כּלעבן!

איז נאָך דעם, ווי ער הערט אים, אומגערן אַוועקדרייענדיק בשעת-מעשה דעם קאָפּ, וואָס זי האָט אים צו דערציילן, — מאַכט ער אויף דעם תּמיד איין און דעם זעלביקן אומגעדולדיקן קאָמענטאַר:

— אַוודאי, אַוודאי... דו דערציילסט מיר! איך ווייס עס אַליין ניט?...

אַרט די ניט. שווײַגט זי. נו, יאָ, ווייס ער מער, — איז וואָס איז דערפֿון?

און ער, כּדי צו באַווייזן איר זיין קענטשאַפֿט, הייבט איר דערמאָלט אָן איבערגעבן וועגן דער פּיטאָגיקער בייסבאָל־שפּיל, ווער עס האָט געהאַט אַ „האָאום־ראָן"*), און ווער עס איז דערלאָפֿן בלויז ביז דער דריטער „בעיס"*), און ווער עס איז געווען דער „פּיטשער"*), און ווער עס איז געווען דער „בעטטער"*), און ווער עס האָט געשפּילט „פֿאָול פּליי"*), און וועלכער צד האָט ענדלעך געוואונען, מיט וויפֿל „פּאָינטס"*).

לאָראַ הערט זיך צו מיט קאָפּ, כאָטש זי פֿאַרשטייט גאַנץ ווייניק פֿון דעם אַלעמען און עס הייבט זי אַפֿילו ניט אָן צו אינ־טערעסירן. זי וואָלט נאָר אַ בעלן געווען, — זי שטאַרבט ממש צו פֿרעגן:

— סעמעלע, טייערער... און וואָס הערט זיך עפּעס מכּוח אַ בייס?

נאָר זי וויל מעמען ניט אַריינברענגען אין גרימצאָרן, וואונדערט זי זיך גאָר שטאַרק אויף זיין מעשה און שמוצערט אַלע ווײַלע מיט די ליפּן:

— אַזוי? אַזוי? אַ־אַ... ממש — חידושים!...

דער פֿאַרנאַכט ווערט געדיכטער.

אין דער פֿינצטער היקן זיך צו מאַן און ווייב איינער צום אַנדערן. ס'ווערט עפּעס אַזוי אומעטיק אין הויז, אומעטיק אין גאַס, — אומעטיק אויף דער גאַנצער וועלט.

אין דער שטילער אָוונט־לופֿט, וואָס נידערט אַרונטער, דער־הערט זיך: עס קלינגען שוין די שבת־גלאָקן אין די עטלעכע קירכן פֿון דער נאַכבאַרשאַפֿט.

עס זעט זיך דורך די פֿענצטער, ווי די קריסטלעכע שכנים פֿון דער נאַכבאַרשאַפֿט לאָזן זיך איצט גיין אין זייערע קירכעס, יעדערער אין זיין קאָנגרעגיישאָן**) אַריין. נאָר סעם גייט אין ערגעץ ניט — ער איז ניט פֿאַרשריבן אין קיין ייִדישער שול. ער האָלט

*) טעכנישע טערמינען אין בייס־באָל־שפּיל.

**) רעליגיעזע געמיינדע.

האָך דערפֿון ניט, — אויסער אום ראש=השנה און יום=כּיפּור. ער געהערט בלויז אין איין פּלאַץ — אין דער צדקה=חבֿרה פֿון זיין היים=שטאָט. און אַהינצו גייט ער אויך בלויז איין מאָל אין יאָר — צום יערלעכן באַל, אַן אויסגעפּוצטער אין עסיק און האָניק, אין אַ בכּבֿודיקן שוואַרצן פֿראַק און ווייסע הענטשקעס.

ס׳ווערט אַלץ אומעטיקער אין הויז.

דאָס איז דער איינציקער פּאַרנאַכט דורך דער גאַנצער וואָך, וואָס סעם איז אין דער היים. דער איצטיקער פּאַרנאַכט, וואָס פֿאַר=פֿאָלק זיינען צוזאַמען. איז איצט, אַז עס איז געוואָרן טונקל אין הויז, און די גאַסן אַרום, פֿילט מען, זיינען אויך געוואָרן אויסגעליידיקט און שטיל, — אַזוי הויבט זיך דאָס פֿאַר פֿאָלק אָן צו פֿילן אויך עפּעס אויסגעליידיקט אַזוי און שטיל. און די קראַפֿט פֿון אָט דער אינעווייניקסטער אויסגעליידיקטקייט און פּוסטקייט זייערע דערנענטערט זיי מיט אַמאָל שטאַרקער איינער צום אַנדערן.

זיי זיצן איצט ביידע שוין גאָר נאָענט איינער צום אַנדערן אויף דער סאָפֿקע. לאָרא מיט דער גאַנצער שווערער וואָג און פֿיל=לייביקייט אירער טוליעט זיך איין אין סעמען; די קינדערלעך טוליען זיך איין אָן איר.

און סעם פֿילט זיך שוין באַלד ווידער שטאַרק... סעם פֿילט זיך איצטער ווידער וויכטיק.

— אָ, ער האָט זיין אָרט אויף דער וועלט.... ער איז אַ מאַן, אַ טאַטע, אַ באַלעבאָס.

און איצט, אין אַזוינע מינוטן, הויבט אָן אויך לאָראַס מוח צו באַוועגן זיך. איר מוח באַוועגט זיך איצט, אין דעם פּאַרנאַכט, אַרום דעם ניט=באַרשטענדלעכן, דעם טשיקאַווען קוואַרטיראַנט זייערן, — דעם ווייטן קרובֿ פֿון דער משפּחה, אהרנען.

טאַקע, אמת, אַ מאָדנער מענטש... אָט, ער שלעפּט זיך תּמיד אַרום מיט מיידלעך, האָט ניט קיין סטעדי*), האַלט זיך קיינ=מאָל ניט לאַנג מיט איין און דעם זעלביקן מיידל. זאָגט, אַז ער וויל נאָך דערווייל ניט חתונה האָבן, ווייל ער וויל נאָך אַ שטיק

*) א באשטענדיק מיידל.

צייט פון זיין לעבן ליב האָבן... ליב האָבן אַזוי לאַנג, ווי עס ווערט זיך לאָזן.

— וואָס איז — טראַכט לאָראַ, — אַז מע האָט חתונה, האָט מען זיך ניט ליב? האָט זי דען סעם ניט ליב? אָהאָ, זי ווייסט שוין גאָר, ווי שטאַרק ער האָט זי ליב...

— וואָס דען... ווען מע האָט אַ היים, האָט מען שוין אַלץ... האָט מען ליבע אויך...

און וואָס — צוליב וואָס דאַרף מען עס זיך אַרומשלעפן, רייזן=שמייזן? און אַפילו, אַז מע וויל שוין זען נייע לענדער, איז וואָס, — דאַרף מען זיי דען אַלע אַליין אויספּאָרשן? אָט אַנומלטן — איז זי געווען אין קינאָ... פלעגט זי זען אָפּט בורטאָן האָלמס רייזע=בילדער, — האָט זי טאַקע געזען, אין משך פון געציילטע עטלעכע מאָל, אי יאַפּאָניע, אי די האַוואַי=אינזלען, אי די פיליפּין=אינזלען, אי איטאַליע, אי קאָרעע, און נאָך, און נאָך...

און דאָס אַלץ האָט איר אפשר געקאָסט בלויז איין דאָלער! נאָך ווייניקער: 75 סענט בלויז. יאָ, פינף מאָל צו 15 סענט איז 75 סענט. טשיקלעס, טשואינג=גאָם*), אַ סאָדע — קאָסטן אַפילו אויך עטלעכע סענט, אָבער דאָס גייט דאָך פונדעסטוועגן ניט אַריין אין חשבון פון אירע רייזע=קאָסטן איבער די ווייטע לענדער. דאָס איז דאָך גלאַט פאַרגעניגן.

.5

אָבער דער אָוונט שטאַרקט זיך אַלץ, און די אומעטיקייט אויך.

ביי ביידן אין קאָפּ איז שוין איצט אַזוי פּוסט, — עס איז ניטאָ מער פון וואָס צו טראַכטן, ניט וועגן וואָס צו ריידן.

אין הויכן צינדן זיך שוין אָן פייערלעך, און אין דער ווייטנס טרומייטערן אַוטאָמאָבילן. אין דער ווייטנס געפינט זיך דער ברייטער, רחבותדיקער שאָסי=בולוואַר אָ שען פּאַרקוויי, — און עס ציען זיך דאָרט הין און צוריק, הין און צוריק, אַ גאַנצן ליכטיקן זונטאָג=טאָג, שערענגעס לאַנגע, מחנות גאַנצע אַוטאָמאָבילן, ריי=

*) קאָנפעקציאָנען פּאָפּולערע.

בע עקספּאָזישען, — אויפֿן וועג צום אינזל פֿון טומלדיקער פֿרייד און פֿאַרטרײַבנדיקע תּענוגים... ציען זיך נאָכאַנאַנד צו און פֿון קוני אײַלאַנד.

ס'הייבט אָן בלינדע־הייט, שטומע־הייט און אומבאַוואוסטע־הייט, צו ציען בײַם האַרץ.

און דאָ אין הויז ווילט זיך נאָך איבער עפּעס סעמען אַליין ניט אָנצינדן קיין פֿײַער — דאָס הייסט, אויפֿדרייען די עלעקטרע. לאָרא האָט זיך שוין געפּרוּווט אַ פּאָר מאָל אויפֿהויבן פֿון כאָפּקע און צוגיין צום עלעקטרישן קנעפּל, נאָר סעם גיט די שווינדיק אַ צי צוריק... אָט פּונקט ווי זײַן האַרץ גיט אים עפּעס אַלע ווײַלע אַזאַ צי, אַזאַ מאָדנע צי.

— וואָס־זשע איז דאָס אַזוינס?

פֿון דער ווײַטנס הערט זיך דאָס פּייפֿן פֿון אַ שיף, און נאָך אַ שיף... ערגעץ ניט ווײַט פֿון ים.

דער ים געפֿינט זיך אפֿשר אינגאַנצן אַ צוואַנציק מינוט גאַנג פֿון סעמס הויז. ניט נאָר דער ים, נאָר טאַקע דער גרויסער און אייניציקער אָקעאַן, — דער אָפֿענער, אייביקער און שטענדיק פּראַכט־פֿולער אָקעאַן. נאָר סעם האָט אים נאָך, דוכט זיך, קיינמאָל ניט געזען. בלויז פֿון צײַט צו צײַט הערט ער, ווי ווײַטע אָקרענטן בריזן, בלאָזן, פּייפֿן, — אָט ווי איצט, אַ שטייגער.

און ווילן ווילט זיך אים מיטאַמאָל עפּעס.. און סעמען ווערט עפּעס אומעטיק אויפֿן האַרצן... און דער עיקר — פּוסט, פּוסט... זעלטן ווען ער פֿילט דאָך אַ פּוסטקייט אויפֿן האַרצן, סעם, — אים פֿעלט, דוכט זיך, קיינמאָל גאָרניט; אָבער איצטער איז אים עפּעס לײַדיק אַזוי, און עס ציט, און עס ווילט זיך עפּעס.

איז מיטאַמאָל כאַפּט זיך סעם אויף.

— אָ, ער האָט אַן אײַנפֿאַל... אַ וואונדערבאַרן אײַנפֿאַל, ווי צו מאַכן אַ ביסל פֿריילעך אין הויז.

ער גיט זיך אַ וואָרף צום גראַמאָפֿאָן און לייגט אַנידער אויפֿן אַקס אַ באַרימטע לאַך־פּלאַטינקע. די פּלאַטינקע באַשטייט פֿון גאָרניט — פֿון אַ קלייניקייט: איינער אַ מענטש פּרוּווט צו שפּילן עפּעס אַ טרומפּייט־סאָלאָ. און מיט אַמאָל, שפּילנדיק, לאָזט ער

אַרויס עפּעס איינעם אַ פֿאַרדעכטיקן בלאָז — אַ בלאָז, וואָס איז שטאַרק ענלעך אויף אַן אַנדערן מענטשלעכן בלאָז — אַ קלאַנג, וואָס איז ניט אָנגענומען פֿאַר אַ מענטשן צו לאָזן הערן אין אָנשטענדיקער געזעלשאַפֿט. דעמאָלט גיט דאָרט עפּעס אַ דאַמע, מסתּמא איינע פֿון דער אוידיטאָריע, וועלכע האָט זיך איינגעהערט אין אָט דער דאָזיקער טרומפּייט־סאָלאָ — איז דעמאָלט גיט אָט יענע דאַמע אַ לאַך.

לאַכט אויך אַ צווייטער, אַ דריטער, אַ פֿערטער...

פֿלעכט זיך צוזאַמען איין הירזשענדיק געלעכטער מיטן צווייטן.

הייבט שוין אינגיכן אָן צו לאַכן דער שפּילער אַליין. ער פֿאַרכלינעט זיך אַזש פֿון געלעכטער אין מיטן שפּילן... און יענע פֿרוי, וועלכע האָט דאָס געלעכטער אָנגעהויבן, ווערט שוין באַלד איינפֿאַך היסטעריש, ווערט צעזעצט פּשוט לאַכנדיק.

אַזוי קייקלט זיך די פּלאַסטינקע אויף איר אַקס, רגע נאָך רגע, רגע נאָך רגע. און ס'איז אינגאַנצן איין געלעכטער־וואַקכאַנאַליע, — עפּעס אַ מין מאַרינירטע, קאָנסערווירטע געלעכטער־וואַקכאַנאַליע.

און וויפֿל מאָל מע האָט שוין די דאָזיקע לאַך־פּלאַסטינקע ניט געשפּילט אין הויז, קומט אָבער אַלע מאָל פֿאָר גענוי איינס און דאָס זעלביקע:

שוין ביי די ערשטע לאַך־גערוישן, וואָס שטראָמען אַרויס פֿון דער וויקטאָראָלאַ, הייבט לאָראַ די ערשטע אָן צו לאַכן. ענעלע הייבט אָן צו לאַכן די צווייטע. סעם, מעשה באַלעבאָס און מעשה מאַן, וואַרט צו אַ ווײַלע מיטן לאַכן. ווי אַן אמתער שטאַרקער כאַראַקטער קוקט ער קריטיש־פֿאַראַכטלעך אויפֿן ווייב, וואָס גיט זיך אַזוי גרינג אונטער דעם איינפֿלוס פֿון דער פּלאַסטינקע. ער באַנוצט זיך אָבער דערווייל מיט זיין ציגאַר, וואָס שטעקט ביי אים תּמיד אין אַ ווינקל־מויל, — כּדי איינצוהאַלטן דעם ספּאַזמישן געלעכטער, וואָס שפּאַרט זיך פֿון זיין אינעווייניק אין דרויסן אַרויס באַלד הייבט ער שוין אָן צו פֿאַרבייסן די ליפּן זיינע... ער קאָן זיך סוף־כּל־סוף אויך ניט איינהאַלטן, און הירזשעט אַליין אויך אַרויס מיט אַ הויך געלעכטער:

— כאַ־כאַ־כאַ!

אַרום אָט דער צייט איז אים זיין פּריי שוין אָבער העט ווייט איבערגעשטיגן — זי קאַטשעט זיך שוין איצט אין היסטערישע לאַך־ספּאַזמען איבער דער סאָפע. זי ווערט איינפאַך צעפּלאַצט לאַכנדיק. די שווערע פאַלדן פעטס איבער איר לייב הוידען זיך, הוידען זיך, — ווי אומגעהויערע שטיקער פאַרגליווערטע „פּעטשאַ".

ענגלען, דער עלטערער מיידעלע, איז אויך געפעלן דער דאָזיקער ענין — זי וואַרפט אַוועק אַלע אירע שפּילעכלעך און לאַכט זיך פונאַנדער קוויטשענדיק, הויך, — ניט אַזוי אויס אָרגאַנישער נייטווענדיקייט, ווי פון אַ פאַרלאַנג נאָכצוטאָן די גרויסע פּאַפּאַ־מאַמאַ און אויסצודריקן איר סאָלידאַריטעט מיט די עלטערן.

אין סעם האָט זיך שוין אַרום אָט דער צייט אינגאַנצן אויפגעהערט צו זשעניִרן — ער הירזשעט וואָס אַמאָל אַלץ שטאַרקער, פּאַטשט זיך אַזש איבער די קני פון גרויס צופרידנקייט. ווי ער וואָלט זיך אַליין אָפּגעגעבן דעם פאַרדינסטן לויב דערפאַר, וואָס ער האָט איינגעשאַפט אין הויז אַזאַ וואונדערלעכע פּלאַסטינקע... ער שרייט אים פון צייט צו צייט ענטוזיאַסטיש:

— אָ, שוין איינמאָל אַ פּלאַסטינקע!

און לאָראַ — זי ליגט שוין באַלד איבער דער ערד און קאַטשעט זיך ממש אין היסטעריקע איבער די טעפּיכער. אירע אויגן זיינען פול מיט טרערן; זי איז אינגאַנצן רויט ווי אַ צוויק. איר גייען שוין ממש אָט־אָט אויס די כוחות לאַכנדיק... זי בעט זיך אַזש רחמים ביים מאַן:

— סעם... טייערער... כ'בעט דיך... שטעל אָפּ די פּלאַסטינקע... איך גאָטעס ווילן, שטעל אָפּ!

און אַז די פּלאַסטינקע גייט ענדלעך אויס און דאָס געלעכטער אין הויז שטאַרבט אויך אָפּ, און לאָראַ קלייבט ווידער אָן גענוג כוחות אויף קאָנען זיך אויפהייבן פון דיל און קומען צו זיך, — ווייזט זיך באַלד אַרויס, אַז דערווייל האָט פּאַסירט אַ גרויס אומגליק אין הויז:

מאַכנדיק די גרעסטע אָנשטרענגונגען נאָכצוהאַלטן, אין טאָן און אין שטאַרקייט פון טומלדיקן געלעכטער, מיט פּאַפּאַ־מאַמאַ,

האָט ענגעלע דערזוייל, גאָר אומבאַוואוסט פאַר זיך גופא, אָפּגעטאָן אַזאַ זאַך, — אַזאַ זאַך... בקיצור, אַ זאַך, וואָס זי האָט זיכער ניט געטאָרט אָפּטאָן אין אַזאַ יום-טובדיקער מינוט, אין אַ מינוט, ווען אַלע האָבן איר אַזוי פאַרטרויט.

אַזוי, אַלעמפאַלס, דענקט די מאַמע, וועלכע האַלט זי איצט אין נאָכאַנאַנדיקן געשעפּטלעך-קאַלטן פּאַטשן איבער נאַסן טויונט-מחילותל:

— אַ מיידעלע דאַרף מאַכן... אַ-אַ-אַ אין טעפּי... אַ-אַ-... אין טעפּי!

דעמאָלט דרייט איך סעם די עלעקטרע.

דער זונטאָג האָט זיך געענדיקט.

ס'האָט זיך געענדיקט איך די יום-טובדיקע רו.

ווידער הייבט זיך אָן די וואָך.

לאָראַ מאַכט טיי און שטעלט אַרויף פרוכטן אויפן טיש.

איינמאָל אין חודש, ווען זיין מוטער קומט צו פאָרן צו גאַסט און פאַרבלייבט דעם אָוונט מיט די קינדערלעך, נעמט סעם דע-מאָלט אויס לאָראַן. ער נעמט דעמאָלט אַ טאַקסי און פאָרט מיט איר אויס אויף אַ באַקאַנטער גאַס, וואָס געפינט זיך ביי אַ האַלבער שעה גאַנג פון זייער הויז.

וואָלטן זיי טאַקע אַוודאי געקאָנט צוגיין אַהין צופוס נאָר אַזוי ווי ניט ער און ניט זיין ווייב זיינען געגאַנגען אַזאַ מהלך שוין אין משך פון יאָרן, איז אַזאַ אָנשטרענגונג פאַר זיי צופיל. נעמען זיי דעריבער אַ טאַקסי. אויסער דעם איז אַ טאַקסי טאַקע איינער פון די וויכטיקסטע פּונקטן פון די פאַרגעניגנס, וואָס סע גיט זיין פרוי.

אויף דער צענטראַל-גאַס גייען זיי יענעם אָוונט אַריין אין אַ רייכן טשאַפּ-הויז און באַשטעלן זיך אַ גרויסן פּאָרטערהאוז-ביפ-שטעקס פון אַ פּאָר פונט פלייש, אָדער געשמאַקן זאַפטיקן חזיר-בראָטן, און פאַרטרינקען עס דערנאָך מיט אַ סך פלעשלעך ביר. אָפּגעגעסן, ווישן זיי זיך אָפּ די מיילער און קערן זיך דערנאָך אום אַהיים.

אָבער דאָס — אָט אַזאַ גרויסער יום-טוב — פּאַסירט בלויז איין

מאָל אין חודש. און הײַנט איז ניט יענער אָונט, הײַנט איז אײנער פֿון די איבעריקע דרײַ, די געװײנלעכע װאָכעדיקע אָװנטן הערכן חודש, װען זײ פֿאַרבלײַבן אין הױז. און הײַנטיקן אָװנט, פּונקט װי אין די איבעריקע צװײ װאָכנטאָג-אָװנטן, הערט זיך איבער אײן אין די זעלביקע סצענע.

לאָראַ שטעלט אַװעק אײפֿן טיש דעם קיש מיט פֿרוכטן, סע נעמט אַ פֿרישן אַבריקאָס אָדער אַנאַנאַס און איז שױן גרײט צו עסן זײ, — ער גיט שױן אַפֿילו אַ ביס. מיטאַמאָל דערמאָנט ער זיך:

— לאָװאַ, װיפֿל מאָל האָב איך דיך געבעטן, אַז די זאָלסט סערװירן געבלעטלטע פֿרוכטן, ניט קײן רױע?

ער האָט ניט ליב קײן רױע פֿרוכטן, קײן פֿרישע פּירות. זײ זײַנען פֿאַר אים צו רױ, צו טערפּקע, צו שאַרף. איבעריקנס, דאַרף מען זיך מיט זײ צופֿיל אַרומפֿירן — אָפּשײלן, אַרומרײניקן, צעשנײַדן. געבלעטלטע פֿרוכטן זײַנען װײכער. זײ זײַנען, אַזױ צו זאָגן, צוגענגלעכער צו זײַן גומען. זײ האָבן אַרום זיך אַחוץ דעם אַ פֿײַנעם סאָוס, װאָס מאַכט גרינגער די שטיקלעך פֿרוכט אַרונטערצישלינגען. און זײ זײַנען בכלל אינגאַנצן גרײט, יעדע ליבע מינוט, געגעסן צו װערן.

— ניט אומזיסט „עסט די גאַנצע װעלט" געבלעטלטע פֿרוכטן — אַ װעלט װײסט, אַ װעלט פֿאַרשטײט...

אַפֿילו גרינסן — טאָמאַטן, פּאַסאָליעס, אַרבעס, קוקורוזע, שפּאַרגעל, ציבעלעס — האָט ער אױך האָלט בעסער געבלעטלטע אײדער פֿרישע און נאַטירלעכע, דירעקטע פֿון גאָרטן אַרױס.

לאָראַ, פֿאַרקערט, װיל עסן רױע פֿרוכטן. ניט װײַל זי האָט זײ בעסער ליב, — ליב האָט זי אַלץ, װאָס מע קאָן נאָר עסן, — נאָר — ס'איז בײַ איר אַזאַ פּרינציפּ.

אַז זי איז געװען אַ מײדל, האָט זי דאָך דעמאָלט אױך געהאַט איר גײַסטיקע װעלט, געהאַט אירע „אידעאַלן". איז זי דעמאָלט געװען אַן אָנהענגערין פֿון אַלפֿרעד מעקקענס*) שפּײ-

*) באַקאַנטער אַמעריקאַנער שפּײַז-טעאָרעטיקער.

זינגס-טעאָריעס. זי פּלעגט דעמאָלט לייענען סיסטעמאַטיש און פאַר-
געטערנדיק אַלע זיינע אַרטיקלען. זי האָט געחלומט, אַז ווען זי
וועט חתונה האָבן, וועט זי דעמאָלט ערשט אין דער ווירקלעכ-
קייט הירכפּירן אַלפרעד מעקקענס שפּייז-געבאָטן ביי זיך אין
הויז.

דאָס איז אײנגנטלעך געווען לאָראַס אײנציקער חלום אין איר
יונג לעבן, אָבער אויך אָט דעם אײנציקן חלום איררן איז באַשערט
געווען צעריגען צו ווערן.

לאָראַ ווייסט פון פריער, אַז סעם פירט תמיד אוים, און סתם:
זי האָט טאַקע ניט קיין חשק צו קריגן זיך מיט אים. זי פּוילט
זיך... נאָר דאָך מאַכט זי תמיד אַ פאַרזוך דורכצופירן איר אײנ-
ציקן פּרינציפּ, — איר אײנציקן יוגנט-חלום:

— זי שטעלט תמיד צוערשט אַנידער דעם קויש מיט פרישע
פּרוכט.

אָבער אומזיסט... און זי גיט זיך גלייך גיך אונטער.

אַז זי הויבט אָן אים איבערגעבן גאַנצע פּסוקים, גאַנצע טע-
זיסן פון מעקקענס תורה, שלאָגט ער זי איבער מיטן גרעסטן אומ-
געדולד; ער וויל אַפילו ניט אויסהערן: זיין האָנאָר איז טיף באַליי-
דיקט.

— נו, אַ שיינע מעשה אַ ביסל... זי דערציילט אים!.. ניטאָ
ווער עס זאָל לאַכן, כ'לעבן...

— אים גאָטעס ווילן, וואַרף אַוועק דיינע נאַרישע רייד, —
וואָס דערציילסטו מיר? וואָס, כ'וויים אַליין ניט? איך וויים אַליין...

ענדיקן ענדיקט עס זיך דערמיט, וואָס זי שטעלט טאַקע אַ דיך
אויפן טיש אַ גרויסע טאַץ אָנגעשטעלט מיט שיסעלעך, טעלער-
לעך, טעצעלעך און קעלישעקלעך.

עסט מען אין זיי אַלערליי קאָנסערווירטע פּרוכטן און אײנ-
געמאַכטסן. עסט מען זיי מיט אַלערליי סאָרטן קרעקערס און בים-
קוויטן, ביז מע ווערט צעשוויצט און צעוואַרעמט פונם טיי און ס'איז
שוין צייט צו גיין שלאָפן.

סעמען איז איצט אָנגענעם און וואַרעם, ווי אַ קאַץ בײַ אַ ווינטערדיקן אויוון. ער רוקט־צו צו זיך נאָך אַ שטול, צוט אײַם אין פֿאַרוואַרפֿט אויף אים די לאַנגע, דאַרע פֿיס, ווי בײַ אַ יאַגד־הונט.

הורכן חוץ־השדרה גייט אים מיט אַמאָל דורך אַ ציטער. שטיל. נאָך אַ ציטער, און אַ דריטער, אַ לענגערער.

סעם גיט אַ פֿליִענדיקן בליק אויף לאָראַן און ער טראַכט, אַז כאָטש ס׳איז נאָך טאַקע קיין פֿולע צוויי טעג ניט פֿאַרלאָפֿן צייט דעם לעצטן מאָל, אָבער אַזוי ווי הײַנט איז געווען זונטאָג, האָט ער האָך זיך באַוויזן אַ ביסל אויסצורוען און אָנזאַמלען אַ ביסל עקסטרע־כּוחות, נעמט ער און פֿאַרדרייט רויִק, זייער רויִק, אַ דיקע ציגאַר, קײַט זי נאָכאַנאַנד אין אַ ווינקל מויל און וואַרפֿט פֿון צייט צו צייט זײַטיקע בליקן, מיט אַ פֿײַערל אין זיי, אויפֿן ווײַב, ביז זי דערפֿילט ענדלעך אויך אויף זיך זײַנע אויפֿגערעגטע בליקן.

ווערט איר אויך אַזוי גוט פֿון דעם, און זי הייבט אָן וואַרעם צו אים צושמייכלען. זי ווייסט, אַז איצט קאָן זי זײַן מוטיק קעגן אים.

רוקט זי זיך צו צו אים און לייגט אים אַנידער אַ ווייכע, פֿעטע האַנט אויף דער קני. לויפֿט אים שוין דאַן, פֿון אָט דעם וואַרעמען ריר אָן זײַנע קני, הורך נאָך אַ פּאָר ציטערלעך דורכן חוט־השדרה. נאָר ער פֿונדעסטוועגן — ער טוט גאָרניט. ער באַמערקט זי קוים. ער רויכערט זיך רויִק, רויִק.

נאָר זי לאַשטשעט זיך צו אים, בויגט אָן איר שווערן, הייסן קערפּער, אַלץ נעענטער צו אים.

— כ׳האָב הײַנט געזען אין אַ שוי־פֿענסטער אַ נײַ, שיין קלייד... ווייסט, סעם, מיט פֿײַנע אויסהאַפֿטונגען אַזעלכע... עס איז איצט אין דער מאָדע אַזאַ קלייד.

— נו, קויפֿט מען, — ענטפֿערט ער איר לאַקאָניש.

— דאַרף מען האָבן געלט, — חנדלט זי זיך.

— בעט מען.

— נו, איז אָט, בעט איך.

— ניי, איז גוט, וועסט קריגן, — שניידט ער אָפּ קורץ.

נעמט זיך שוין איצט לאַראַ אָן מיט נאָך מער מוט און גיט זיך מיטאַמאָל אַ הייב אויף און אַ זעץ אַנידער ביי אים איבן שויס.

איז גיט ער זיך צוערשט אַ בויג איין אין אַ קאָרטשע אונטער אָט דער שווערער מאַסע, וואָס האָט זיך אומדערוואַרטערהייט אַרויפגעוואָרפן אויף אים. נאָר ער האַלט עס פונדעסטוועגן אַ ווײַלע אויס זייער העלדיש: פּאָרט אַ מאַנסביל. אָבער אין אייניקע מינוטן אַרום, — ווײַל וועגן וועגט זי קיין עין־הרע אַ סך, און די פיס זיינע זיינען ביי אים דינע: זי קאָן זיי נאָך איבערברעכן — הייבט ער זי שוין אָן פּאַמעלעך אַרונטערצושטופּן פון די קני.

— ניי, וויפל איז דער שיעור, לאַראַ... דו וועסט דאָך מיך באַלד דערשטיקן... אַז וועגן וועגט דאָך דאָס פידן גאַנצע... דאָס איז חאָך ניט קיין פייער — דאָס איז דאָך אַ גאַנץ הויז!

הייבט זי זיך אויף פון זיין שויס פּויל, מיט אַ געלעכטערל. זי ווייסט, אַז ער מיינט עס ניט ערנסט, — זי ווייסט חאָך, אַז ער האָט זי ליב... פאַרקערט, זי האָט גאָר אין דעם אירע אָנשויוונגען: מענער האָבן גאָר סך־הכל ליב דווקא פעטע, כע־כע...

אין אַ ווײַלע אַרום הייבט ער זיך שוין אויף, קייט נאָך אַלץ די ציגאַר אין ווינקל מויל און וואַרפט שוין אויף איר אַ פּאָר גלייכע שמייכלדיקע בליקן. ער נעמט זי אויף אַ מינוט אַרום און ציט זי צו זיך.

אָבער בלויז — אויף איין מינוט. אין אַ ווײַלע אַרום זאָגט ער שוין אַרויס העכשעריש:

— ניי, כ׳גיי שלאָפן. קום באַלד אַרויף.

דורכן הויז־השדרה לויפט אים שוין איצט נאָכאַנאַנד דורך אַ סך פייערדיקע ציטערלעך, — ציטער נאָך ציטער, ציטער נאָך ציטער, ווי אין אַן עלעקטרישן מאָטאָר, וואָס האָט זיך געלאָזט גיין.

און איר איז אויך איצט אַזוי גוט, אַזוי וואַרעם איבערן גאַנצן לייב. אַ נאַרישן, גוטמוטיק שמייכעלע צעגיסט זיך איבערן פעטן, גיידערדיקן פנים אירן.

איצט וויל זי צו אים אַ ביסל נעענטער הערן, — נעענטער ווערן גייסטיק. הייסט עס. טראַכט זי אַ ווײַלע, וואָס צו זאָגן אים. טוט זי זיך דערוויילע אים, און פרעגט סוף־כל־סוף:

— וועל, סעם, ווי גייען עפּעס איצט די ביזנעס?

— אָט, אַזוי זיך, — ענטפערט ער, — נישקשה... צוביסלעך... ס׳וועט מסתמא בעסער ווערן.

.1923

---

# אונטער דער ערד

אָנגעהויבן האָט זיך עס גאָר פֿון אַ קלייניקייט:

בעני האָרקין, אַ מייסטער־איפֿזעער אין אַ גרויסער לאָמפּן־פֿאַבריק אויף דער ניינטער עוועניו און די עטלעכע און דרייסיקסטע סטריטן, איז היינטיקן פֿרימאָרגן, פּונקט ווי יעדן אַנדערן פֿרימאָרגן פֿון יאָר, געפֿאָרן פֿון קוני־אײַלענד צו דער אַרבעט. און געפֿאָרן איז ער, פּונקט ווי יעדן אַנדערן פֿרימאָרגן אין יאָר, מיט דער אונטערגרונט־באַן.

אַהיימגעפֿאָרן איז ער פֿון דער היים, ווי יעדן אַנדערן פֿרימאָרגן אין יאָר, אין דער צײַט. נאָר, ווי תּמיד, זיך פֿונדעסטוועגן געאײַלט די גאַנצע צײַט פֿון דער רייזע צום שאַפּ און כמעט אויף יעדער סטאַנציע געציילט די סעקונדן וויפֿל דער צוג שטייט דאָרטן. ער איז געווען שטאַרק אין כּעס אויף די פּאַסאַזשירן, וועלכע האָבן זיך צו־פֿיל געפּאַרקעט בײַ די טירן, בײַם אַהיימגיין אויף דער פּלאַטפֿאָרמע, אָדער בײַם אַרײַנקומען אין צוג, און ס'האָט זיך אים אַלץ געדוכט:

— נו־נו... היינטיקן פֿרימאָרגן וועט ער שוין זיכער פֿאַרשפּעטיקן.

פֿאַרשפּעטיקן, האָט ער אַפֿילו נאָך קיינמאָל אין לעבן ניט פֿאַרשפּעטיקט — תּמיד פֿלעגט ער אָנקומען אין שאַפּ צו דער צײַט, אַזוי אַרום פֿופֿצן־צוואַנציק מינוט נאָך זיבן. אַרבעטן פֿלעגט מען אין שאַפּ אָנהייבן פּונקט האַלב אַכט, אָבער די עלעקטרישע קראַפֿט־מאַשינען פֿלעגט מען דאַרפֿן לאָזן מיט אַ פֿינף מינוט פֿריער, כּדי אַז פּונקט דרײַסיק מינוט נאָך זיבן, — און ניט אַ מינוט שפּעטער, —

זאָל שײַן די גאַנצע מאַשינעריע, אַלע רעדער און רעדלעך, אַלע מעטאַלענע עקבערס און דיסקן, אַלע שפּיצן, שפּרונזשינעס און וואַלצן, אַלע האַמערס און שטאַנגען, אַלע באַרשטן און בערשטלעך אין דעם „פּאָלישינג רום"*) — בקיצור, די גאַנצע מאַשינעריע זאָל זײַן אין פולן גאַנג צו דער סעקונדע. און יעדער אַרבעטער זאָל גלײַך, אין איין אײגנבליק, קענען צופאַלן צו זײַן באַשטימטן אָרט, — צופאַלן שנעל און פּליציק, ווי ער וואָלט עפּעס אַליין געווען אַזאַ שרײַפל אָדער אַ מעטאַלן צײַנדל, וואָס האָט זיך איך אָנגעהויבן באַוועגן ערשט דעמאָלט, ווען די עלעקטרישע ענערגיע איז אַרײַנגעלאָזן געוואָרן פונם „פּאָוער רום", און אַלע רימענס, פּאַסן און שטאַנגען אין דער לאָמפּן-פאַבריק האָבן אָנגעהויבן אָרומטאַנצן אַ קאָנוואול-סיוון חילה-נופל-טאַנץ, — אַ טאַנץ פון האַלב אַכט ביז צוועלף בײַטאָג, ווען סײַ די שרײַפלעך און סײַ די מעטאַלענע מענטשלעך פלעגן, אײַנגעמאַטערטע און מידע פון קראַנקן אַרומוואַרפן זיך אין דער לופט, בלײַבן אַזוי אָנכּוחותדיק און האַלב-טויט ליגן, זיצן, רוען. אָבער — בלויז אויף איין האַלבע שעה. און דערנאָך — ווידער אַמאָל געלאָזט זיך מיט אַלע, אַלע אברים אינם דאָזיקן קראַנקן, נערוועז-משוגענעם טאַנץ כּונם הײַ׳יקן ריטוס. דאָס פלעגט שײַן זײַן די צווייטע העלפט פונם טאַנץ, — פון האַלב איינס ביז זעקס פאַרנאַכט.

איז, ווי שײַן געזאָגט, בעני האָרקין פלעגט תמיד, תמיד קומען אין דער צײַט. ער האָט נאָך קיינמאָל צו דער אַרבעט ניט פאַרשפּעטיקט. ער איז געווען טרײַ, אַזוי שטאַרק איבערגע-געבן דער פירמע, פּונקט ווי ער אַליין וואָלט געווען אין איר אַ שותף. אפשר איז עס טאַקע געווען דערפאַר, ווײַל ער פלעגט קריגן אַ היפּשן באַנוס**) פון די יערלעכע פּראָפיטן פון דער פירמע „לומינוס". און אפשר דערפאַר, ווײַל ער האָט גע-האָפט סוף-כּל-סוף טאַקע אַרײַנגענומען ווערן אין דער פירמע גופא, ווי אַ שותף, — ווי אַ פולער שותף. אָדער זײַן איבערגע-

---

*) אָפּטײלונג, וואו מע שלײַפט און גלאַנצט די מעטאַלענע לאָמפּן.

**) אַ חלק.

געבנקייט האָט זיך גענומען גאָר גיכער דערפון ווייל, — צוליב דעם, וואָס די אמתע באַלעבאַטים, די „פירמע" אַליין, פלעגן זעלטן־זעלטן זיך באַווייזן אין דער פאַבריק, — האָט בעני האָרקין זיך איינפאַך אָנגעהויבן פילן דאָ, ווי אַן אמתער באַלעבאָס, ווי דער איינציקער באַלעבאָס.

אַזוי צי אַזוי: געשריי און איבערגעגעבן דער פירמע איז ער געווען שטאַרק, גאָר שטאַרק.

איז, אַז ער פלעגט, ניט טויט, ניט לעבעדיק, אַריינפאַלן אין דער פרי אין פאַבריק, פלעגט ער גלייך, טיוואָלאָניש־גע־שווינד, אַראָפּכאַפּן אויף זיך זיין געלן קויטיקן אַרבעטס־כאַלאַט, און נאָך איידער ער פלעגט באַווייזן אַרויפציען אויף זיך דעם רעכטן אַרבל, וועלכער פלעגט זיך תמיד, מעשה־שטן, צוליב האָרקינס גרויסער איילעניש, אַליך פלאָנטערן און צאַפּלען זיך הינטער זיין רוקן, — אַרומטאַנצן און צאַפּלען זיך, ווי אַ לעבעדיקע זאַך, און ווי אויף צו־להכעיס פאַרהוילן פון אים דעם אַריינגאַנג אין אַרבל אַריין, — איז נאָך איידער וואָס־ווען, פלעגט ער שוין אָנהויבן שרייען מיט באַנומענע קולות איבער דער גאַנצער שווינדליק־וואַרטנדיקער פאַבריק:

— העי, טאָני, וועהער דהי העלל אָר יו*)...

— לעטס גאָ! לעטס גאָ!

אָבער דער איטאַליענער אַנטאָניאָ, דער אינזשענער, פלעגט זיך שוין פון לאַנג פלאָנטערן האָרט אין דער הויך, אינם אויבערשטן געפלעכט פון רעדלעך, שטאַבן און רימענס. ער פלעגט קומען נאָך אַ סך פריער פאַרן פאָרמאַן, און ער האָט זיך שוין פון לאַנג געפּאָרקעט האָרטן איבן, עפּעס פאַררוכט, צורעכט געמאַכט, אָדער קאַליע געמאַכט; איבערגעוואָרפן אַ רימענעם פאַס, וואָס האָט זיך אַרונטערגעגליטשט, צוריק אויף זיין מעטאַלענער אַקס.

איז ער, טאָני, האָט שוין געהאַט זיין דרך מיטן פאָרמאַן. ער האָט געוואוסט, אַז אים דאַרף מען ענטפערן מיט געשריי — אויף געשריי, מיט איפגערייצטקייט — אויף אויפגערייצטקייט, און מיט

*) וואו ביסטו, צו אַלדי שוואַרצע יאָר... לאָמיר אָנהויבן.

רוגזא — איף רוגזא: בלויז אויף אַזאַ אופן, האָט טאָני געוואוסט, קען מען אים איינשטילן. איז דער־הער־נדיק דעם פאַרמאַנס קוויטשענדיקע סאָפּראַנאָ־שטימע, פּלעגט ער אים פון דער הויך נאָך שטאַרקער צוריקשרייען אויף זיין איטאַליעניש־ענגלישן לשון, און וואַרפן ביידע מיט די הענט:

— ע... ע... וואַצי מער־ע...*)
— אָל־רייט, באָס, אָל־רייט...
— דזשוסטא מינוטא...
— אָ־רייט... נא האַרי!

איז זיצט בעני האָרקין אַזוי יעדן פרימאָרגן אינם סאָבוויי, לייענט און לייענט ניט די צייטונג ווינע, — קויפן קויפט ער גע־וויינלעך די „וואָרלד", און לייענט לייענען ער געוויינלעך בלויז די פילע צענדליקע צייטונגס־שפּאַלטן, וואָס זיינען געדרוקט איבגע־זעצט מיט קליינטשינקע אותיות, די צייטונגס־שפּאַלטן מיט די אַנאָנסן פון „עמפּלאָימענט וואנטעד", — שטעלעס ווערן געזוכט.

אים פאַרשאַפט עס אַ זעלטענעם אָנגענעמען געפיל, אַ גע־פיל פון זיכערקייט און מאַכט, ווען ער זעט, אַז עס זיינען דאָ אין ניו־יאָרק אַזוי פיל מענטשן און אַרבעט, אָן שטעלעס, — פאַר־צווייפלטע, אומגליקלעכע מענטשן, וועלכע זוכן, זוכן צו פאַרדינען ערגעץ אַ שטיקל ברויט, זוכן און געפינען ניט. אָבער ער, אָהאָ, ער...

ערשט ווייס ער טאַקע, אַז אים, בעני האָרקינען, איז גוט. אַזוי, געוויינלעך, ווייס ער ניט, צי עס איז אים גוט, צי עס איז אים שלעכט, און ניט ער טראַכט דערפון. גאָרניט. אַזוי זיך, מע לעבט. אָבער איצט ערשט פאַרשטייט ער, אַז אים איז טאַקע גוט.

ער זעט איצט און זעט ניט די פּאַסאַזשירן אַרום אים. ער שפּרינגט אַליין אַלע מינוט אויף פון זיין אָרט, הויבט זיך אויף און זעצט זיך, זעצט זיך און הויבט זיך ווידער אויף. ער טאַנצט

*) וואָס איז דער מער... שוין רעכט, באָלעבאָס, שוין רעכט... איין מינוט... ניט געיאָגט!

אינמער, קנעט אַזש מיט קרעמפּיקע פינגער דעם שטרויענעם זייַ אונטער זיך, אַלץ פון גרויסער אומגעדולדיקייט, — מאַכט עס אויף אַ זייטיקן דעם אַיינהריק, ווי ער, האָרקין, וואָלט דאָ געזעסן רייטנדיק אויף אַ מעטאַלענעם, יאָגנדיקן צוג און אים אַלץ אונטערגעשפּאָרנט, זיך געהאָפּקעט אויף אים און אים אונטערגעיאָגט:

— ריר זיך, נו... ריר זיך, ריר זיך, צוג...

ער כאַפּט אַ קוק דורך די פענסטער פונם סאָבוויי אויף יעדער לאָקאַל-סטאַנציע, פאַרביי וועלכער דער צוג לויפט דורך, זיך ניט אָפּשטעלנדיק.

— כמע, איך מיר אַ סטאַנציע...

ער שטרענגט זיך אָן איבערצולייענען די אותיות פון דעם נאָמען פון דער סטאַנציע, וועלכע זיינען אויסגעמאָלט אויף די סלופּעס אָדער איינגעלייגט מיט קאָלירטע ציגעלעך אויף די קאַכעלנע ווענט. די פליענדיקע אותיות, וועלכע שפרינגען גיהנומדיק-שנעל אין דער צעווירבלטער, טומל-צעריסענער אונטערערדישער לופט, צווישן די שווינדלענדיקע גלייכע רייען מעטאַלענע ריילן, צווישן וועלכע דער צוג יאָגט, און וועלכע ציען זיך אומענדלעך, אומענדלעך ווייט אונטער דער ערד, אונטער ניו-יאָרק, און אונטער די טיפע וואַסערן, וואָס טיילן אָפּ אין פאַראיינקן איין שטיק ניו-יאָרק מיטן צווייטן שטיק ניו-יאָרק.

ער וויל וויסן, האָרקין, וווּ האַלט ער איצט מיטן צוג אין דער וועלט... ער קרעכצט אָפּ:

— ס'איז נאָך ווייט... ס'איז נאָך ווייט...

אין פאַרטיפט ווידער די נאָז אין דער צייטונג פון גרויס ערגערניש, וואָס ער מוז זיך סוף-כל-סוף אונטערוואַרפן דעם ווילן פון צוג-אינזשענער און לאָזן אים „גיין" זיין גאַנג.

אין דערנאָך האָט זיך דער צוג, צווישן איין עקספּרעס-סטאַנציע און דער צווייטער, אַזוי האַסטיק פונאַנדערגעטראָגן, אַז אַלע מענטשן אין אים, צוזאַמען מיטן צוג גופא, האָבן זיך געהאַלטן אין נאָכאַנאַנדיקן וויגן, — הין און צוריק, הין און צוריק, — ווי פּאַסאַזשירן אויף אַ ים-רייזע בשעת אַ גרויסן שטורעם.

— אָהאָ, ווי דער צוג האָט זיך פֿונאַנדערגעליאַרעמט!... פֿײַן... פֿײַן... באַלד, באַלד... באַלד בײַם ציל.

נו, איז איצט האָט דאָך האָרקין שוין זיכער געקאָנט זײַן צופֿרידן...

ערשט דער צוג שטעלט זיך מיטאַמאָל אָפּ. שטעלט זיך אָפּ אַזוי פּלוצלונג, אַז אַלע פּאַסאַזשירן, סײַ די הענגענדיקע און סײַ די שטייענדיקע און סײַ די צונויפֿגעקוועטשטע צווישן אַלעמען, ווי סתּם אײַנגעבעטענע געסט, — אַזש זיי זײַנען אַלע, מיט אַ הילכיק קוויטשעניש פֿון די פֿרויען, אַרויפֿגעפֿאַלן איינע אויף די אַנדערע. מאָדנע... דאַכט זיך, אַז אין צוג איז געווען אַזוי ענג, אַז מע האָט אַפֿילו קיין שפּילקע ניט געקאָנט לאָזן פֿאַלן. אָבער, אַז עס איז געקומען צום אַרויפֿפֿאַלן פֿון די פּאַסאַזשירן איינע אויף די אַנדערע, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ס'איז יאָ געווען פּלאַץ.

בעני האָרקין וואַרט שוין מיט אומגעדולד, ניט אויפֿהויבנדיק זײַנע אייגן פֿון דער בלאַט-צײַטונג, ביז די געוויסע צאָל פּאַסאַזשירן וועט אַרויס אָדער אַרײַנשטײַגן, ווי אויף יעדער אַנדערער סטאַנציע, און דער צוג וועט זיך ווייטער רירן. אָבער באַלד דערפֿילט ער פֿון הינטער זײַן צײַטונג אַרויס, אַז עפּעס טוט זיך מיטן דאָזיקן אָפּשטעל פֿון צוג: ס'איז ניט קיין געוויינלעכער אָפּשטעל... עפּעס פֿילט ער ניט די געוויינלעכע אײַליקע שטופּעניש און קוועטשעניש, וואָס קומט תּמיד פֿאָר, ווען דער צוג שטעלט זיך אָפּ אויף אַ סטאַנציע. נאָך אַ מינוט פֿאַרלויפֿט, נאָך אַ מינוט. און בעני האָרקין דערפֿילט פֿון הינטער דער בלאַט אַרויס, אַז אין צוג הערשט אַ מאָדנע שטילקייט...

חאָס האַרץ האָט אים גלײַך אַ טיאָכקע געטאָן...

— מער פֿעלט אים ניט... איז עס מעגלעך, אַז אָט „דאָס" איז עס?...

נאָר אָט „דאָס" איז עס טאַקע געווען.

אַז בעני האָרקין האָט אַראָפּגענומען זײַן נאָז פֿון צײַטונגס-ליילעך אַרויס און אַרויסגעקוקט דורכן פֿענסטער, האָט ער דערזען:

דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט אין מיטן אַ טונעל. ס׳האָבן זיך געזען דורך די בלאָטיקע וואַגאָן־פענצטער בלויע פייערלעך אין דער טונקלקייט פונם טונעל, — בלויע פייערלעך, רויטע פייערלעך, געלע פייערלעך... און הינטער זיי אַ וואַנט, אַ פייכטע, ערדענע וואַנט.

אַלע פּאַסאַזשירן זיינען שוין איצט געשטאַנען שווייגנדיק, מיט זיך־וואונדערנדיקע און ניט פאַרשטייענדיקע פּנימער. יעדער וואָלט אַ בעלן געווען עפּעס פרעגן ביי דעם צווייטן, נאָר זיי האָבן ניט געוואוסט, ווי אָנצוהייבן ריידן איינער מיטן אַנדערן.

— ווייל סטייטש: פרעמדע מענטשן!.. קיינמאָל איינער פאַרן צווייטן ניט פאָרגעשטעלט געוואָרן!..

האָבן זיי דעריבער געשוויגן, — אַלע צוזאַמען געשוויגן.

און צוג האָט געהערשט איצט אַ טויטע שטילקייט. אַ פיל־פּנימדיקע, אַ פיל־מענטשישע שווייגעניש, — אַן אומגעוויינלעכע, שרעקנדיקע שווייגעניש. עס האָט זיך בלויז געהערט דאָס נאָכ־אַנאַנדיקע זשומען פון די ווענטילאַטאָרן, וואָס האָבן אָנגעווייעט קאַלטע לופט; און האָס טרוקענע, ברעקלדיקע קנאַקן פון צייטונג־בויגנס אין די הענט פון די פילע פּאַסאַזשירן.

בעני האָרקין איז אויפגעשפרונגען פון זיין אָרט אַן אומגעשאָסענער. ס׳פּאַסירט טאַקע אָפט, — און חוזקא ווי אויף צו־להכעיס אין די איל־שטונדן אין דער פרי און פאַרנאַכט, ווען מע־פאָרט צו און פון דער אַרבעט — אַז דער באַן שטעלט זיך פּלוצלונג אָפּ. ניין, אויב עס פּאַסירט בכלל, פּאַסירט עס טאַקע נאָר אין די איל־שטונדן... וואָס־זשע דען, ווען אַנדערש וועט עס פּאַסירן? און כאָטש האָרקין ווייס, אַז ס׳איז אין די מערסטע פאַלן ניט אויף לאַנג, און אַז די סיבה, וועלכער צוליב דער צוג שטעלט זיך, ווערט געווינלעך גלייך באַזייטיקט און דער צוג הויבט זיך ווידער אָן צו יאָגן זיין וועג, — דאָך איז ער איך איצטיקס מאָל, ווי תמיד, אַן אומגעשאָסענער, אויפגעשפרונגען פון אָרט... אַ פרעג געטאָן צעטראָגנערהייט ביי דעם, ביי יענעם:

— וואָס איז דער מער, האַ?

— וואָס האָט פּאַסירט, האַ?

קײנער האָט אָבער ניט געװאוסט. יעדערער האָט בלױז גע־קװעטשט מיט די פּלײצעס:

— איך װײס ניט.

— איך װײס ניט.

— איך װײס ניט.

װאָלט כאָטש אין דעם דאָזיקן װאַגאָן געװען אַ קאָנדוק־טאָר, בײ װעמען ער װאָלט געקאָנט עפּעס פרעגן... כאָטש װאָס װאָלט דען געהאָלפן דאָס פרעגן? דער קאָנדוקטאָר שװײגט אױך אין אַזעלכע פאַלן. ער ענטפערט גאָרנישט. ער איז ניט מחויב צו ענטפערן. דאָס גײט האָך ניט אַרײן אין זײנע פליכטן. ער היט אָפּ די טירן. אַז מע האָט אים אָפּגעשטעלט, דעם צוג, שטײט ער. אַז ער װעט צוריק אָנהױבן גײן, װעט ער צוריק אָנהױבן גײן. װאָס װײס ער? ער דאַרף עס ניט װיסן. דאָס גײט ניט אַרײן אין זײנע פליכטן...

נאָר פונדעסטװעגן איז פרײלעכער, װען אין װאַגאָן געפינט זיך אַ קאָנדוקטאָר, װעמען מע קען דאָך פאָרט, אין אַזעלכע פאַלן, שטעלן פראַגעס.

— א „טײ־אָפּ״*), האַ?

— אַן עלעקטרישער קורצשלוס אפשר?

— חלילה גאָר אַ שׂרפה?

נאָר דאָס איז אָבער גראָה אַ װאַגאָן אָן אַ קאָנדוקטאָר. דאָס איז אַ װאַגאָן מיט פּנעװמאַטישע טירן**), — דער אײנציקער קאָנדוקטאָר אױפן גאַנצן צוג געפינט זיך ערגעץ אין אַ צװײטן װאַגאָן. דאָ הערשט ער בלױז מיט זײן הײזעריקער, מאַשינאָװער שטים, װאָס דערטראָגט זיך הױכן טעלעפאָן, — אַ הײזעריקער סימװאָל פון זײן איבער־װאַגאָנישער מאַכט. בײ יעדער סטאַנציע דער־הערט זיך צוערשט אַ כריאָקען, אַ סקריפּען, אַ קראַצן און אַ פאַרשטיקט קרעכצן אין די שרײפעלעך פונם סאָבװײישן טעלע־

---

*) אַ פּלוצלונגער אָפּשטעל פון די צוגן אויף דער גאַנצער ליניע.

**) טירן, װעלכע עפענען זיך אװטאָמאַטיש, דורך צונױפגעפּרעסטער לופט.

סאָן, ביז דער מעגאַפאָן, נאָך לאַנגע, הכנות און הוסטעניש, הוסט ענדלעך אַרויס:

— ר־ר־ר... נעק ראָד*).

— ר־ר־ר... שיפשי בײ*).

— ר־ר־ר... קאַרטעלין ראָאַד*).

און אַלע וואַגאָן־טירן ווערן באַלד געעפנט און פּונקט אַזוי גיך פאַרמאַכט דורך דער אומגעזעענער וואַנט, וואָס קוועטשט אַן עלעקטרישן קנעפּל אין צווייטן וואַגאָן.

און דאָ איז דער עולם אין וואַגאָן אַזוי געדיכט אָנגעפּאַקט איצט, — ווי יעדן פרימאָרגן אין אָט דער שעה, — אַז מע וואָלט איצט אַפילו ניט געקאָנט לאָזן פאַלן קיין שפּילקע. איז, אַז בעני האַרקין האָט זיך פּאָרט ניט געקאָנט אײַנהאַלטן און אָנגעהויבן שטופּן זיך אומרויִק און זשוואַווע אַהער, אַהין, ווי אַ דערשראָקענע קאַץ בײַם אַריבערגײן אַ טומלדיקע גאַס — האָבן אים שווייגנדיקע עלנבויגנס און שטיינערדיק־אײַנגעפלאַנצטע פיגורן פון די סאָבווי־פּאַסאַזשירן האַרט צוריקגעשטויסן, — צוריקגעשטויסן אים אפשר ניט אַזוי מיט די עלנבויגנס זייערע, ווי מיט די פּנימער; פּנימער, וואָס האָבן זיך געוואונדערט אויף יענעמס חוצפּה און האָבן זיך נאָך פאַרעכטלעך אַ ביסל פאַרקרימט אויפן חשבון פון בעני האַרקינס אומגעדולדיקייט און דערשראָקנקייט.

— קריך ניט.

— וואָס שטופּסטו זיך?

— אַלע וואַרטן מיר.

— וואַרט אויך.

זיין זיין אייפן שטרויענעם שטול האָט שוין דערווייל האַרקין אָנגעוואָרן, ווייל אין אָט דער שעה, אַז איינער פאַרלאָזט נאָר זיין פּלאַץ אין סאָבווי, ווערט ער תיכּף, כּהרף־עין, פאַרנומען. פּונקט ווי מע וואָלט אין אַ זאַמד־וואַל אַרויסגענומען פון אונטן אַ היייפעלע זאַמד, — ווערט דער ליידיקער אָרט אונטן, גיכער ווי אין אַן אויגנבליק, מיטאַמאָל אויסגעפילט דורכן זאַמד אויבן.

---

*) צזעלכע סטאַנציעס.

מילא, וואָס האָט ער דען געקאָנט טאָן... האָט זיך האָרקין צוגעשפּאַרט צום שויב פון אַ טיר, צוגעשפּאַרט צו דעם דאָס דערשראָקענע פּנים זיינס, און איז שוין אַזוי געבליבן אומבאַוועגלעך שטיין.

וואָס דאָרטן איז פאָרגעקומען אין דרויסן, האָט קיינער ניט געוואוסט.

דער צוג איז געשטאַנען לאַנג, לאַנג. דורך דער לענג פון דעם נאַכטיקן, מיט אייביק ברענענדיקע לאַמטערנעס באַלייכטענעם טונעל, איז איצט אויף די רעלסן געשטאַנען אַ לאַנגע, אַ פייערדיקע ריי פון אונטערערדיש־באַלויכטענע צוגן: אַ פייערדיקע ריי פון אָפּגעשטעלטע צוגן האָט זיך געצויגן אויף מיילן און מיילן ווייט אין דער אומהיימלעך אַנטשוויגן־געוואָרענער טונעל־וועלט, וואָס איז איצט געלעגן אַנטשטילט און געדיכט באַפּינטלט מיט פייער און פייערלעך.

אין וואַגאָן, וואו האָרקין האָט זיך געפונען, פונקט ווי אין הונדערטער אַנדערע וואַגאָנען הינטער אים און פאָרנט פאַר אים, האָבן די פילע עלעקטרישע לעמפּלעך ליכטיק געברענט, געברענט מיט אַ טויט־ליכטיקייט, פונקט ווי אַלע מאָל, און באַלויכטן די שווייגנדיקע פנימער פון די פּאַסאַזשירן.

דאָס נאָכאַנאַנדיקע שווייגן זייערס — ווייל זיי וועלן דאָך ניט נעמען אין מיטן דערינען און אָנהייבן ריידן איינער צום אַנדערן: האָך פרעמדע מענטשן... — דאָס קנאַקן און שאָרכען פון די פרישע מאָרגן־צייטונגען אין זייערע הענט, די גאַנצע שווייגנדיקע ליכטיקייט אין וואַגאָן, — דאָס אַלץ האָט געמאַכט דעם איינדרוק ווי עס וואָלט געווען אַ טויטן־וואַגאָן, וואָס איז אָנגעפילט פון וואַנט ביז וואַנט מיט מתים, — מתים שטייענדיקע, זיצנדיקע און צונויפגעקוועטשטע; מתים מיט אָפענע אויגן, וועמען מע האָט אַריינגעשטעקט בלאַט־צייטונגען אין זייערע הענט אַריין — צוליב עפּעס אַ קונדסוואַטע שפּיצל...

און דער צוג איז אַלץ געשטאַנען... אפשר זיינען פאַרלאָפן בלויז מינוטן, אָדער אַ סך — אַ האַלבע שעה זינט דער צוג האָט

זיך אָפּגעשטעלט. נאָר האָרקנען האָט זיך געדוכט, אַז עס איז שוין לאַנג, לאַנג, אָן־אַ־שיעור לאַנג... ער האָט זיך אינגאַנצן איינגעקאָרטשעט אין זיך, אַ צעטומלטער און אַ הילפלאָזער...

— גוואַלד, וואָס־זשע וועט זיין? וואָס־זשע וועט איצטער זיין?

ער האָט פאַרלאָרענערהייט געעקבערט זיינע בליקן אין דער טונקל־פינצטערניש.

לעמפלעך, פייערן, קייטיקע מעטאַלענע זיילן, וואָס שפּאַרן אונטער דעם אונטערערדיקן סופיט פונם טונעל. מענטשן אין ברוינקייטיקע אַרבעטס־קליידער און מיט סטו־קאַטשעס אין די הענט זיינען דאָ אַרומגעגאַנגען פאַרביי די פייכטע, רינענדיקע ווענט, און עפּעס גענישטערט און עפּעס געפּאָרעט זיך. און די סטודקאַטשן זייערע, ווי אומרויקע פייער־חיות, האָבן אַרומגעפּלאָנטערט אין דער פינצטערניש און עפּעס געזוכט, און עפּעס באַשמעקט... און ווייטער — גאָרניט.

און סוף־כּל־סוף האָט זיך דער גאַנצער עולם דאָ, אין צוג, אויך אַ ריר געטאָן... די שווייגנדיקע, איינער פון דעם אַנדערן מיילן אָפּגעזונדערטע פּאַסאַזשירן, האָבן זיך ענדלעך אַ באַוועג געטאָן. די פענצטער: אין די שויבן פון די טירן זיינען ביסלעכווייז באַקלעפּט געוואָרן מיט פולע אַנגסטלעכע פּנימער: מע האָט אָנגעהויבן ווערן אומרויק.

און באַלד האָט מען אָנגעהויבן קלאַפּן אין די שויבן, צורופן די באַשמירטע און פאַרמאַזעטע געשטאַלטן און סילועטן, וואָס האָבן זיך אַרומגעדרייט אינם האַלב־טונקל. נאָר קיינער פון יענע געשטאַלטן האָט זיך ניט אָפּגערופן, פּונקט ווי דאָס וואָלטן געווען מענטשן פון גאָר אַן אַנדער וועלט, — מענטשן, וואָס זיינען דאָ, אין דער טונקל־פינצטערניש, אַרומגעגאַנגען אין אַ געהיימער שליחות, וואָס האָט גאָרניט געהאַט צו טאָן מיט דעם אומגליק פון די מענטשן אין צוג.

ס'איז, קאָנטיק, געווען אַ פאַרפאַלענע זאַך...

עמעצער האָט, — פון פאַרצווייפלונג, פון חידוש, אומגעדולד און שרעק, וואָס ווער ווייס ווען און אויב מע וועט נאָך גאָר

דערזען די ליכטיקע שײַן, — עמעצער האָט זיך געלאָזט שפּאַרן צו די טירן. די טירן זײַנען, פֿאַרשטייט זיך, געווען פֿאַרשלאָסן.

און דאָ האָט זיך אײנער אַ מענטש — אפשר איז יענער געווען אַ גנבֿ לויט זײַן פּראָפֿעסיע — אָנגעהויבן פּאָרען זיך מיט אַ לאַנגן, דינעם אינסטרומענט אַזאַ, — אַ „שליסל-סקעלעט", — אין דער שליסל-לאָך פֿון די פּנעוומאַטישע טירן, געוואָלט זײ עפֿענען.... מע האָט אים אָבער באַלד אָפּגעשטעלט. עס האָבן זיך דאָך נאָך געפֿונען, — אינם גרײסן אומרו, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט די מענטשן דאָ, — קלוגע און ניכטערע קעפּ, וועלכע האָבן געוווּסט: דאָס עפֿענען די טירן וועט ברענגען צו אַ מאָמענטיקער קאַטאַסטראָפֿע... שױן אָפּגערעדט דערפֿון, וואָס דער צוג האָט זיך דאָך, נאָך אַלעמען, געקאָנט רירן יעדע מינוט, סאַמע אינמיטן פֿונם אַרונטערקלעטערן פֿון די פּאַסאַזשירן. דאָ זײַנען נאָך געווען גרעסערע געפֿאַרן.

דער געדיכטער עולם וואָלט זיך מיטאַמאָל אין אַלע אינאײנעם אַ שפּאַר געטאָן צו די צווײ טירן און עס וואָלט זיך אָנגעהויבן, ווי געוויינלעך אין אַזעלכע מינוטן, אַ גרויסע פּאַניק, אַ טרעטעניש פֿון מענטשן איף מענטשן, אַ קריכעניש פֿון קאָפּ אויף קאָפּ, און ניט איין מענטש וואָלט בײַם אַרויסשטײַגן פֿונם וואַגאָן אומגעקומען.

דאָס ערנסטע איז, נאַטירלעך, געווען אין דרויסן... דאָרט האָט זיך דאָך געפֿונען די אמתע טויט-געפֿאַר, — די געפֿאַר פֿון זיך אָנרירן אָן דער עלעקטריש-באַלאָדענער „דריטער-רעלסע", וואָס מענטשן וואָלטן פֿון דעם אַליין געפֿאַלן, ווי די פֿליגן, און פֿאַרשרפֿעט געוואָרן אויפֿן אָרט.

און אין וואַגאָן איז דעריבער באַלד, נאָך די איבערגעבראָכענע אומרויִקע צאַפּלעניש, אָנגעפֿאַלן אויף די מענטשן אַ געדריקטע שווײַגעניש, — אַ טונקל-באַלויכטענע, אומהיימלעכע שווײַגעניש.

בעני האָרקין האָט שױן אָבער מער ניט געזען, וואָס עס טוט זיך אַרום אים אין וואַגאָן. ער האָט זיך געפֿילט איצט באַזונדער און אָפּגעריסן פֿון אַלע איבעריקע מענטשן אין וואַגאָן: ער האָט איצט קײנעם ניט געפֿילט... ער האָט איצט פֿון זײ קײנעם ניט

געזואַסט... ער איז דאָ געווען — ער אַליין — און מער קיינער ניט.

און ער, האַרקין, האָט זיך איצט איינגעגעסן און מער שוין ניט געקאָנט אָפּרייסן זיינע בליקן פון דעם האַלב־צעפּלאַטן, אומבאַקאַנטן און פרעמדן טונעל־חושך.

— וואָס טוט זיך דאָרטן?

מעגלעך, אַז ערגעץ אין־דער־ווייט קומט דאָרט פאָר אַ שׂרפה אין טונעל... מעגלעך, אַז פאַרשיידענע כעמישע סובסטאַנצן, צי שעדלעכע גאַזן האָבן אָנגעהויבן רינען פון די אומצאָליקע רערן איף די פייכטע ווענט, און אָט דעריבער לאָזט מען ניט עפענען די טירן. מעגלעך... מעגלעך... אַ סך זאַכן זיינען מעגלעך. נאָר פון די אַלע מעגלעכקייטן האָט זיך פאַר בעני האַרקינס אויגן אַוועקגעשטעלט, — בולטער, ווי אַלע אַנדערע, — איין טרויעריק־פלאַמענדיקע מעגלעכקייט:

— מעגלעך, אַז דאָס זיינען איצט זיינע לעצטע מינוטן.... מעגלעך, אַז עס דערנענטערט זיך איצט צו אים אַ זיכערער טויט....

האַרקין האָט זיך טאַקע פריער איינגעשטשעמעט מיט די נעגל אין דער טיר אַריין און האָט זיך בשום אופן ניט געלאָזט אָפּשטופּן פון אָרט, ווען אין וואַגאָן איז מיט אַ ווײַלע צוריק אויסגעבראָכן אַן אומרויִקע באַוועגונג, און די מענטשן האָבן געקוקט איינער אויפן אַנדערן מיט אומצוטרוי, מיט פאַרדאַכט און מאָרנער איסוואַרטונג.

— אַלנפאַלס, האָט זיך האַרקין דעמאָלט געטראַכט, ווען די טירן זאָלן זיך נאָר עפענען, — איז ער דער ערשטער אין דרויסן...

אָבער איצט האָט ער זיך אָפּגעלאָזן, איז געוואָרן גלייכגילטיק. אים האָט אַרומגעכאַפּט אַ חלשות און אַ שוואַכקייט און ער האָט מיט אַן איבלדיקן געפיל צוגעמאַכט די אויגן.

— וואו אַן ערך געפינען זיי זיך איצט? אין וועלכן טייל שטאָט? וועלכע גאַס געפינט זיך דאָרט אין־דער־הויך, — אין דער פרייער וועלט, וואָס איבער זייערע קעפּ?

דאָרטן, אין דער הויך, גייען איצט אַוודאי אַרום הונדערטער, טויזנטער מענטשן... פרייען הנדלען זיך דאָרט צו באַקאַנטע און

אומבאַקאַנטע מענער... קינדער שטיפּן און לאַכן... אַוטאָמאָבילן פלויען פאַרביי... און זיי אַלע, קיינער פון זיי ווייסט גאָרניט פון דער גרייסער קאַטאַסטראָפע, וואָס עס טוט זיך איצט אָפּ אונטער דער ערד, סאַמע אונטער זיינע פיס... זיי ווייסן גאָרניט, גאָרניט פון דעם אומגליק פון די הונדערטער, פון די טויזנטער מענטשן, וואָס זיינען פאַרשפּאַרט איצט אין אַ טויט-פּאַסטקע, — אינם גרויזאַמען, אַליך-אַריינשלינגענדיקן סאָבוויי-חלל... איבער זיין קאָפּ גייט איצט אָן דאָס לעבן, ווי געוויינלעך, ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס עס וועט, גאָר באַלד, פּאַסירן מיט די פאַרשפּאַרטע מענטשן דאָ... מעגלעך נאָך — אין דער סאַמע נאָענטסטער מינוט...

אין בעני האָרקינען האָט זיך איצט איינגעגעסן מיטן שאַרףוואַכן געדאַנק זיינעם אין דרויסן, — אין דער ליכטיקער וועלט, וואָס איבער זיין קאָפּ; אין דער גרינגער, ליכטיקער וועלט, וואָס געפינט זיך אויבן אויף דער ערד, סך-הכל עטלעכע הונדערט קלאַפטער איבער אים... און ווידער האָט ער זיך געפרעגט:

— וואו איז ער איצט... אין וועלכן טייל ניו-יאָרק?

מאָרגנס... טאָג איין, טאָג אויס, פאָרט ער דאָך מיטן וועלביקן וועג צו דער אַרבעט. פון קוני-אײַלענד ביים אָפענעם ברעג פונם אַטלאַנטישן אָקעאַן, ביז זיין שאַפּ, — וואָס געפינט זיך ניט ווייט פונם האָדסאָן-טייך, אַנטקעגן-איבער די וואַלדיקע און פעלדיקע, אייביק-יום-טובדיקע פרייַלעכע פּאַליסאַדן פון ניו-דזשוירדזי אויף יענער זייט טייך. יעדן טאָג, שוין אַזוי פיל יאָרן פון זיין לעבן, אַז ער פאָרט דעם דאָזיקן וועג... און קיינמאָל, קיין איינציקן מאָל איז ער נאָך ניט געווען אויבן, אין די פאַרשיידנבטע געגנטן פון ברוקלין, אונטער וועמענס ערד ער פאָרט עס דורך יעדן טאָג. אונטער פּאַרקן, אונטער פּראָספּעקטן און פּלעצער, אונטער גאַסן און טייכן, — און ער אַליין האָט זיי נאָך קיינמאָל ניט אָנגעקוקט אַפילו...

יעדן סוף-זומער נעמט ער געוויינלעך אורלויב. ער פאָרט דעמאָלט אַוועק אויף אַ פּאָר וואָכן אין די אַדיראָנדעק-בערג, צו די אָזערעס „טשאַמפּליין" און „סט. דזשאָרדזש". ער האָט אַפילו איינמאָל אָנגעשפּאַרט אַזש צו די וואונדערבאַרע בערג-אָזערעס, וואָס

געפינען זיך אין דער פּראָווינץ קוויבעק פונם פראַנצויזישן קאַנאַדע, — צו די אָזערעס „מעמפראָמעגאָג" און „פיטש־ביי", וואָס מענטשן זאָגן אויף זיי, אַז זיי זיינען אַזוי פראַכטפול, ווי די בערג־אָזערעס אין די שווייצערישע אַלפּן. ער קלייבט זיך אַפילו קומענדיקן יאָר צו מאַכן אַ רייזע אַוש צו די בערמודאַ־אינזלען.... אָבער אים איז נאָך קיינמאָל ניט איינגעפאַלן צו מאַכן אַ רייזע — קיין ניו־יאָרק גופא...

— ער האָט דאָך נאָך קיין איינמאָל ניט געזען קיין איינציקע פון די וואונדערבאַרע געגנטן פון ברוקלין, וועלכע פליען דורך איבער זיין קאָפּ יעדן טאָג, — צוויי מאָל אין טאָג, אינדערפרי און פאַרנאַכט.

און אים זיינען איצט איינגעפאַלן אין מוח אַזעלכע מאָדנע פאַרגלייכן:

— ער איז מער ניט, ווי אַ מעטאַלענער פיסטאָן...

ער איז עפּעס אַליין אינגאַנצן בלויז ווי אַ מעטאַלענער פיסטאָן, וואָס שיסט דורך דורך דער ריזיקער סאָבוויי־רער הין און צוריק צוויי מאָל אַ טאָג, פון דער היים אין שאָפּ אַריין און פון דאָרטן צוריק, — און ווייטער גאָרניט.

און בעני האָרקין האָט זיך באַלד דערפילט אין עפּעס אַ מאָדנעם דערהייבענעם צושטאַנד... אָט, אַ שטייגער, ווי ער וואָלט געהאַט בלויז נאָך עטלעכע מינוט צום לעבן, און ער דאַרף דעריבער זען צו טראַכטן איצט נאָר וועגן זאַכן וויכטיקע — וועגן די סאַמע וויכטיקסטע זאַכן פון אַ מענטשנס לעבן... ער האָט זיך אָנגעהויבן צו עפּעס גרייטן...

זיך אַריינעסנדיק מיט זיינע גיריקע אויגן אין דער טונעלישער האַלב־טונקלקייט אַריין, האָט ער מיטאַמאָל דערזען פאַר זיך אַ שנירל מיטנע וואַסער, אַ וואַסערל, וואָס איז, מסתמא, פאַמעלעך אַזוי שוין לאַנג־לאַנג געפלאָסן אין דער ערדישער פאַרטיפונג, וואָס האָט זיך, דורך די יאָרן פונם וואַסערלס פלייצן דאָ, אויסגעפאָרמירט פאַזע די רעלסן.

און האָרקין האָט זיך אָנגעשטעפּט אָן דעם האָזיקן וואַסערל... ער האָט ניט געזען דעם אָנהייב פון דעם ריטשאַקל, און ניט דעם ענד זיינעם. ער האָט בלויז געזען, ווי דאָס מיטנע וואַסערל האָט אָפּגעשפּיגלט אין זיך אויף אַ מוטנעם אופן די פייערלעך פונם טונעל און פון דעם אונטערערדישן צוג.

עס איז געפלאָסן פאַמעלעכן, דאָס דאָזיקע וואַסערל, זייער פאַמעלעכן. פון דעם האָט עס האָרקין געדוכט, אַז דאָס איז זיכער ניט קיין צופעליק וואַסער, וואָס האָט זיך אָקאָרשט פון ערגעץ אַריינגעגאָסן אַהער פון אַ געפּלאַצטער רינווע, אָדער רער, נאָך אַז עס פליצט שוין דאָ פון לאַנג, פון לאַנג:

— דאָס דאָזיקע מיטנע וואַסערל פלייצט דאָ מיט זיין אייגן, מיט זיין אונטערערדישן לעבן מסתמא, שוין פון יאָרן און יאָרן...

און אויף דעם איז נאָך קיינמאָל ביז איצט ניט געפאַלן דער שיין פון דער ליכטיקער זון, און פונם ליכטיקן טאָג... און עס ווייס גאָרניט, גאָרניט, פון די גרויסע אָפענע וואַסערן, וואָס געפינען זיך ניט ווייט פון אים, אין און אַרום ניו־יאָרק, אויף די התימנדיקע ווענט פון דער ריזיקער וועלט־שטאָט, — וואַסערן, באַשטראַלט אין פילפאַרביק באַפאַרבט פון דער ליכטיקער, תפארתדיקער זון פון אַ ליכטיקער וועלט....

און בעני האָרקינען איז איצט, — אין זיין ניט־געוויינלעכן, געהויבענעם און איבערגעדרעטן געמיט־צושטאַנד, — אַריינגעפאַלן אַ פאַרגלייך צווישן אים און דעם מומנעם ריטשאַקל, — דעם מומנעם ריטשאַקל, וואָס פלייצט דאָ שוין יאָרן און יאָרן... דעם וואַסערל, וואָס פלייצט אין דער פינסטערניש, פלייצט אין דער דעמפיקער פאַרבאָרגעניש אונטער דער ערד, — אייביק, אייביק.

און וואָס אַ מינוט איז האָרקין אַריבערגעגאַנגען אין אַלץ אַ דערהויבענער, אין אַלץ אַן עקזאַלטירטערער שטימונג.

ווידער האָט ער אָנגעהויבן מיט זיינע אויגן און מיט זיין מאַרך צו עקבערן די ערד־איבערפלאַך איבער זיין קאָפּ.

— וואַרט... איז וואו געפינען זיי זיך איצט פּאָרט?

ער האָט אָנגעהויבן צו מאַכן געוויסע חשבונות, האָט זיך דערמאָנט דעם נאָמען פון דער לעצטער סאָבוויי־סטאַנציע, וואָס

ער האָט באַמערקט פאַרבייפאָרנדיק, האָט צוגעלייגט די צאָל מינוטן, וועלכע זיינען אומגעפער פאַרלאָפן זינט דאַן, ביז וואַנען דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט — און אים איז איינגעפאַלן מיט אַ זיכערקייט:

זיי מוזן זיך איצט געפינען ערגעץ אין די געדערים פון דער ערד, וואָס אונטער דעם פּראָספּעקט-פּאַרק.

פּראָספּעקט-פּאַרק... אין אָט דעם פּראָספּעקט-פּאַרק איז ער שוין גראָד יאָ געווען אינם משך פון זיין לעבן אין ניו-יאָרק. אָבער דאָס איז געווען אַזוי לאַנג צוריק, — כּמעט, אפשר מיט אַ הונדערט יאָר צוריק... כּמעט זינט יענעם טאָג זיינען פאַרלאָפן אינגאַנצן אפשר בלויז אַ פופצן יאָר.

דאָס איז געווען אַמאָל אין אַ פרילינגס-טאָג. ער איז נאָך דעמאָלט געווען אַ חתן טאַקע פאַר זיין איצטיקער פרוי, — פאַר זיין פרוי, וועלכע ער באַמערקט שוין איצט אַזוי ווייניק, — פונקט ווי ער באַמערקט ניט די געגנטן אין ברוקלין, אונטער וועלכע ער פאָרט דורך יעדן טאָג, יעדן טאָג, שוין אַזוי פיל יאָרן.

יאָ, איז דעמאָלט געווען אַ וואונדערבאַרער פרילינג-טאָג, טאַקע איינער פון די ערשטע פסח-טעג. און אין שאַפּ האָט מען דעמאָלט ניט געאַרבעט, ווייל דער יידישער פסח איז גראָד איינגעפאַלן צוזאַמען מיטן קריסטלעכן „איסטער"*). האָט ער זיין כּלה דעמאָלט „אויסגענומען" אין פּראָספּעקט-פּאַרק אַריין. זיי זיינען דאָרט ביידע געפאָרן אויף אַ שיפל איבערן אָזערע, אַרומגעפאָרן אַ גאַנצן וואַרעמען טאָג אויף אַ שימערירנדיקן וואַסער, און פון אַלע זייטן האָבן זיך געזען שוואַרץ-נאַקעטע בוימער, אויף וועלכע עס האָבן זיך שוין אָנגעהויבן באַווייזן די ערשטע שפּראָצונגען, די ערשטע פּיפּסיקעס, די ערשטע מיילכעלעך... און די ווילדע קאַטשקעס, און די ווילדע גענז פונם פּראָספּעקטס אָזערע האָבן געשריען און זיך געטראָגן איבערן וואַסער... און פון אַלע זייטן זיינען אָנגעקומען צופליען אַ סך פרעמדע אַזעלכע פייגלען.

אָבער זינט דעמאָלט איז ער נאָך קיין איינציק מאָל ניט געווען

*) פּאַסכאַ.

אינם פּאַרק, כאָטש ער פאָרט פאַרביי אים, — ריכטיקער, אונטער אים — יעדן טאָג; יעדן טאָג פאָרט ער דאָך פאַרביי דעם אָנדענק פון יענעם גליקלעכן פרילינג־טאָג...

און האָט ער דען זייט דאַן ניט געקאָנט האָבן קיין סך אַזעלכע גליקלעכע טעג?

אָבער רק ער האָט געהאַוועט, רק ער האָט געהאַוועט. ער האָט קיינמאָל ניט גערוט. ער האָט אַפילו ניט געזען די דרויסנ־דיקע וועלט קיינמאָל, — עפּעס זיין גאַנץ לעבן איז געווען אַיינגע־צאַמט, ווי אין אַייזנס און אין דראָטן. און זיין באַרירונג מיט דער דרויסנדיקער, ליכטיקער וועלט האָט ער אויך דאָך דורכגעמאַכט נאָר דורך אָט דעם גרויסן, מעטאַלענעם קאַסטן, אין וועלכן ער איז אָט די גאַנצע יאָרן געווען פאַרשפּאַרט, — דורכן סאָבוויי...

בעני האָרקין איז געווען אַזוי פאַרטיפט אין זיינע געפילן פון פאַרדרוס און חרטה, אַז ער האָט אַפילו ניט געהערט, ווען דער צוג האָט ווידער אָנגעהויבן לויפן.

די פּאַסאַזשירן האָבן זיך נאָר איינגיכן ווידער באַרויקט, און זיך ווידער, ווי גאָרניט וואָלט פּאַסירט, פאַרטיפט אין זייערע בלאַט־צייטונגען, — אין די פרימאָרגנדיקע נייעס, אין די פּאָפּולערע סעריעס קאַריקאַטורן, אין די נייעס וועגן די רעזולטאַטן פונם נעכטיקן ריזיקן פּרייס־קאַמף פאַרן טיטל פונם „פעדערוואָגיקן טשעמפּיאָן”, וואָס איז פאָרגעקומען אין מעדיסאָן סקווער גאַרדן, — אַ קאַמף, וועלכער האָט אויך אַ פּאָר שעה כמעט אָפּגענומען דעם אָטעם ביי צענד־ליקער, ביי הונדערטער טויזנטער ניו־יאָרקער.

נאָך אַלעמען, פּאַסירט דאָך אַזוינס אָפט, אַז אַ צוג זאָל זיך אין דער סאַמע אײַלנדיקסטער פרימאָרגן־שעה פּלוצלינג אָפּשטעלן. איז מה־רעש? מער ניט, איצט האָט עס געדויערט אַ היפּש ביסל לענגער, ווי געוויינלעך. נו איז גאָרניט, איז פאַרפאַלן. זיינען זיי ווייטער געפאָרן.

נאָר דערפאַר האָט שוין בעני האָרקין איצט מער גאָר־ניט געהערט, וואָס עס האָט זיך געטאָן אַרום אים...

אַז דער צוג איז זיך ווידער פֿונאַנדערגעלאָפֿן, האָט טאַקע דאָס גאַנצע טרייסלען פֿונעם מעטאַלענעם וואַגאָן, און די וויבראַציעס פֿון דער גאַנצער לופֿט, און דאָס נאָכאַנאַנדיקע פֿינטלען פֿון די עלעקטרישע לעמפּלעך, — האָט דאָס אַלץ טאַקע זיך סוף־כּל־סוף ווידער אַרויסגעצוואונגען אויף אַלעמען, אויף אַלע פּאַסאַזשירן, און אין זיי אַלץ, אַלע חושים, אַלע פֿריערדיקע שרעקן אָפּגעווישט, און מיטן טומל און ליאַרעם פֿאַרטויבט.

נאָר ניט ביי בעני האָרקינען... אין בעני האָרקינען איז שוין איצט אַלץ געווען וואַך, — יעדער אָדער, יעדער נערוו איז געווען אָנגעשרייפֿט און וואַך.

— נו, יאָ, דער צוג איז שוין ווידער געגאַנגען... איז וואָס איז אָבער דערפֿון? וועט ער סוף־כּל־סוף באַלד זיין אין שאַפֿ. איז וואָס איז דערפֿון? שוין יאָרן און יאָרן, אַז ער פֿאָרט אַזוי אין שאַפֿ. שוין יאָרן און יאָרן, אַז ניט נאָר זיין גוף, נאָר אויך זיין גאַנצע נשמה שמייעט אין האַוועט אַזוי... אָבער אַמאָל — אַמאָל — אַמאָל...

אַמאָל איז דאָך ניט אַזוי געווען. צוערשט האָט ער זיך דאָך געשטעלט אַזעלכע קליינע, אַזעלכע באַשיידענע צילן.

אומגעווינלעך־שנעל איז אין אים איצט, מיטן ליאַרעמדיקן לויפֿן פֿון צוג, זיין גאַנץ לעבן פֿאַר די לעצטע פֿופֿצן־צוואַנציק יאָר פֿאַרביי געלאָפֿן.

אָט ער געדענקט זיך נאָך ווי אַ גאָר, גאָר יונגן בחור נאָך „אין דער היים“, ווען ער מיט זיינע חברים פֿלעגן עס גיין אַ זומערדיקן שבת־נאָכמיטאָג אין וואַלד אַריין, צו די קרעניצעס הינטער דער שטאָט. ער געדענקט, ווי ער און דבורהלע — אַ בלייכער, פֿאַרשוואונדענער סימן פֿון דער איצט־פּעטער, צעפּאָרענער, הונדערט און אַכציק פֿונטיקער יידענע, — געדענקט ער, ווי ער און דבורהלע פֿלעגן זיך אַוועקגנבענען פֿונעם איבעריקן עולם, זיך פֿאַרקלייבן ערגעץ אין אַ שאָטנדיקן וואַלדישן ווינקל, און ווי ער פֿלעגט דאָס אַזוי האַלט האָבן זיך צוהערן דאָרט צו זיין דבורהלעס האַרציקן זינגען:

אײנער בעט איך קלײדער,
אַ צװײטער — איך געלט, —
איך דאַרף ניט קײן קלײדער,
איך דאַרף ניט קײן געלט...
איך װיל נאָר אַ שטיבעלע
אױפֿן גראָז דעם גרינעם,
איך און מײן זים לעבן
זאָלן װאױנען דערינען...

אַך, װי ער האָט עס אַזױ אינגאַנצן, אינגאַנצן אײנגעשטימט דעמאָלט מיט יעדן װאָרט פֿונם לידעלע... אָבער װאָס־זשע איז דערנאָך געװאָרן פֿון יענעם „שטיבעלע אױפֿן גראָז דעם גרינעם“?

און בעני האָרקינען האָט מיטאַמאָל אַרומגעכאַפּט אַ מין גלײכגילטיקײט צום פֿאַרשטײענדיקן אַרבעטס־טאָג אין שאַפּ, — אַ גלײכגילטיקײט צום גאַנצן שאַפּ... אַ גליכגילטיקײט, װאָס האָט זיך כמעט געגרענעצט מיט שנאה.

— יאָ, שנאה צום שאַפּ האָט אין אים אָנגעהױבן אומדערװאַרטער־הײט אױסשפּראָצן. און װאָס נעענטער דער צוג האָט זיך צוגע־רוקט צו מאַנהעטן, אַלץ װײטער איז, אינגאַנצן אין דער אַנט־קעגנגעזעצטער ריכטונג, אַװעקגעלאָפֿן האָרקינס נשמה...

אַװעק, אַזױעק פֿון דער דאָזיקער שטיקנדיקער תּפֿיסה, װאו עס הירזשען תּמיד די מאַשינען, װאו די פּנימער בײ אַלע זײנען תּמיד אױסגעשמירט מיט סאַזשע, װאו עס ברענען טאָג און נאַכט די לאָמפּן, װאו די הענט און די אָרעמס זײנען בײ יעדן תּמיד אױסגעשמירט מיט מאַשינען־פֿעטס, װאָס דרינגט אַפֿילו דורך די קלײדער צום סאַמע לײב צו, און אין דער לופֿט שטײט אַלע־מאָל דער נידיענדיקער און צום האַרצן שלאָגנדיקער ריח פֿון באַ־נאָנאַ־איל, — אַװעק, אַװעק פֿון דער דאָזיקער תּפֿיסה, װאו ער האָט שױן אַזױ פֿיל יאָרן אָפּגעפֿינסטערט....

און אים האָט זיך איצט אַזױ שטאַרק, — װי אַ דורשטיקן, װעלכער שטעלט זיך פֿאָר אַ טרינק־װאַסער, װי עפּעס גאָר אַן אומ־

געווינלעכן תענוג, — איז האָט זיך איצט אַזוי שטאַרק פֿאַר־בענקט נאָך ליכט, נאָך איינפֿאַכן טאָג־ליכט, נאָך דער טאָג־טעג־לעכער זון־ליכטיקייט, — נאָך געווינלעכער, מענטשלעכער פֿרייד, וועלכע ער האָט ביז איצט אַזוי פֿאַרזען...

און מיטאַמאָל, אין אַן אָנפֿאַל פֿון חדוה אויפֿן גאַנצן פֿאַר־גאַנגענעם לעבן זיינעם, — און אין דעם כּסדרדיקן אָנשווימען אויף אים פֿון אָט דעם געהויבענעם און עקסטאַטישן געפֿיל, — האָט זיין פּנים אינגאַנצן אויפֿגעלויכטן פֿון אַ ווילדער פֿרייד. ער האָט מיטאַמאָל דערפֿילט מיט יעדן פּאָדים פֿון זיין גאַנצן נשמה־גע־וועב, אַז עפּעס אויסערגעווינלעכס וועט פּאַסירן היינט, ווען ער וועט קומען אין שאַפּ אַריין...

ער האָט זיך נאָך קלאָר ניט פֿאָרגעשטעלט — וואָס אַזוינס אויסערגעווינלעכס וועט עס דאָרטן פּאַסירן, אַז ער וועט קומען. אָבער עפּעס וועט זיכער דאָרטן פּאַסירן, עפּעס אויסערגעווינלעכס וועט זיכער פּאַסירן.... עפּעס אַזוינס, וואָס וועט מאַכן אַ גרויסן רושם אויף אַלעמען...

— עפּעס אַזאַ זאַך וועט ער דאָרטן אָפּטאָן, עפּעס אַזוינס, וואָס... וואָס...

יאָ, עפּעס אַזוינס, וואָס וועט אויסקויפֿן מיט זיין דערהויבנ־קייט און הערלעכקייט זיין גאַנצן ביזאַהעריקן לעבן... עפּעס אַזוינס, וואָס וועט האָרפֿן מכפּר־זיין זיין גאַנצן ביזאַהעריקן פֿאַרשמייעטן, יאָנגדיקן הינטישן לעבן.

און כאָטש ער האָט נאָך קלאָר ניט געוואוסט, וואָס אַזוינס דאָס וועט זיין, נאָר דאָך האָט זיך שוין באַלד אַ געהויבן בילד אָנגעהויבן אויסמאָלן פֿאַר זיינע אויגן.

ער האָט זיך פֿאָרגעשטעלט:

אין שאַפּ שטייען איצט אַלע מאַשינען. שטייען שטיל. מע אַרבעט ניט — האָרקן האָט זיך בשום אופֿן ניט געקאָנט פֿאָר־שטעלן, אַז די מאַשינען, וועלכע ווערן אַלעמאָל געלאָזן אין גאַנג מיט זיין וואָרט, זאָלן אייך איצט, ווען ער איז ניט געקומען, שפּרינגען און אַרומטאַנצן זייער פֿאַרשמייעטן טאַנץ, דעם טאַנץ

זייערן מיט די שטאַבעס, פּיסטאָנגען און שווינדלענדיק-לויפנדיקע רימענע פּאַסן, — פּינקט ווי געוויינלעך.

אַוודאי... עס שטייען איצט זיכער אין שאַפּ אַלע מאַשינען. און די אַרבעטער זיצן אויף די געשטעלן און אויף די קאַסטנס מיט די פּאַרפּאַקטע פּאַרטיקע לאָמפּן, זיצן אויף די שנייד-טישן און אויף די אָנגעהויפטע ראָלן מעש, זיצן אַזוי זיך-וואונדערנדיקע און האַלב-יום-טובדיקע, עסן הערוויל די מיטגעבראַכטע אָנבייסנס און שמועסן אַלץ, וואָס דאָ וועט זיין.

און דאָ...

דאָ קומט ער אַריין, — ער, בעני האָרקין, הייסט עס... ער גיט אַ מאַך מיט דער האַנט... עס ווערט שטיל... און ער... ער שרייט אויס בלויז דאָס פאָלגנדיקע:

— קינדער, מע אַרבעט ניט היינט... גייט, מאַכט זיך היינט אַ יום-טוב... פאַרלאָזט דעם שאַפּ... גייט אַהיים... ניטאָ היינט קיין אַרבעט (אָ, יאָ, אָט דעם ליגן וועט ער דאָך זיי מוזן זאָגן; אַז ניט וועט מען דאָך אים אָנקוקן, ווי אַ משוגענעם)... גייט היינט אַרום איבער די גאַסן פון דער שטאָט ניו-יאָרק... ס'איז היינט אַ ליכטיקער זומער-טאָג... (אַזוי האָט זיך עס האָרקין אין דער מינוט פאָרגעשטעלט, כאָטש ער האָט אַפילו קיין באַגריף ניט געהאַט, וואָס פאַר אַ וועטער עס איז איצט אין דרויסן, ווייל דעם דרויסן האָט ער קנאַפּ וואָס אָנגעזען אין די פּאָר מינוט, וואָס ער איז אינדערפרי דורכגעלאָפן די גאַס, דעם קורצן מהלך צווישן זיין היים און דער סאָבוויי-סטאַנציע). ברידער — וועט ער שרייען צו זיי — גייט אַרויס איבער די פעלדער פון אַרום ניו-יאָרק, איבער די פעלדער פון לאָנג-איילענד און ניו-דזשורזי, איבער די בערג און טאָלן פון סטעטן-איילענד און די באַוואַלדטע סטעזשקעס פון די פּאַליסאַדן... מאַכט זיך היינט אַ יום-טוב, ברידער... פאָרט אַרויס צו די וואַסערן פון האָדסאָן און אַטלאַנטיק, צו די ליכטיקע ברייטע וואַסערן פונם לאָנג-איילענד סאונד און סטעטן-איילענד סאונד... לאָזט זיך גיין שפּאַצירן איבער די שטילע, רויִקע געגנטן פון ברוקלין... ברידער, גייט אין די פּאַרקן און אין די אַקוואַריומס. גייט צו די

טייכן, צו די וועלדער, אין און אַרום אונזער שטאָט... ברידער מיינע — אַרויס פון שאַפּ!

און בעני האַרקין האָט זיך אַזוי אַריינגעאַרבעט אין זיין עקסטאַטישער שטימונג, אַז ער האָט שוין באַלד געגלויבט, אַז ער וועט עס טאַקע טאָן. יאָ, ער וועט עס טאַקע זיכער טאָן.

ער האָט זיך נאָך מער אַריינגעגעסן מיט די אויגן אין דער פינסטערניש פונם טונעל, וואָס האָט זיך שוין געהאַלטן ביים אויסלאָזן און בלייכער ווערן: דער צוג האָט זיך איצט דערנענטערט צום גרויסן מאַנהעטן-בריק. דאָס האָט מען געקאָנט פילן אינם פאַרשטאַרקטן הודערן פון די רעדער אויף די רעלסן.

און דאָ האָט האַרקין ווידער דערזען דעם ריטשאַקל וואַסער לעבן די רעלסן, — דער ריטשאַקל וואַסער איז אים, הייסט עס, די גאַנצע צייט, די גאַנצע צייט נאָכגעלאָפן... אָבער — צום לעצטן מאָל: באַלד לאָזט ער אים איבער הינטער זיך אין סאָבוויי, אָט דעם ריטשאַקל מיטנע וואַסער.... און האַרקין האָט אים דערווייל אַליין נאָכגעקוקט און כמעט אומבאַוואוסטזיניק געשעפּטשעט פאַר זיך דעם צווייטן פערז פונם זעלביקן לידל, וואָס ער האָט זיך פריער דערמאָנט, —

אָ, וואַסערל, וואַסערל,
טריקן-זשע אַיין...

און אַז האַרקין איז אין אַ האַלבער שעה אַרום אַריינגעלאָפן אין שאַפּ אַריין, איז אים אַנטקעגן געקומען מיט אַ טומלדיקער שפּאַרעניש דאָס געוויינלעכע הוזשען פון די מאַשינען...

האַרקין איז געבליבן שטיין אַ געפּלעפטער אין אַ צעטומלטער. קיינער, אויסער דער בוכהאַלטערין אין קאָנטאָר, האָט זיך אַפילו ניט געמאַכט קיין ווען, ניט פון זיין קומען, ניט פון זיין פאַרשפּעטיקן. דער אינזשענער האָט, ווייזט אויס, געלאָזט גיין די מאַשינען אין דער געוויינלעכער צייט. און האַרקין איז עפּעס געבליבן שטיין אַזוי, אַ פאַרשעמטער און אַ פאַרלאָרענער... ער האָט זיך געפילט כמעט באַליידיקט.

— ווי הייסטו עס... און מיר גאָר?...

ער האָט נאָך געדענקט אַפּילו אין די ערשטע מינוטן פֿון זיין אַריינקומען, אַז עטוואָס אַזוינס דאַרף ער נאָך זאָגן דאָ אין שאָפּ... יאָ, עטוואָס... עטוואָס אויסערגעוויינלעכס... כאָטש ער האָט נאָך אַליין ניט געוואוסט — וואָס אייגנטלעך. ער האָט אָבער באַלד אָנגעהויבן פֿילן ביי זיך אַ מאָדנע געפֿאַלנקייט, און אָפּהענטיקייט...

— הייסטו עס — טאַקע אָן אים, איך... און אים גייט די פֿאַבריק פּונקט אַזוי גוט, ווי מיט אים...

פֿאַרשעמט און קיינעם פֿון די פֿאַרביישמייענדיקע אַרבעטער ניט אָנקוקנדיק, האָט ער אָנגעהויבן גיך-גיך אַריינקריכן אין זיין אַר־בעטס-כאַלאַט אַריין.

נאָר אַז דער ליידיקער אַרבל האָט זיך אים אָנגעהויבן, ווי געוויינלעך יעדן טאָג, באָמבלען הינטערן רוקן ווי אַ צו-להכעיס-דיק, ווידערשפּעניק באַשעפֿענישל, — איז האָרקין איינגערעגט גע־וואָרן, איז אַריין אין כעס. עס האָט זיך אים פֿאַרוואָלט אַרויסווייזן אַ ביסל מאַכט, ווייזן, ווער עס איז דאָ באַלעבאָס...

— העי, טאָני, — האָט זיך האָרקין ווי געוויינלעך יעדן טאָג צעשריען — ווהער דהי העלל אַר יו? לעטס גאָ...

טאָני האָט אים אָפּגעמאָסטן פֿון קאָפּ ביז די פֿיס — ווי אַ שיכּורן... מסתמא איז ער די לעצטע נאַכט געווען אויף אַ הו־ליאַנקע און איז נאָך איצט אויך אַ ביסל באַטראַסקעט, — האָט טאָני פֿאַר זיך געטראַכט. האָט ער געקוקט אויף אים קלוגיטשקע אַזוי אַ שטיקל צייט, אַ קוועטש געטאָן מיט זיינע פֿעסטע ברייטע פּלייצעס, אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, און ענדלעך אַרויס מיט זיין לשון:

— אָל-רייט באָס, אָל-רייט... זשיסטאַ מינוטאַ... נאָ האַררי!

.1923

# גאָטס האַנט

אין דער שטאָט ניו-יאָרק האָט געוואוינט אַמאָל אַ מאַן. ער איז געווען אַ געוויינלעכער מענטש, און האָט זיך מיט גאָרנישט אונטערגעשיידט פון די אַנדערע מענטשן אין דער שטאָט ניו-יאָרק. ער איז געווען אַ קליין זעמדעלע ביים אַ גרויסן זאַמדיקן ים-ברעג. און זיין נאָמען איז געווען דוד, דוד שטיינבערג.

ה״ד שטיינבערג איז געווען אַ שניידער. אין ניו-יאָרק זיינען דאָך דאָ זייער אַ סך שניידער. איז איין שניידער מער, איין שניידער ווייניקער... לעבט זיך ה״ד רויק. דאָס הייסט — רויק פאַר אַן אויסערלעכן אויג, אָבער אין דער אמתן נישט אַלעמאָל רויק: פון מאָל צו מאָל פלעגט עפּעס פּאַסירן אין זיין לעבן. אַ קינד פאַלט אַוועק, זיין ווייב ווערט קראַנק. אָדער — אַלע זיינען טאַקע געזונט, ברוך-השם, נאָר ער אַליין גייט אַרום אָן אַרבעט. אָבער דאָס זיינען דאָך אַלץ קלייניקייטן און זיי פּאַסירן מיט יעדן מענטשן. איז וואָס שייך אַפילו דאָס, וואָס איך וועל אייך דאָ דערציילן וועגן דעם, וואָס ס'איז איינמאָל פאָרלאָפן מיט אים, איז אויך אַ קלייניקייט. נאָר ס'איז פרימאָרגן איצט און קיל אין דרויסן און קיל אַזוי אין קאָפּ, גלוסט זיך צו דערציילן...

אין יענער בראַנזשע פון שניידעריי, וואו דוד האָט געאַרבעט, איז גראָד געווען אַ שטרייק. דער קאַמף איז געווען אַ פאַרביטערטער. אַזוי האָבן געשריבן די צייטונגען, און זיי זיינען צעכאַפּט געוואָרן פון אונטער די הענט. ער האָט זיך שוין געצויגן זייער אַ לאַנגע צייט, דער שטרייק, אַלע פאָנדן פון דער יוניאָן

זיינען שוין אויסגעשעפּט געוואָרן. דער זייטיקער עולם איז שוין מידע געוואָרן פון נאָכאַנאַנד אַריינשיקן נדבות און באַשטייערונגען. דעם מאָגערן שטרייק־בענעפיט האָט מען שוין דעריבער פון דער יוניאָן־קאַסע געצאָלט ניט אַזוי רעגולמעסיק. פון דער יוניאָן־פּאַרוואַלטונג האָט מען אָנגעהויבן אונטערזוכן יעדן איינעם פון די מיטגלידער: ווער ס'האָט אַ גרעסערע פאַמיליע, ווער אַ קלענערע פאַמיליע, און ווער גאָרנישט קיין פאַמיליע. מען האָט יעדן איינעם געקוקט אין די ציין, אין קעשענע און אין האַרצן אַריין — יעדן איינעם חורך און דורך. נאָר ס'איז נאָך געווען גוט, אויב איינער האָט אָפּגעשפּאָרט אַ פּאָר דאָלער פון דער גוטער צייט בשעתן סעזאָן, ווען מען האָט געאַרבעט אַפילו איבער די געוויינלעכע אַרבעטס־שטונדן.

ווי אָבער, אַז נישט?

און ביי דודן אין הויז האָט שוין דער גלות געפּייפט אויף אַ הויך קול. און דוד — אַזוי ווי העלפן אין הויז האָט ער סיי ווי ניט געקאָנט, איז זיך פלעגט ער האָך יאָ העלפן אַ ביסל מיט דעם — פלעגט שוין אָפּליגן גאַנצענע טעג אין די שטרייק־לאָקאַלן, אָנגעהייכערט, טומלענדיק, רעדנער שרייען, גרעגערן, וואָרענען, סטראַשען, בלאָזן־אויף האָט ביסלעכווייז זיך פאַרלעשנדיקע פייער. אַזוי איז געשטאַנען אין די ציימונגען. איז זיצט מען איצט אין אַלע ווינקעלעך פון לאָקאַל און מען שפּילט אין קאָרטן, און דוד גייט אַרום, כמעט ווי אַ טויבער. ער הערט טאַקע אַלץ — דעם גאַנצן געפילדער און האַמידער, אַלע גערוישן, נאָר אַלץ עפּעס אַזוי ווי דורך אַ דיקן לייוונט, ווי דורך אַ זיפּ. אָפּגעריסענע ווערטער רייסן זיך צו אים דורך אָן אַ צוזאַמענהאַנג... ער פילט זיך, ווי אַ ישובניק אויף אַ יריד. אַזוי צעטומלט איז ער. דעם עיקר אָבער — פאַרשטייט ער: קיין סעטעל־מענט איז נאָך אַלץ ניטאָ. איז וואָס גייט אים אָן דער גאַנצער טומל?

און נאָך עפּעס קלערט אים אין קאָפּ, אין דעם דאָזיקן גאַנצן, געדיכט־לעבער־געדיכטן טומל: אינדערפרי, אַז ער האָט זיך שטילערהייט אַרויסגעדרייט פון די פאַרצווייפלטע שווייגנדיקע בליקן פון

זיין פּחי, איז אין הויז מער ניט איבערגעבליבן נאָר איין האַלבלעבל ברויט, און געלט — קיין גראָשן.

און בישלעכווייז פֿאַרשווינדן פֿאַר אים אַלע איבעריקע צעבראָכענע געדאַנקען און טומלערייען, וואָס רייסן זיך אים אין מוח אַריין פֿון דער טומלעניש פֿונעם לאָקאַל. אין קאָפּ הויבט אָן צוערשט איבערשפּראָצן אַ פֿינטעלע. נאָר ס'וואַקסט זיך באַלד פֿונאַנדער. ס'ווערט גרעסער און גרעסער, ס'פֿילט אינגיכן אוים זיין קאָפּ, ווי אין געדיכטע, שווער זיך־באַוועגנדיקע מאַסע:

— עסן! עסן! גוואַלט, וואָס נעמט מען געלט אויף צו קויפֿן עפּעס עסן פֿאַר דער היים! כאָטש עפּעס־וואָס פֿאַר די קליינע קינדערס וועגן! מען קאָן זיי דאָך, די קליינע עופֿעלעך, אויף טרוקענעם ברויט ניט שפּייזן!

אַזוי טראַכט און יאָמערט דוד אין זיך. און זיין טענה איז דאָך געווים אַ גערעכטע...

און אין די ווינקלען פֿונעם „האָל" זיצן חברה און שפּילן אין קאָרטן. אייב נישט ביי דודן, איז דאָך ביי אַ סך פֿון דער חברה דער שטרייק פּשוט אַ יום־טוב־צייט. מען רוט זיך טאַקע אָפּ! ווייל דער ענין איז דאָך אַזאַ: זוכן נייע אַרבעט דאַרף מען ניט, אַט ווי ווען מען גייט אַרום נאָר אָן אַ „דזשאָב" (אָן אָרט צום אַרבעטן), אַז מען טאָר גאָרנישט זוכן קיין נייע אַרבעט: מען דאַרף וואַרטן... ס'איז שוין רעכט: קהל זאָרגט זיך שוין. אמת, פֿאַרדינען פֿאַרדינט מען טאַקע גאָרנישט — אָבער קיין זאָרג איז אויך נישטאָ. פֿילט מען זיך אַזוי זאָרגלאָז, אָט פּונקט, ווי זעלנער אין אַ קאַזאַרמע — דער יאָך פֿון פּרנסה איז אַרונטער פֿון קאָפּ! און אַז אַן אָפּגעשפּאָרטער דאָלער איז נאָך דערצו אויך דאָ, איז דאָך גאָר אַ פֿרייע וועלט... ס'איז לעבעדיק, פֿריילעך. לעבן יעדן איינעם בערגלט זיך אַ קופּקעלע קוואָדערס, האַלבע דאָלערס, דיימס (אַמעריקאַנער מטבעות) און פּאַפּירן־געלט.

מיידלעך — יונגע, שפּראָצנדיקע טאַלענטן — גייען אַלע ווײַלע אַרויף אויף דער בינע, וואָס געפֿינט זיך אינמיטן לאָקאַל, זיי זינגען סאָלאָ, חיעט, שפּילן פֿידל. יונגע, אַמביציעזע קונסטלער — פֿילן

זיי זיך געקרענקט און באַליידיקט, וואָס דער פּראָלעטאַריאַט אין „האָל" שאַצט זיי נישט אָפּ, ווי געהעריק, אַז מען הערט ניט דאָס זינגען, מען הערט גאָרנישט דאָס שפּילן, צוליבן גרויסן גע-פּילדער און אַז מען אַפּלאָדירט שוין יאָ איינעם פון די קאָנצערטיסטן נאָכן ענדיקן דעם נומער, ווייסט קיינער ניט פון זיי וועמען מען האָט אייגנטלעך אַפּלאָדירט — פאַלט זיי איין: אפשר גאָר אַ וויץ פון איינעם פון דעם געזעמל... אַז צוליבן מומל קאָן מען דאָך דעם קאָנצערט ניט הערן... נ—נאַ... און זיי, די פאַרשיידענע, „פיל-פאַרשפּרעכנדיקע" אַרטיסטן, האָבן זיך עס נאָך אַרונטערגעלאָזט צום עולם אומזיסט...

מילא. גייען זיי אַרונטער פון דער בינע, אָנגעבלאָזענע, אָנגעדרודלטע, מיט אַשיקע, פאַרכמורעטע פּנימער, און טראַכטן, אַז פאַר אַ קינסטלער איז היינטיקע צייטן שווער צו קריגן אָנערקענונג, זייער שווער... און אַז בכלל: ס'איז נישטאָ קיין יושר און קיין גערעכטיקייט אויף דער וועלט — — —

ס'איז אָבער, יאָ דאָ יושר אויף דער וועלט, און ס'איז יאָ האָ אַן אייג, וואָס קוקט, ווי מיר וועלן עס באַלד דייטלעך זען.

אַז דער טאָג האָט זיך שוין גענויגט צום סוף זיינעם, שטעלט חיד שטיינבערג אָן זיינע טריט צו גיין אַהיים, דערדריקט און האָפענונגסלאָז. איז ווי ער גייט אַזוי אַרונטער פון די טרעפּ, דערזעט ער אין אַ ווינקל גאַניק ליגן עפּעס אַ צעקנייטשט „פּאַ-פּירל". גיט אים אַ טיאָכקע אין האַרצן. ער גיט אַ קוק רעכטס, ער גיט אַ קוק לינקס, און אַז קיינער זעט נישט, בויגט ער זיך איין אויף דער גיך און הייבט עס אויף. ערשט ס'איז אַ צען-דאָלער-בילעט.

די שטאַרק-ליכטנדיקע זון פון די לעצטע טאָג-שעהן האָט אים מיטאַמאָל אַ זעץ געגעבן אין קאָפּ אַריין. אַזאַ בליטיקע און רויטע זון איז עס געווען. און דוד איז שיר ניט אומגעפאַלן.

אַז ער איז געקומען שפּעטער אַהיים, האָט זיך דאָרט גלייך אָנגעהויבן אַ שושקען זיך צווישן אים און זיין פרוי. אַ קליינקייט. דאָס איז דאָך אַ גאַנצער אוצר! אַ קליינקייט, וואָס מען קאָן פאַר

אַזוי פיל געלט איינקויפן! זיי האָבן גלייך אויסגעשטעלט אַ הויפּש צעטל פון זאַכן, וואָס זיי וועלן קריגן פאַר דאָס געלט. מען האָט אַ שטיק צייט געמעקט, צוגעשטעלט, איבערגעשטעלט — לויט דער וויכטיקייט און נייטיקייט פון די זאַכן. און מאַן און ווייב האָבן זיך איצט געפילט אַזוי פריינדלעך און צוגעלאָזט איינער צום אַנדערן, ווי זיי וואָלטן געווען ערשט נאָך דער חתונה... אמת, זיך טאַקע גענוג אָנגעמוטשעט, אָבער איצט איז דאָך דאָ אויף אַ וואָך אַ גאַנצער אָדער מער צום עסן. ווייזט אויס, אַז מען טאָר קיינמאָל נישט פאַרצווייפלען, ווייל מען ווייסט דאָך — ניט אַנדערש ווי גאָט האָט...

גייט אַוועק די הודיכע אין קלייטל אַריין איינקויפן. ס׳בלייבט, אַז ביז זי וועט קומען, זאָל ער דאָ דערווייל אויפוועקן די קינדערלעך, וועלכע זי האָט אומישנע פרי געלייגט שלאָפן, כדי זיי זאָלן ווייטער ניט בעטן קיין עסן.

אין קלייטל האָט די הודיכע איינגעקויפט צוויי גרויסע פּאַפּירזעקלעך מיט אַלערליי עסנוואַרג. אַ שטאָלצע און אַ גליקלעכע, אַ שטראַלנדיקע און אַ צופרידענע האָט זי געקוקט אויפן קלייטניק און אויף די איבעריקע קונים. כ׳בין איצט גלייך מיט אַלעמען! כ׳שעם זיך נישט צו קוקן קיינעם אין פּנים אַריין! פון איר געזיכט האָט איצט אַזוי אַרונטערגעלויכטן, ווי זי וואָלט ניט אַנדערש גאָר, גאָר אַ גרויסן מטמון געהאַט איצט אין איר קעשענע...

אָבער אַז זי האָט צום סוף, ביים צאָלן, אַריינגעשטעקט די האַנט אין קעשענע, אַרויסנעמען דאָס געלט, איז די הודיכע געוואָרן טויט־בלייך. די זעקלעך מיט די עסנוואַרג זיינען איר איינציקוויז, איינציקוויז פון די אָרעמס אַרונטערגעפאַלן. הינטערווייַלעכס, ווי אין חלשות, איז זי צוריק געוואָרפן געוואָרן אויף אַ זאַק, וואָס איז הינטער איר געשטאַנען, אַ זאַק אַ קאַלטער, מיט עפּעס אַזעלכע גריין, אָדער הירזש. זי האָט אָנגעקוקט דעם קלייטניק מיט צעגלאָצטע אויגן. נישט אַנדערש — ס׳איז אַ פאַרבלענדעניש פונם שטן!

ווייל אין קעשענע איז ביי איר גאָרנישט געווען — קיין איין סענט.

אין יענעם קוואַרטאַל, טאַקע אין דעם זעלבן הויז, וואו דוד שטיינבערג האָט געוואוינט, האָט אויך געוואוינט נאָך אַ פּאָרפאָלק. קיין קינדער האָבן זיי נישט געהאַט. אין שאַפּ פלעגט דער מאַן פון אָט דעם פּאָר-פאָלק ניט אַרבעטן. ס'איז בכלל, נישט געווען באַקאַנט, וואָס יענער מאַן פלעגט טאָן. מען האָט אונטערגערעדט אויף אים, יאַקאָבי, אַז ער איז אַ שווינדלער, אַ קאָרטן-שפּילער, סתם אַ פאַרדעכטיקער פאַרשוין. ביז פאַרטאָג פלעגט זיין ביי אים ליכטיק אין די פענסטער, און אויב אין אַ וועלכער ניט-איז נאַכט פלעגט ביי אים זיין פינסטער, פלעגן הערנאָך די אַרומיקע שכנים, וואָס פלעגן גאָר פרי אין די פרימאָרגנס גיין צו דער אַרבעט, זען ווי יענער חברה-מאַן קערט זיך ערשט אום אַהיים — שוין, ווייזט אויס, נאָך דער אַרבעט...

נו, איז וואָס פאַר אַ מאַן, אַזאַ פרוי.

גייט די דאָזיקע פרוי אַרונטער דעם זעלביקן אָוונט, וואָס די הודיכע, אין קליט אַריין איינקויפן פאַרן מאַן עסן. ניט קיין וועטשערע, נאָר פרישטיק ערשט, ווייל אַ גאַנצן טאָג איז דאָך דער מאַן אירער געשלאָפן... ער איז אָקאָרשט אויפגעשטאַנען, אויפגעשטאַנען פאַר זיין נייעם טאָג — פאַר זיין נייעם אַרבעטס-טאָג, ווען ביי ערלעכע מענטשן איז גאָר איצט נאַכט.

גייט זי אַריין אין קליט אַריין און שטויסט זיך אַזוי צווישן די קונים. זי שאַרט זיך האַרט ביי דעם, ביי יענעם: מאַלע, וואָס עס קאָן זיך פון דעם אַרויסשאַרן... ערשט זי באַמערקט, וואָס פאַר אַ שטראַלנדיק פנים די הודיכע האָט. איז זי דאָך נישט קיין נאַר, די דאָזיקע בחורטע — פאַרשטייט זי, וואָס דאָס באַטייט. רוקט זי זיך פאַמעלעך צו צו דער הודיכע, שטופּט אַריין די האַנט אין יענערס קעשענע אַריין. גיך, אייגנבליקלעך, איינס און צוויי — זי האָט שוין געקענט די מלאכה, האָט עס שוין ניט איין מאָל אָפּגעטאָן — און פאַרטיק. אַרויסגענומען דאָס פאַפּירענע צענדאָלערדיקע. — —

נו, זאָל איך אייך באַשרייבן, וואָס עס איז פאָרגעקומען יענעם אָוונט אין דוד שטיינבערגס הויז — — — ס'איז נאָך געווען טונ-

קעלער אין דערדריקטער, ווי פֿריער. פֿריער, הײנט אַ גאַנצן טאָג, ווי איך, די פֿריערדיקע טעג, איז אין שטוב איך געווען דער הונגער, אָבער אַצינד איז דאָך שוין די שיסל געקעכטס, פֿון וועלכער ס׳שלאָגט אַזאַ מחיהדיקע פּאַרע, שוין געווען אונטערן נאָז — און פֿלוצלונג צוגעכאַפּט, און די קינדערלעך, וועלכע מען האָט אױפֿגעוועקט פֿון שלאָף און זײ האָבן זיך דערשראָקענע צעוױינט, און ווען דער פֿאָטער האָט שוין דערציילט אַלץ, און אײנגענומען מיט דעם, האָב פֿאַר אַ גוטע זאַכן די מאַמע וועט באַלד ברענגען — זײ האָבן זיך איצט נאָך שטאַרקער פֿונאַנדערגעוױינט, ווען די מאַמע איז געקומען מיט ליידיקן. און דער פֿאָטער פֿילט זיך פֿאַרביטערט, און וויל — אָבער אַלץ אין דער שטיל, אין זיך, ווייל אַ פֿרעמער מענטש איז ער פֿאָרט געווען — עפּעס לעסטערן.

— צי וואָס רײצט מען זיך נאָך מיט אים? געבן — און צוכאַפּן? פֿאַרוואָס קומט אים? אַמער, גיט מען לכתחילה נישט...

פֿרעגט ער נאָך אַמאָל איבער בײ דער פֿרױ זײנער, מיט אַן אײנגעהאַלטענעם כעס שוין:

— אָבער ווי-אַזוי... פֿאָרט ווי-אַזוי... ווי-אַזוי פֿאַרלירט מען עס גלאַט אַזוי אַ צענערל?

ווייסט זי אַלײן נית. זי קאָן זיך גאָר אַלײן ניט פֿאָרשטעלן, ווי אַזוי עס האָט פּאַסירט? אָט, עס פּאַסירט דאָך אַמאָל אַ ליקוי-חמה, צי אַ ליקוי-לבנה... מ׳ווייסט דען, ווי-אַזוי? ס׳קומט פֿון ערגעץ... אפֿשר האָט זי עס אומגערן אַרויסגעוואָרפֿן, אַרויסנעמענדיק עפּעס אַ טיכעלע פֿון קעשענע, צי וואָס. און אפֿשר איז גאָר די קעשענע אַ צעריסענע...

און זי הויבט נאָכאַמאָל אָן זוכן אין קעשענע, טרייסטנדיק זיך אין אַ ווייטן ווינקעלע פֿון איר נשמה, אַז טאָמער איז די קעשענע טאַקע אַ צעריסענע. כאָטש זי ווייסט גאַנץ גוט, אַז די קעשענע איז אַ גאַנצע. און, צוריק גערעדט — אַז אַ צעריסענע, איז וואָס? שוין דאָך סיי-ווי פֿאַרפֿאַלן. יאָ, אָבער זי האָט געדאַרפֿט זען פֿאַרנײען!... ס׳איז דאָך שוין אָבער פֿאָרט פֿאַרפֿאַלן?

נאָר כ׳וויס — — — טאָמער! טאָמער איז די קעשענע פּאָרט אַ צעריסענע — — — נו, יאָ, איז וואָס העמאָלט?

און ווי זי זוכט אַזוי אין קעשענע — און די קעשענע איז טאַקע אַוודאי געווען אַ גאַנצע — ערשט זי דערטאַפּט אין אַ ווינקעלע עפּעס אַ קליינס, אַ האַרטס, — אַ שטיינדעלע. נעמט זי עס אַרויס — און ביידע, מאַן און ווייב, ווערן מיט אַמאָל פאַרבלענדט. זיי פאַלן צוערשט אָפּ אויף צוריק, פון גרויס וואונדער, און פאַלן דערנאָך צוריק צו דעם צו, צום שטיינדעלע, און לאָזן באַלד ביידע אַרויס אַ שטיל געשריי, צי פון גרויס ווייטאָג, אָדער פרייד.... און די קינדער הייבן גאָר אָן וויינען און שרייען... נאָר באַלד בלייבן זיי אויך אַזעלכע פאַרגאַפטע. און קוקן אָן טאַטע-מאַמען, ווייל טאַטע-מאַמע שטייען אַזוי די גאַנצע צייט, ווי פאַרשטיינערט. צווישן זיי, אין דער איינגעשלאָסענער זייל ליכט, וואָס צווישן זיי, לויכט און שימערט דאָס שטיינדעלע — אַ קליינע זון צווישן צוויי פינגערע בערג. און אינם לאָמפּן-ליכט לאָזט עס אַרויס פון זיך גאַנצע סנאָפּעס שטראַלן, ליכט, בלענדעניש — — —

שפּעטער, אַז זיי האָבן זיך באַרויקט, האָבן זיי אָנגעהויבן פאַרשטיין, וואָס ס׳האָט דאָ מסתמא פּאַסירט. ביים גנב, פון גרויס איילעניש, האָט זיך, וואַרשיינלעך, דער דימענט אַרויסגעגליטשט פון דער ראַם אויפן פינגערל, בשעת ער, — הודס פרוי איז באַשטאַנען אויף דעם, אַז ס׳איז געווען אַ מאַן: וואָס דען, אַ פרוי וועט דען האָבן אַ האַרץ? — בשעת ער האָט אַרויסגעלקחנט די צען דאָלאַר.

מילא, אַ שיינע ריינע כּפּרה. איז די פרייד איצט געקומען אין שטוב צו די שטיינבערגס נאָך שטאַרקער און טיפער. נאָר אַזוי ווי זיי האָבן זיך געשראָקן אַרויסצוגיין אויפן גאַס מיטן דימענט, האָבן זיי זיך שוין איצט אַזוי געלייגט שלאָפן הונגעריק טאַקע. אָבער פאָרט נישט פילנדיק מער דעם הונגער — לופטיקע און גרינגע אַזעלכע מענטשן, — מענטשן, וואָס ווערן געטראָגן אויף נייע, גרינגע, פאַנטאַסטיקע ווינטן — — —

און אויף מאָרגן גאַנץ פרי איז דוד אַוועק אין לאָמבאַרד, פאַרמשכּנען דעם דימענט. דעם גאַנצן וועג צום געשעפט איז ער

ניִשט געגאַנגען, נאָר געלאָפֿן, זיך אַלע װײַלע אומגעקוקט, און געפֿילט, אַז ער טוט עפּעס שלעכטס... כאָטש װאָס שײך — ס'איז דאָך אַ גנבֿס? איז װידער אַמאָל — װעמען קאָן ער דען דאָס אומקערן? ער װײסט דען, װער עס איז?

דער אַלטער ײִד, דער אײגנטימער פֿונם לאָמבאַרד, האָט דעם דימענט אַ שטיק צײַט געװויגן, באַטראַכט און אים געװייקט נאָכאַנאַנד אין אַזעלכע כעמישע װאַסערלעך. צום סוף האָט ער דעם דימענט אַװעקגעלײגט אויף אַ בלעטל פּאַפּיראָס־פּאַפּיר, האָט אַ ביטערן קרעכץ געטאָן, זיך אָנגעהויבן באַקלאָגן אויף די געשעפֿטן, װאָס גײען איצט שלעכט — נישט נאָר זײַנע געשעפֿטן אַלײן, נאָר בכלל געשעפֿטן איצט.... נו, און אויב, אַז בכלל גײען די געשעפֿטן שלעכט, איז דאָך שוין בײַ אים אַװדאי — — — אַז מען קױפֿט נישט אױס די משכּנות... פֿאַרקערט: מען האַלט אַלץ אין אײן ברענגען נײַע... ליגן בײַ אים קעסטלעך גאַנצע מיט דימענטן! נאָר מילא — הונדערט דאָלאַר װעט ער אים אױפֿן משכּון געבן.

אַז דוד איז אַרויס מיט אַ קלאַפּעדיק האַרץ פֿון געשעפֿט — מיט אײן האַנט צוהאַלטנדיק דאָס האַרץ זײַנס, עס זאָל ניט אַזױ שטאַרק קלאַפּן און מיט דער צװײטער שטײף צודריקנדיק די „בילס" אין קעשענע, זײ זאָלן ניט אַרױספֿליִען — האָט זיך דער אַלטינקער „פּאַונבראָקער" שטיל פֿונאַנדערגעלאַכט פֿאַר זיך און געריבן די דאַרע הענטלעך, און אונטערגעטאַנצט אַזש פֿון חדוה... װײַל דער דימענט איז זיכער װערט געװען די פֿולע פֿינף הונדערט דאָלער!

און דוד — איצט איז ער שוין נישט געלאָפֿן, נאָר ער איז געגאַנגען אַהײם, געגאַנגען אַ שװײַנדיקער, אַ שטילער, אַן איבערגעפֿילטער מיט אַלערלײ דערהױבענע געפֿילן. אַ שטיל־טראָגנדיקער און אַ ליבע־זאַטער, װי די ערד אין פֿרילינג־צײַט. און זײַן מוח האָבן געראַיעט איצט אָן אַ שיעור פֿרומע מחשבֿות און בענטשונגען. װײַל מסתּמאָל האָט ער זיך דערפֿילט, װי אײנער פֿון עפּעס אַ גרױסער, אַ גרױסער משפּחה... יאָ. מען גיט אַכטונג אױף אים, מען גיט אַכטונג אױף אים... גאָט

זעט, ווער עס איז דער גערעכטער. עס איז דאָ אַן איינ, וואָס קוקט שטיל צו, ערגעץ פון דער הויך, שווייגט הוכט זיך, — אָבער באַלוינט שוין די גערעכטע אין דער געהעריקער צייט. ס'קאָן זיך אפשר אַמאָל דאַכטן, אַז ניין, אַז ס'איז ניט אַזוי, אַז אַלץ איז הפקר, אַז ס'איז לית דין ולית דיין. כאַפּ און נעם. און דאָס איז נאָר, וואָס ס'איז דאָ אין לעבן — סדאַכט זיך אָבער מער ניט בלויז אַזוי. אין דער אמתן אָבער — אָט זעט איר דאָך אַליין — איז יאָ דאָ אַ השגחה, איז יאָ דאָ אַ פאָטער אין הימל...

און אין אים, אין הויך, הייבט עס אָן זינגען אַזוי פריידיק, ווי עס פאַסירט אַמאָל מיט מענטשן. כאָטש זעלטן אַפילו, אַז מען ווערט אַזוי אינגאַנצן שטום פון פרייד, פון אינערלעכער... עס זינגט אַזוי שטיל און וואונדערלעך אין אים:

ס'איז דאָ אַ פאָטער.
ס'איז דאָ אַ פאָטער...
קיין יתומים זיינען מיר...

אין די הייכן — איז דאָ אַ פאָטער... די העכסטע פרייד..
ער האָט אַפילו גאָרניש באַמערקט דעם וועג אַהיים.
און אַז ער גייט אַזוי אַריין אין שטוב, אַ שטילער און לייכטנ-דיקער — ווי ער פלעגט אַמאָל, אין דער אַלטער היים, אין אַ יום-טוב-טאָג קומען מיט אַזאַ געפיל פון שול אַהיים — ערשט ער טרעפט האָרט אָן אַ פרעמדע פרוי. ווער איז דאָס? דאָס איז אַ שכנה פונם הויז. טאַקע די זעלביקע שכנה, אויף וועמען מען רעדט עס אַזוי שטאַרק אונטער. ער דערקענט זי גלייך. איז וואָס-זשע וויל זי?

שטייט אַזוי די פרוי, און טרערן-ריטשקעלעך גיסן זיך איר איבערן פנים און לאָזן-איבער לאַנגע סטעזשקעלעך איבן אָנגעפודערטן געזיכט אירן. זי קלאַפּט זיך אין האַרצן הילכיק אַזוי און וויינט אויף אַ קול:

— אָ, פאַרשאָלטן זאָל ווערן יענע זינדיקע מינוט, ווען דער שטן האָט מיך איבערגערעדט! אָ, ס'איז געווען עפּעס אַ מין

אָנפֿאַל פֿון משוגעת, אַ מין צעמישעניש איז אויף מיר אָנגעקומען, דאָס ערשטע און לעצטע מאָל אין מיין לעבן... אָ, אָ, גוטע מענטשן, האָט רחמנות אויף מיר, פֿאַרגיט מיר! אָ, ווי איז צו מיר!

און פֿאַלט צו, און קושט אַלעמענס הענט, און וויינט, און קלאָגט, און חזרט אַלץ איבער, דערשטוינענדיק דערמיט דורך און זיין פּתּי:

— איך, איך בין די גנבטע!

אַז זי, די דאָזיקע גנבטע איז נעכטן געקומען אַהיים און זיך געכאַפּט אָן איר אומגליק, האָט איר מאַן זי אָנגעהויבן נהרגן און שלאָגן מכּות רצח! די שיינע פֿאַרדינערין! גנבעט אַהיים אַ צען־דאָלערדיקס און פֿאַרלירט דערביי אַ דימענט אַ גאַנצן, וואָס איז זיכער ווערט געווען טויזנט דאָלער, אַ מציאה פֿון אַ גנב! באשר, ווייל אים איז דאָס גרינג אָנגעקומען? און ווער זאָגט עס דען, אַז גרינג — ער שטעלט דאָך אַלע מאָל איין זיין לעבן — אַ לײַדע קלייניקייט, און ער איז אַ פֿאַרפֿאַלענער!

איז ער, דער שיינער מאַן אירער, געווען גערעכט אין זיינע טענות. אָבער מיט דעם, מיט טענות, האָט זיך עס נישט געענדיקט. ער האָט זי אָנגעהויבן שלאָגן, און ער האָט זי אַזוי לאַנג געממיתט, ביז וואַנען זי האָט אים געמוזט צוזאָגן, אַז זי וועט די ערשטע זאַך מאָרגן אינדערפֿרי אַריינגיין נאָכן דימענט. „נישקשה, — האָט דער טייערער מאַן מיט איר אײַנגעטענהט — כ׳קאָן זיי גוט, די דאָזיקע יאָלדן — אַ געוויין, אַ קרעכץ, אַ האַרציק וואָרט, פֿרומע רייד, אַ חרטה־פּנים, אַ צוזאָג, אַז מער שוין קיינמאָל ניט, אַ פֿאַרצווייפֿלט אויסזען, אַן אָנצוהערעניש, אַז דיין גאַנץ צוקונפֿטיק לעבן הענגט אָפּ אָן דעם, צי מען וועט דיר כאָטש דאָס איינציקע מאָל געבן אַ געלעגנהייט. אַז ניט ביסטו און דיין מאַן — דאַרפֿסטו זאָגן, אַז דיין מאַן ווייס נאָך גאָרנישט פֿון דעם, איז אַז ער וועט זיך פֿון דעם דערוויסן, וועט ער דיך פּשוט דערהרגענען, דערפֿאַר ווייל ער איז זייער אַ בייזער, הי הערסטו? — אויף אייביק רויניִרט. און זיי וועלן ווייכער ווערן, זיי וועלן שוין ווייכער ווערן".

און דאָס זיינען טאַקע אויך געווען די רייד, וועלכע די שכנה האָט איצט ווינענדיקערהייט אַרויסגעכליפּעט. דאָס כליפּען איז איר איצט אַגב נישט אַזוי שווער אָנגעקומען, ווייל דעם מאַנס קלעפּ און סטוסאַקעס האָבן איר נאָך אַלץ וויי געטון, טאַקע אויף דער אמתן.

אַז דוד האָט דערהערט, אַז דער מאַן אירער, ווען ער וועט זיך דערוויסן, וועט ער זי שלאָגן מכּות רצח — יאָ, ער האָט שוין האָך געהערט, פּונקט ווי די איבעריקע שכנים, פון אָט דער האָזיקער צאַצקע — האָט אים פאַרנומען דאָס האַרץ גאָר שטאַרק.

און די הודיכע, אַז זי זעט, ווי אַ פרוי שטייט פאַר איר אַ פאַרשעמטע און אַ נכנעדיקע, אַ זינדיקע און אַ געפאַלענע, און שלאָגט זיך אין האַרצן, און רופט זיך אַליין אָן מיט די מיאוסטע נעמען — האָט זי שוין אַליין ניט אָנגעהויבן ווינען.

טראַכט די הודיכע:

— אָט, ווי ווייט אַ פרוי איז שוין דערנידעריקט געוואָרן! וועל איך זי לאָזן פאַלן נאָך נידעריקער? וועל איך דערלאָזן, אַז דער מאַן זאָל זי טויט־שלאָגן, אַז איר גאַנץ לעבן, וועלכעס ליגט איצט ביי מיר אין די הענט, זאָל אַזוי פאַרלוירן גיין?

טראַכט דוד:

— מילא, ס'איז טאַקע אַ מיאוסע עבירה צו גנבענען, אָבער זי איז דאָך שוין דערפאַר געשטראָפט געוואָרן. און ווער איז דאָס, מ'שטיינס געזאָגט, בכלל ריין... אָט, צום ביישפּיל, איך אַליין: בין איך דען אַליין נישט לאַנג צוריק געגאַנגען פאַרמשכּונען אַזאַ פאַרדעכטיקן רימענט... און אַז גאָט איז שוין געווען אַזוי גוט צו מיר, זאָל איך זיין אַזאַ רשע און אומגליקלעך מאַכן צוויי מענטשן אויף זייער לעבנס־לאַנג? — —

און אַז מאַן און ווייב, יעדערער פאַר זיך, האָבן אָפּגעטראַכט אַזוי — האָבן זיי דערנאָך אויפגעהויבן די בליקן איינער אויפן אַנדערן, און באַלד זיי ווידער אַרונטערגעלאָזט שטילערהייט: זיי האָבן זיך פאַרשטאַנען... גיט הודס פרוי איבער דער שכנה דעם צעטל פונם לאָמבאַרד, און דוד נעמט אַרויס פון זיין קעשענע די צוויי

קנאַקעדיקע, טרעשטשענדיקע פּיפּציקער, וואָס ער האָט אָקאָרשט געבראַכט פון לאָמבאַרד, און גיט זיי אויך איבער דער שכנה.

— גייט, לייזט־אויס דעם דימענט...

און די שכנה, די גנבטע, פון איר זייט, נעמט אַרויס פון זאָק — זי האָט זיך גאָרנישט געשעמט פאַרן פרעמדן מאַנסביל: זי האָט פאַרריסן דאָס קליידל ביזן קני און אַרויסגענומען פון האָרטן אַ צען־דאָלערדיק פּאַפּירל און גיט עס איבער דודן.

— נאַט אייך צוריק אייער געלט און זייט מיר מוחל!

און זי איז אַרויס. אויף יענער זייט טיר האָט זי זיך שטיל פונאַנדערגעלאַכט אויפן חשבון פון די ע״לעכע יאָלדן.

און די דודיכע איז ווידער געגאַנגען אין קלייט אַריין, אײַנקויפן עסנוואַרג. זי האָט שוין איצט שטייף, פאָרזיכטיק, צוגעהאַלטן אין האַנט דאָס קנאַקעדיקע צען־דאָלאַרל.

— זאָל זי עס אַ צווייט מאָל נישט פאַרלירן!

און דוד, וואָס איז געבליבן אין שטוב, איז געווען דאָפּלט־פריידיק. נאָך אַלעמען האָט ער דאָך גאָרנישט פאַרלוירן, אי ער האָט דאָס געפּינענע געלט צוריק באַקומען, אי ער האָט פאַרמירן אַ גרויס אומגליק אין דער שכנהס פאַמיליע, אי ער האָט געהאַט דאָס פאַרגעניגן, וואָס איינער האָט, ווען מ׳טוט אָפּ אַ זייער נאָבעלע טאַט... יאָ, ס׳איז קלאָר, גאָט האָט אים פאַר׳ן גאַנצן לעצטן מעת־לעת געפּרווט — דאָס האָט דוד איצט באַשײַנפּערלעך געזען: וויפיל מענטשן וואָלט זיך עס וועלן שיידן מיט אַ דימענט, וואָס איז ווערט אַ טויזנט האָלער און וואָס קומט פון אַ גנבטע, וועלכע האָט נאָך פאַרלירן דעם זעלביקן דימענט אינם סאַמע מיטן פון אַ נייער גנבה?

ער איז אָבער דעם נסיון בײַגעשטאַנען. ער איז איצט אַרומגעגאַנגען באַגײַסטערט איבערן שטוב און האָט זיך געפילט אַ געלײַטערטער און אַ בעסערער מענטש, ווי ווען עס איז פריער, און האָט געדאַנקט גאָט דערפאַר. ווײַל כאָטש ער האָט שוין לאַנג ניט אַכטונג געגעבן אויף פרומקייט, איז דוד דאָך געווען אַן ער־

לעכער מענטש, און האָט קלאָר געזען, אַז ס'איז יאָ דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט.

און ווי דער ערלעכער שניידער, ה״ה שטיינבערג, שפּאַצירט אַזוי אַרום איבערן שטוב אין גרויס צופֿרידנקייט און לײַטערקייט, און רייבט זיך אַזוי די הענט פֿון שטילער הנאה, עפֿנט זיך אויף די טיר און עס קומט אַרײַן זײַן פֿרוי. זי קומט אַרײַן אָן פּעקלעך עסנוואַרג, מיט אַ ליידיקן קערבל. בלייך געל, ווי אַ כאַרלעגן שטיקל פּאַפּיר, איז איר געזיכט. זי דערלאַנגט אים צוריק דאָס צענערל. —

— דער קרעמער וויל עס ניט נעמען. ער זאָגט, ס'איז אַ פֿאַלשס.

פֿאַלט ביי הירן אַרויס דאָס פּאַפּירל פֿון די הענט, פֿלאַטערט אַ ווײַלע אין דער לופֿט, זיגזאַגיש, הין־והער, און לייגט זיך דערנאָך גלייכגילטיק אַוועק אויף דער פּאָדלאָגע. בלייבט דוד שטיין אַזוי, אַ געפּלעפּטער. מיט אָן אָפּענעם מויל. פילט ער זיך איצט אַזוי צעמישט, ווי עמעצער וואָלט אים פֿון דער הויך מיט אַ שווערן קלאָץ איבערן קאָפּ געגעבן, אַזוי צעטומלט ווערט ער... און אין דער צעטומלעניש דוכט זיך אים טאַקע צו זען אַ גרויסע האַנט אַזאַ, אַ ביינערדיקע האַנט, אַ צעקנייטש־קנאָכעדיקע, אַ פֿעליקע... און הינטער דער האַנט — אַן אומגעלומפּערט ריזיק געזיכט, אַ פֿאַרקרימטס און אָפּשפּעטנדיקס און די האַנט פֿאַלט אויף אים אַרויף מיט שפּאָט און פֿלאַטשעט אים צו, דריקט אים אַזוי צו, ביז סאַמע דער ערד...

שאָקלט זיך הדה אַ ווײַלע אין דער לופֿט און ווי אַן אונטערגעזעגטער בוים, פֿאַלט ער צו מיט אַ הילך צו דער וואַנט.

.1921

---

# דערציילונג פֿון צוויי ציגעלעך

אין ניו־יאָרק זיינען דאָ אַ סך אָנגעקומענע מענטשן. מענטשן, וואָס זיינען נישט געבוירן געוואָרן דאָ אינעם לאַנד אַמעריקע, נאָר אין אַנדערע לענדער, אויף יענער זייט אָקעאַן. אין דער שטאָט ניו־יאָרק וואוינען נאָך אַ סך פֿעלקער. און סע וואוינען דאָ אויך אַ סך ייִדן און איטאַליענער.

אויף אַ פֿאַרלעגענער גאַס אין די בראָנקס (אַ פֿאָרשטאָט פֿון ניו־יאָרק) האָבן געוואוינט צוויי משפּחות, אַ איטאַליענישע און אַ ייִדישע. די גאַס איז געווען אַ קליינע, און ביידע משפּחות האָבן געוואוינט אין איין קוואַרטאַל. אָט די גאַס איז געווען ווייט פֿונעם טומלדיקן טייל שטאָט. דאָ זיינען געווען אַ סך גערטנדלעך און אַ סך ביימער. און די אַרומיקע גאַסן זיינען נאָך געווען ליידיקע, ניט קיין באַוואוינטע. זיי זיינען נישט לאַנג צוריק דורכגעהאַקט דורך פֿעלזן און שטיינער. ביי די זייטן גאַס האָט מען נאָך געקענט זען די פֿיל פּלאַסטן מיט אומבאַרירטן פֿעלז, וואָס איז דורך מיליאָנען יאָרן געלעגן אַזוי אומבאַרירט, איין פּלאַסט אויפֿן אַנדערן, ווי די פֿיל בלעטלעך פֿון אַ יום־טוב־פֿלאָדן. די ערד פֿון ניו־יאָרק איז אַ שטיינערדיקע, און די שטאָט איז אויסגעבויט אויף פֿעלזן, און די מענטשן זיינען אויך ביסלעכווייז געוואָרן אַזעלכע שטיינערדיקע.

איינמאָל אין אַ פֿאַרנאַכט איז דער איטאַליענער געזעסן אַזוי אויפֿן גאַניק פֿון זיין הויז.

ער איז געווען אַ גאַסן־ריניקער. אַ גאַנצן טאָג פֿלעגט ער ריניקן

די גאַסן, פרעמדע גאַסן, נישט זיינע. ער פּלעגט דעמאָלט זיין אָנגעטאָן אין ווייסן און אויסזען גאָר אַנדערש, ווי אין דערהיים. אָבער פאַרנאַכט פּלעגט ער קומען אַהיים, זיך אָרומוואַשן, זיך איבערטאָן אין געוויינלעכע מענטשלעכע קליידער און ווערן אַ מענטש, ווי אַלע מענטשן.

ער האָט געהאַט לעבן זיין הויז אַ גערטנדל, וואו ער פּלעגט יעדן פרילינג פאַרזייען קרויט און קוקורוזע, סאַלאַט און בוריקעס, ציבעלקעס און רעטעכלעך, מייערן און פּאַסגליעס. אַלערליי פּאַסאָליעס, פון די פאַרשיידנסטע קאָלירן, גלאַטע און באַפּינטלטע, אויף קיסטעס און אויף שטעקעלעך. מיט דער אַרבעט אין גאָרטן פּלעגט ער זיך קוויקן יעדער פאַרנאַכט, ווען ער פּלעגט קומען אַהיים. ווייל דאָס איז דאָך געווען דער גאָרטן, וועלכן ער האָט פאַרזייט מיט זיינע אייגענע הענט, און ער האָט געהאַט דערפון גרויסע פרייד.

אָבער איצט, אין אָט דעם פאַרנאַכט, איז ער אַזוי געזעסן איבן גאַניק פון זיין הויז אַן אומעטיקער און אַ פאַרטראַכטער.

ס׳איז שוין געווען האַרבסט. פון גאָרטן האָט מען שוין אַלץ אַרונטערגענומען. פון דער גרויער, צעגראָבענער ערד האָבן בלויז דאָ און דאָרט אַרויסגעקוקט שטעקנס און שטעקעלעך, אָפּגעבראָכענע קוקורוזע-שטעקענער. נאָר די קרויט-קעפּלעך האָבן פון דער ערד אַרויסגעשמעקט, רויטע און פּורפּורנע, און בלויע, און אָראַנזש-פאַרביקע. די פאַרבן פון דער קרויט האָבן זיך אין אָט די טעג געהאַלטן אין איין גיכן בייטן זיך, כמעט מיט דער זעלביקער גיכקייט, ווי די פאַרבן אין הימל בשעת זון-פאַרגאַנג. ס׳האָט אויסגעזען זייער וואונדערלעך.

נו, איז שוין איצט אין גאָרטן גאָר ניטאָ וואָס צו טאָן. זיצט אַזוי דער איטאַליענער אינעם אָוונט און אים איז אומעטיק. און ווייל אים איז אַזוי אומעטיק, פאַרבענקט ער זיך. פאַרבענקט זיך נאָך איטאַליע, נאָכן לאַנד, פון וואַנען ער איז אַהער געקומען. דאָרט האָט ער געוואוינט אין אַ ווילדער באַרגיקער געגנט. און ער זעט איצט, אינעם זוניקן פאַרנאַכט, די ליכט-באַגאָסענע זיילן פון די שוין לאַנג-צעשטערטע אַמאָליקע פּאַלאַצן

אין אַלטע מוידן, וואָס האָבן זיך געפֿונען אין יענער באַרגיקער געגנט, וואו ער האָט געוואוינט אין איטאַליע.

ער אַליין האָט דאָרט געהאַט זייער אַ גרויסן סאָד און נאָך אַ גרעסערן גאָרטן. דער גאָרטן האָט זיך בײַם ברעג באַרג אָפּגעהאַקט און איז אַראָפּגעהאַנגען איבער אַ ברוינעם ים. די בערג זײַנען האָרטן געווען אַזעלכע ווילדע, און ער פֿלעגט זיך יאָגן האָרט נאָך ווילדע סאַרנעס און ציגן.

די ציגן זײַנען געווען ווילדע, נאָר ער האָט זיי מיט געוואַלט און מיט אַ סך דויער צוגעוווינט צו זײַן הויז.

איז פֿאַלט אים אײַן, אינם האָזיקן אָוונט, אַז ער וואָלט דאָך דאָ, אין ניו־יאָרק, אויך געקאָנט האָבן אַ ציג. אויב ער קאָן ניט כאַפּן קיין ווילדע ציג, קאָן ער דאָך קויפֿן אַ ציג. פֿונם ציגן־מילך וואָלט ער געקאָנט מאַכן אייגענע היימישע קעז, און קעז פֿון ציגן־מילך האָבן איטאַליענער אַזוי ליב.

איז אַז ס'איז געוואָרן קילער אין דרויסן, און ס'זײַנען שוין אויסגעפֿאַלן די ערשטע שנייען, האָט זיך אין איינער אַ נאַכט געלאָזט הערן איבער די אַרומיקע לייריקע גערטנער און פּוסטע גאַסן האָס מעקען פֿון אַ ציג.

אויף דער זעלביקער גאַס, ווי איך האָב שוין פֿריער דערמאָנט, האָט אויך געוואוינט אַ יידישע פֿאַמיליע: אַ טאַטע מיט אַ מאַמע און אַ טעכטערל. דאָס טעכטערל האָט געהייסן מערע. די מאַמע פֿלעגט פֿאַרציען איר נאָמען און זי רופֿן: מערעלע. אַמאָל פֿלעגט זי שפּאַסן:

— מערעלע, מערעלע, היינט איז האָך בײַ אונז דאָ צו עסן אַ מערעלעך־צימעס!

מערעלע האָט אַמאָל געהאַט אַ שוועסטערל, איז זי געשטאָרבן. פֿון דעמאָלט אָן טרעפֿט עס אָפֿט, אַז מערעלע שלאָפֿט ניט בײַנאַכט.

איז ווי מערעלע ליגט אַזוי אין טראַכט, דערהערט זיך דאָס מעקען פֿון אַ ציג.

ס׳קאָן זיין, אַז זי איז געווען די ערשטע אויף דער גאַנצער גאַס, וואָס האָט אין דער דאָזיקער נאַכט דערהערט דאָס מעקען פון דער ציג. אַ באָרוועסע, אינם שלאָף־העמד, איז מערעלע צוגעלאַנגען צום פענסטער.

אינדרויסן איז איצט געווען בלוי פון אויבן און ווייס אויף דער ערד. אַ שנייִקע שטילע נאַכט. גאָר פון ווייטן, פון אַ טאָל, האָט זיך דערטראָגן אַהער אַ הידערן פון אַ צוג, וואָס האָט, אַ פאַרשפעטיקטער, געיאָגט זיך איבער די רעלסן אַהיים, און דאָ, אין דער נאַכטיקער שטילקייט, האָט געמעקעט די ציג.

אינם איטאַליענערס הויף איז געשטאַנען אַ קליין ביידל מיט אַ משופּעדיקן דעכל. אינם ביידל איז געווען אַ פירקאַנטיקע לאָך. אין דער לאָך איז איצט אַריין און אַרויס אַ ציג, אַ גרוילעכע ציג מיט שוואַרצע פלעקן. זי האָט געהאַט הערנער, פאַרדרייטע אויף צוריק, צום האַלז צו. זי איז געווען צוגעבונדן מיט אַ שטריק צום ביידל. זי האָט זיך געוואונדערט און געשריגן:

— מע־מע־מע... וואָס מיינט עס די שטריק, וואָס איז אָנגעבונדן אָן מיינע הערנער און לאָזט מיך כמעט ניט מאַכן קיין פרייען טראָט!

אין דער ווייסער נאַכט איז זי אַזוי אַרומגעשפּרונגען אַהין און צוריק אַרום דעם ביידל, האָט אויסגעזען ווי אַ רוח, געלאָזט סימנים פון אירע פיסלעך אינם שניי און געשריגן — מע־מע־מע... די האָט זיך מיטאַמאָל אָפּגעשטעלט, פאַרריסן דעם קאָפּ אויפן שניי, זיך געוואונדערט, געשאָקלט מיטן בערדל, געטרייסלט עס אינם שיין פון דער לבנה:

— מע־מע־מע... וואָס מיינט דאָס אַלץ, איך בעט אײַך...

יענע נאַכט איז מערעלע שוין גאָרנישט געשלאָפן.

פון וואַנען האָט זיך די ציג אַהער גענומען? — האָט זי זיך געוואונדערט. מע האָט זי צוגעבונדן מיט אַ שטריק — מסתמא, כדי זי זאָל ניט אַוועקלויפן. פאַרוואָס וואָלט זי אָבער אַוועקגעלאָפן? מסתמא, ווייל זי האָט מורא, אַז מע וועט איר טאָן

שלעכטס. פאַרוואָס זאָל מען איר טאָן שלעכטס? דער איטאַליענער מיז, ניט אַנדערש, זיין גלאַט אַזוי אַ שלעכטער מענטש, האָט ער זי צוגעבונדן מיט אַ שטריק, זי זאָל ניט אַוועקלויפן. אָבער וואוהין וואָלט זי דען אַוועק־עלאָפן, אַז מע וואָלט זי אָפּגעבונדן פון דער שטריק? און בכלל פון וואַנען קומט אַ ציג? פון וואַנען נעמט זיך אַ ציג?

די שכנים, ווען זיי האָבן זיך אויף מאָרגן אויפגעכאַפּט און דערהערט האָס מעקען פון דער ציג, האָבן אויך ניש געוואוסט, פון וואַנען זי האָט זיך אַהער גענומען. דאָס האָט זיי אָבער ניט געקימערט אַזוי שטאַרק, ווי מערעלען.

אַלע האָבן זיך בכלל געפרייט מיט דער ציג.

אינמיטן פון זייערע פאַרשיידענע אַרבעטן אין הויז פלעגן די באַלעבאָסטעס דערהערן, ווי די ציג האָט מיטאַמאָל אַ מעקע געטון. פלעגן די פרויען באַלד באַלאַגערן די הינטערשטע שטוב־פענסטער און אַרויסשטעקן די קעפּ אין דרויסן. ציגן זעט מען זעלטן אין אַ גרויסער שטאָט, און מענטשן פון אַ גרויסער שטאָט דערפרייען זיך, ווען זיי דערזעען מיטאַמאָל אין שטאָט אַ שטובּיקע חיה, — אַ ציג, אָדער אַ בהמה, אָדער אַ שעפּס, אָדער אַ באַראַן. טאַקע אַן אמתע לעבעדיקע באַשעפעניש, — ניט אַזאַ, וואָס מע קאָכט אין טעפּ, און מע דערלאַנגט דערנאָך אין שיסלען און אויף טעלערס. די שטאָטישע מענטשן פאַרציען דעמאָלט די אויגן אין דער ווייט און זיי דערזעען זיך זעלבסט אין פעלד, אין וואַלד. זייערע אויגן ווערן דעמאָלט פאַרנעפּלט. אַ סך פון די מענטשן אויף דער האָזיקער גאַס האָבן דאָך אַמאָל אויך געוואוינט אין פעלד, אין וואַלד.

מערעלעס פאָטער איז אויך ניט געבוירן געוואָרן דאָ, אין אַמעריקע. ער איז גאָר געבוירן געוואָרן ערגעץ אין דער ליטע. די שטאָט, אין וועלכער ער איז געבוירן געוואָרן, איז געווען אַ קליינע און איז געלעגן עלנט אינמיטן פון ברייטע, נאַקעטע פעלדער. אויף מיילן און מיילן אַרום־און־אַרום דער שטאָט האָבן זיך אַלץ געצויגן פעלדער, פעלדער, פעלדער. זעלטן ווען מען האָט געזען אַ בוים אויף די פעלדער, אָדער אַ בערגל. און אַז מען פלעגט

שוין דערזען אַמאָל אַן איינציקן בוים אינמיטן אַ פעלד, האָט עס אויסגעקוקט אַזוי אומעטיק, אַזוי אומעטיק...

די גאַסן פונם שטעטל, וואו מערעלעס פאָטער איז געבוירן געוואָרן, זיינען געווען אויך אַזעלכע קליינע, זאַמדיקע, און ווי מע פלעגט נאָר אַרויס פון יענעם שטעטל, פלעגן זיך שוין גלייך אָנהייבן ציען די פעלדער.

ווייט האָבן זיי זיך, די דאָזיקע פעלדער, געצויגן ביז סאַמע זים פונם הימל, ווי ווייט דאָס אויג האָט נאָר געקאָנט זען — אַ נידעריקע און אַ גלייכע ערד. ס'איז געווען אומעטיק צו קוקן, אַזוי אומעטיק. אַזוי אומעטיק... קוקנדיק אויף די דאָזיקע פעלדער, פלעגט איינעם באַלד אָנהייבן נאָגן דאָס האַרץ און ס'פלעגט זיך אים באַלד פאַרוועלן אויפהייבן אַ פוס און אָנהייבן גיין. גיין אַזוי לאַנג-לאַנג איבער די דאָזיקע, ווייטע, נידעריקע פעלדער; גיין טאָג און נאַכט, טאָג און נאַכט.

מערעלעס פאָטער איז אויסגעוואַקסן אין דער שטאָט צווישן אָט יענע נידעריק-שווייגנדיקע פעלדער, אַ שטילער, אַ גוטער און אַן אומעטיקער. ער פלעגט זייער אַ סך שווייגן, זייער אַ סך. אָבער נישט פון בייזקייט, — פון גוטסקייט פלעגט ער עס טון. ער האָט סתם ניט געקאָנט אויפהייבן קיין הויך קול. ער איז געווען אַ ביסל, ווי אַן אָנגעשראָקענער.

אַז ער איז געווען אַ קינד אינדערהיים, אין דער ליטע, פלעגט ער גאַנצע לאַנגע, זמערדיקע טעג פאַרברענגען אין חדר. און ווינטער-צייט פלעגט ער די אָוונטן אויך פאַרברענגען דאָרטן, אין חדר. דער חדר איז געווען אַ ענגער און אַ שמוציקער, און דער רבי פלעגט אַ גאַנצן טאָג שרייען. אינדערהיים איז ביי זיי אויך געווען זייער אָרעם.

מערעלעס פאָטער פלעגט זיך קינדווייז זייער ווייניק שפּילן — אין האַלב-פרייע טעג, אין פרייטאָגס און שבת-בייטאָגס — ער פלעגט אַלץ זיצן און לייענען. אַז ער פלעגט אין גאַס דערזען אַ ציג, פלעגט ער אַנטלויפן. אַ ציג איז דאָך ווילד. מע זאָגט טאַקע דעריבער „אַ ווילדע ציג". ציגן קאָנען אַרויפנעמען אַ קינד אויף די הערנער און אַוועקטראָגן ערגעץ.

אין שטעטל איפן בית-עולם פלעגן ארומגיין ציגן און זיך פאשען איפן גראז איבער די קברים. די ווייסע חברהניקעס און די לאבוסניקעס פלעגן זיך ארויפכאפן אויף די ציגן און רייטן אויף זיי. די ציגן פלעגן זיך פרוון ארויסרייסן פון זייערע הענט און וויינענדיק זיך בעטן, מע זאל זיי אפלאזן:

— מע-מע... מע-מע...

מערעלעס פאטער פלעגט שרייען אויף די יינגלעך, זיינע חברים. דעמאלט, זיי זאלן אפלאזן די ציגן און זיי איפהערן מוטשען. די חברים פלעגן אים ניט פאלגן און פון אים אפלאכן. פלעגט ער אנטלויפן פון זיי און זיך פונאנדערוויינען. ער האט זיך דעמאלט איפגעהערט אינגאנצן צו שפילן מיט זיי, ער איז געווארן נאך שטילער.

און מירעלע איז געווען א סך געראטן אין איר פאטער.

נאר גאר אינגיכן האט די ציג איפגעהערט מעקען.

מערעלע האט איינמאל געבעטן די מאמע, זי זאל אריבערגיין צום איטאליענער און קויפן קעז פון ציגן-מילך. מערעלע איז האך געווען אן איין-און-איינציקע, און די מאמע האט זי זייער ליב געהאט. איז די מאמע אריבערגעגאנגען צום איטאליענער באקומען קעז פון ציגן-מילך.

נאר באלד איז זי געקומען צוריק, האט געקוקט אויף מערעלען און געשמייכלט. דער איטאליענער האט נאך ניט קיין קעז פון ציגן-מילך, — האט די מאמע איר איבערגעגעבן. ווייל די ציג גיט נאך ניט קיין מילך. ווארט, מערעלע, באלד וועט ווערן פרילינג, און צו דער ציג וועט צוקומען נאך א קליין ציגעלע, און אפשר נאך צוויי ציגעלעך, דעמאלט וועט די ציג אנהייבן געבן מילך. און מ'וועט מאכן קעז פון ציגן-מילך, און איך וועל פאר מערעלען קויפן קעז פון ציגן-מילך.

ס'איז געווארן פרילינג. פלוצלונג, מיטאמאל, אומגעריכט — אט ווי דער פרילינג קומט אן אין דער שטאט ניו-יארק.

אומגעריכט קומט דאָרט אָן דער פרילינג. ער באַמיט זיך — אין אַ מיטן־ווינטערדיקן פעברואַר־ אָדער אַפילו יאַנואַר־טאָג — מיט פאַרחלומטע אויגן צו שטעלן די ערשטע טריט. נאָך דער פרילינג־פּרוּוו גייט זיך נישט אײַן. ס'ווערט ווייטער ווינטער, און ווייטער שנייען. פּרוּווט זיך דער פרילינג קומען אַ צווייטן מאָל, אַ דריטן מאָל, שוין אַ ביסל שפּעטער, אין חודש מערץ. די ליידיקע גאַסן און די גערטנער הינטער די גאַסן און אָט דעם זײַטיקן טייל שטאָט הייבן אָן ביסלעכווײַז אָן אַרונטערנעמען פון זיך די ווייסקייט און אויף זיך אָנטון אַ גרינקייט. די ביימער־צווײַגן און די ריטלעך באַדעקן זיך מיט בלעטלעך. ביסלעכווײַז, ביסלעכווײַז פאַרוועבט זיך די לופט צווישן די צווײַגן מיט בלעטער, און די לופט צווישן איין בוים און אַ צווייטן פאַרוועבט זיך אויך ביסלעכווײַז מיט בלעטער.

בײַנאַכט איז געגאַנגען אַ רעגן און האָט געטראָפּנט, געקלאַפּט איבערן דאַך. פּאַמעלעך, נאָכאַנאַנד, פרייִלעך האָט דער רעגן געטראָפּנט און געקלאַפּט, אָנזאָגנדיק אַ גרויסע בשורה. אַ גאַנצע לאַנגע נאַכט אָן אויפהער איז דער רעגן אַזוי געגאַנגען, ווי די פענצטער פונם הימל וואָלטן זיך געעפנט.

אויפן דאַך זײַנען געווען אַ פּאָר גלעזערנע פענצטער אויף אַרײַנצולאָזן דאָס ליכט פון הימל. איז מערעלע געשטאַנען אַזוי און זיך צוגעהערט צום קלאַפּן פונם רעגן איבערן דאַך. פון ערגעץ הייך, גאָר הויך איז דער רעגן געקומען. די טראָפּנס זײַנען אַזוי געפאַלן אַ לאַנגע, לאַנגע צײַט, און אַ לאַנגע, לאַנגע שטרעקע אין דער לופט, געפאַלן — — געפאַלן — ביז זיי זײַנען ענדלעך אָנגעקומען אויפן דאַך.

און ווי מערעלע שטייט אַזוי, איז דער רעגן פּלוצלינג אַנטשטילט געוואָרן. און ווי דער רעגן איז אַזוי אַנטשטילט געוואָרן, דערהערט זי אַ קליין, קליין מעקעלע. פּונקט, ווי דעם איטאַליענערס ציג וואָלט געוואָרן קראַנק און מער קיין כּוח ניט געהאַט צו מעקען, ווי סע באַדאַרף צו זײַן. און דערנאָך האָט זי ווידער אַ מעקע געטאָן נאָך שוואַכער. ווײַזט־אויס, שוין מיט די לעצטע כּוחות. שטיל, שטיל. און דאָ האָט זיך מיטאַמאָל דערהערט

גאָר־גאָר אַ קליין מעקעלע, אַ ציטערנדיקער אַזאַ, אַ זיך־אונטערגעבנדיקער, פּונקט ווי די גלאָז וואָלט זיך געבראָכן. און מערעלען האָט אַזוי געקלאַפּט דאָס הערצל. וואָס קאָן דאָס זיין, האַ? — וואָס קאָן דאָס זיין, האַ? זי איז געשטאַנען און זיך איינגעהערט, — אַליין זיך איינגעהערט.

מיט צוויי טעג שפּעטער האָבן צוויי קליינע ציגעלעך אַרומגעטאַנצט אַרום דער מאַמע־ציג. ביידע ווייסינקע, ווי געבאָדענע אין מילך. נאָך אָן הערנערלעך זיינען זיי געווען, מיט אויערלעך פאַרוואָרפענע אויף צוריק.

צוערשט זיינען זיי געווען זייער פאָרזיכטיק. זיי פלעגן מיטאַמאָל אַ שפּרונג טאָן, פלוצלונג־אָפּגעהאַקט, ווי עמעצער וואָלט זיי פון הינטן אַ ברען געטון מיט אַ שוועבעלע, און פלעגן באַלד בלייבן ווידער שטיין מיט אַרויסגעפּוקטע גלאַנציקע אייגעלעך.

זיי האָבן זיך, סע ווייזט אויס, שטאַרק געוואונדערט אויף דער וועלט, וואָס אַרום זיי. וואָס אַמאָל פלעגן זיי אַנטדעקן אין איר עפּעס נייס, אין דער וועלט. דעמאָלט פלעגן זיי זיך הענדום־פענדום, אָפּגעריסענערהייט אַ לאָז טאָן אויף דעם, אויף אָט דעם ניי־אַנטדעקטן, זיך אָפּקלאַפּן אָן דעם און בלייבן געפּלעפטע שטיין...

אַמאָל פלעגט דאָס ניי־אַנטדעקטע זיין אַ פּליט, אַמאָל אַ בוים, אַמאָל אַ צווייג, אַמאָל אַ שטיין.

פון מענטשן פלעגן זיי שוין אָבער פון אָנהייב אָן אַנטלויפן. אַז פון מענטשן דאַרף מען אַנטלויפן, האָבן זיי, אַפּנים, געוואוסט, נאָך איידער זיי זיינען געבוירן געוואָרן.

די ביידע ציגעלעך פלעגן זיך שפּילן איינע מיט דער אַנדערער אָט אַזוי:

איינע פלעגט אַנטלויפן, די אַנדערע פלעגט זי נאָכיאָגן.

אין עטלעכע טעג אַרום האָבן זיי שוין געקענט לויפן. זיי זיינען גיך־גיך־גיך געשפּרונגען אין דער לופט, אין בויגיקע אַזעלכע ליניעס, ווי זיי וואָלטן געצייכנט לופט־בויגנס בלויע. די מוטער־ציג וואָלט זיי קיינמאָל ניט געקאָנט דעריאָגן, ווען זי וואָלט זיי נאָכגעלאָפן. קיין מענטש אַוודאי ניט.

לעבן דער גאַס האָט זיך געהויבן אַ פֿעלדיקע וואַנט פֿון איינעם אַ שטיינערנעם באַרג, זיך געהויבן אין אַ גלייכער ליניע — אַ שאַרף־אָפּגעריסענע וואַנט. איז די ווייסינקע ציגעלעך פֿליִען עס גלייך אַרויפֿקלעטערן אויף אָט דער שאַרפֿער, אָפּגעריסענער, שטיי־נערנער וואַנט, אַז ס'איז אַזש געווען אַ וואונדער און אַ שרעק צו זען עס. ס'פֿלעגט זיך דאַכטן: אָט־אָט פֿאַלן זיי אַרונטער...

זיי פֿלעגן אַרומשפּרינגען איבערן שפּיציקן ברעג פֿעלז, ממש אויף משקולת. נאָר זיי פֿלעגן אַפּנים גאָרנישט זען דעם תהום אונ־טער זיך, גאָרנישט וויסן פֿון דער געפֿאַר. זיי פֿליִען אַריבער־שפּרינגען די ברייטע פֿעלזן־שפּאַלטן, זיך פֿאַרוואונדן די פֿיסלעך אָן די שאַרפֿע שטיינער. ריט בלוט פֿלעגט שוין באַפֿלעקן זייער ווייסקייט און זיי פֿלעגן אַלץ אַרומשפּרינגען.

דעם איטאַליענערס ייִנגל האָט געוואָלט פֿאַרבינדן דער ציגעלע דאָס פֿאַרוואונדעטע פֿיסל, ער האָט זי אָבער ניט געקאָנט כאַפּן. ער איז אַרונטערגעפֿאַלן פֿונם אָפּגעריסענעם פֿעלז און זיך אײַנגאַנצן צעקלאַפּט. ער איז געוואָרן שטאַרק אין כעס. אַז ער האָט ענדלעך געכאַפּט דאָס ציגעלע, האָט ער זי אַזאַ זעץ גע־געבן, אַז ער האָט איר איבערגעבראָכן אַ פֿיסל.

דערנאָך שפּעטער האָט ער פֿאָרזיכטיק אַרומגעבונדן דאָס פֿיסל מיט ווײַסן לײַוונט. אין אַ פּאָר טעג אַרום איז שוין דאָס ציגעלע ווײַטער אַרומגעשפּרונגען מיטן אַרומגעבונדענעם פֿיסל.

ס'האָט איר, ווײַזט אויס, גאָרנישט געאַרט. ס'איז געווען אַלעמען אַזאַ פֿרייד צו קוקן אויף די ציגעלעך... אַזוי יונג זײַ־נען זיי געווען און אַזוי שפּרינגענדיק. פֿון פֿרימאָרגן ביז פֿאַרנאַכט, אַבי ס'איז נאָך נאָר ליכטיק, פֿלעגן זיי אַרומשפּרינגען. זיי האָבן אָנגעפֿילט די גאַס אַרום און די מענטשן, וואָס האָבן אויף זיי געקוקט, מיט גרויסער פֿרייד.

אַז איינעם פֿון די שכנים פֿלעגט אַמאָל ווערן אומעטיק, אָדער אַז אַ קינד פֿלעגט זיך פֿונאַנדערוויינען, אָדער ברוגז ווערן אויף טאַטע־מאַמע, פֿלעגן זיי בלויז דאַרפֿן טאָן איין זאַך: אַרויסקוקן דורך די פֿענצטערלעך אויף די ציגעלעך...

דעמאָלט פֿלעגן די דערוואַקסענע אָנהייבן שמייכלען, און די קינדער פֿלעגן אָנהייבן לאַכן, פּאַטשן אין די הענטלעך, און דערטאַפּ זיך נעמען פֿאַר די הענט, זיך דרייען אין קאַראַהאָד, לאַכן און שפּרינגען.

די ציגעלעך, ביסלעכווייז, זיינען אונטערגעוואַקסן, זיי פֿלעגן שוין איצט איינער דער אַנדערער שטויסן מיט הערנערלעך. אָט אַזוי אָ:

אַ שפּרונג געטון אינדערהויך, אַ שטעל-זיך-אַוועק געטון אויף די צוויי הינטערשטע פֿיסלעך, זיך צוריק אַרונטערגעלאָזן, איינגעבויגן די קעפּלעך, און זיך געשטויסן מיט די שטערנס, וואו ס׳האָבן זיך שוין באַוויזן סימנים פֿון הערנערלעך.

די מוטער-ציג האָט שוין זיי לאַנג געדאַרפֿט אָנגעהויבן צו לערנען, ווי צו שטויסן זיך מיט די הערנערלעך. ציגעלעך מוזן עס קאָנען. מאָמער פֿאַלט אויף זיי אָן אַ בייזע חיה.

מערעלע פֿלעגט שטיין ביים פֿענסטער און אַלץ צוקוקן.

אַז די ציגעלעך פֿלעגן צו ווייט אַוועקלויפֿן און באַהאַלטן זיך אין גראָז, פֿלעגט די מוטער-ציג אַרויסלאָזן אַ נידעריקן באַאומרויִקטן קול:

— מע-ע-ע...

און נאָכאַמאָל אַזוי, נאָר שוין נאָך מער בעטנדיק:

— מע-ע-...

ווייל זי האָט ניט געקאָנט נאָכגיין נאָך זיי. די מוטער-ציג פֿלעגט זיין תּמיד צוגעבונדן מיט אַ שטריק צו אַ סלופּ. אָבער די קליינינקע ציגעלעך זיינען געווען פֿריי, ווייל דער איטאַליענער האָט געוואוסט, אַז זיי וועלן סיי-ווי ניט אַנטלויפֿן.

נאָר באַלד פֿלעגן די ציגעלעך אָפּענטפֿערן דער מאַמען זייערער אויף אַ ציטערנדיקן הויכן קולעכל, — אַזאַ אײדעלן, אַזאַ ציטערנדיקן, אָט טאַקע ווי פֿון צעלאָזענע קליינע קינדערלעך, וואָס בעמען זיך איבער ביי זייער מאַמען. זיי פֿלעגן זיך באַווייזן פֿון צווישן גראָז און בוים, און שפּרינגען איינע אויף דער אַנדערער, איינע אויף דער אַנדערער.

מערעלע פלעגט דעמאָלט פאַר זיך טראַכטן: אָט, ווי גוט זיי איז... אָט יעדע פון אָט די ציגעלעך האָט אַ שוועסטערל, מיט וועמען זי שפילט זיך. אַך, ווי זי וואָלט אויך געוואָלט האָבן אַ שוועסטערל, מיט וועמען צו שפילן זיך...

נאָר זי האָט זיך פונדעסטוועגן געפרייט מיט דער פרייד פון די ציגעלעך. אַז די מאַמע האָט זי איינמאָל געפרעגט:

— זאָל איך גיין צום איטאַליענער און קויפן בײַ אים קעז פון ציגן־מילך?

האָט מערעלע געענטפערט:

— ניין, מ׳דאַרף ניט, זאָל בעסער בלייבן די מילך פאַר די קליינע ציגעלעך וועגן (קליינע ציגעלעך דאַרפן דאָך האָבן מילך, פונקט ווי קליינע קינדערלעך).

אַז מערעלע פלעגט די ציגעלעך חדשים אַ צײַטאַל עטלעכע טעג ניט זען, און פלעגט דערנאָך אַרויסקוקן דורך די פענסטער, פלעגט זי יעדן מאָל באַמערקן, ווי גרעסער זיי זיינען געוואָרן. נו, אַוודאי, אַז זיי וועלן טרינקען אַ סך מילך, וועלן זיי נאָך גרעסער ווערן.

מערעלע האָט זייער געוואָלט, אַז די ציגעלעך זאָלן ווערן גרעסער. דעם איטאַליענערס יינגל פלעגט נאָך זיי אַלעמאָל נאָכלויפן און יאָגן זיך. אַז ער פלעגט זיי ענדלעך כאַפּן, פלעגט ער זיין זייער שטאַרק אויסגעמאַטערט און דעריבער אין כעס אויף זיי, אויף די ציגעלעך. פלעגט ער זיי אָנהייבן שלאָגן. אָ, אָבער אַז די ציגעלעך וועלן אויסוואַקסן, וועט ער זיי ניט שלאָגן, ווייל זייערע הערנערלעך וועלן דעמאָלט אויך אויסוואַקסן.

אָט אויף דעם דאַרפן ציגעלעך זייערע הערנערלעך. פאַר שלעכטע קינדער, וואָס לאָזן זיי ניט צורו.

און דער איטאַליענער האָט שוין געהאַט געמאַכט אַ סך קעזלעך פון דער ציגענער מילך. די קעזלעך האָט ער אַוועקגעלייגט אויף דער זון צום טריקענען. ער האָט זיי אויסגעלייגט אויף אַ ברעט, וואָס איז הויך געלעגן איבער צוויי סלופּעס.

דער זומער האָט זיך שוין גענענט צום סוף.

דער איטאַליענער איז געזעסן אַזוי אין אַ פֿאַרנאַכט און האָט געקוקט אינעם הויף אַרויס, וואו די ציגעלעך האָבן זיך געשפּילט. ער האָט געטראַכט פֿאַרשיידענע מחשבֿות... ער האָט געטראַכט, צום בײַשפּיל, אַז ער האָט שוין איצט ,אַ סך, אַ סך קעזלעך... זיי וועלן אים זײַן גענוג אויף איבערן גאַנצן ווינטער. נעכסטן פֿרילינג וועט זיך די ציג ווידער אָפּציגלען, וועט זײַן נאָך אַנדערע ציגן-מילך, פֿון וועלכע מע וועט ווידער קאָנען מאַכן נײַע קעזלעך.

אַזוי רויִק און שטיל האָט דער איטאַליענער געטראַכט אינעם אָוונט. מיט באַלעבאַטישער הנאה האָט ער געקוקט אויף די ציגעלעך, וועלכע זײַנען שוין היפּשלעך אונטערגעוואַקסן, געוואָרן פֿולער און קײַלעכדיקער... די דינע בײנדעלעך האָבן זיך וואָס אַ טאָג, אַלץ מער באַדעקט מיט פֿלייש. די שלאַנקע גופֿעלעך זײַנען באַדײַטנדיק אײַנגעפֿולט געוואָרן.

דערהויפּט איז אונטערגעוואַקסן איין ציגעלע, די יעניקע, וועלכע מען פֿלעגט רופֿן „קידדי“. די צווייטע האָט נאָך ניט געהייסן מיט קיין נאָמען. מסתמא איז „קידדי“ געווען די עלטערע.

דער איטאַליענער האָט געקוקט אויף דער ציגעלע און געטראַכט, אַלץ געטראַכט וועגן פֿאַרשיידענע זאַכן. ער האָט געטראַכט, צווישן אַנדערע מחשבֿות, אויך וועגן זײַנעם אַ באַקאַנטן פֿלייש-הענדלער, וועלכער וואָלט פֿאַר אָט דער ציגעלע, וועמעס נאָמען ס'איז געווען „קידדי“, געגעבן אַ פֿײַנעם מקח.

און אַז ער האָט אָפּגעטראַכט אַלע זײַנע טראַכטונגען, האָט ער זיך אַזש געריבן די הענט פֿון גרויס פֿאַרגעניגן....

— יאָ... ער וועט מאַכן אַ גוט געשעפֿט מיטן אויסגעוואַקסענעם ציגעלע, אַ גוט געשעפֿט..

כאָטש ס'איז שוין געווען שפּעטער האַרבסט, זײַנען די טעג נאָך אַלץ געווען ליכטיקע און זוניקע, נאָר שוין אַ ביסל קילערע.

ס'איז געשטאַנען איצט אין צפֿון-אַמעריקע דער לויטערער, דער גאָלדענער אינדיאַנער זומער.

אינדערפֿרי איז מערעלע אויפֿגעוועקט געוואָרן פֿון שלאָף דורך אַ האַרץ-רײַסנדיקן געשריי. זי האָט געוואָלט גראָד הײַנט נאָך אַ

ביסל שלאָפֿן, ווייל ס'איז געווען שבת, און שבת גייט מען ניט אין פּאַבליק סקול*). נאָר דאָס געשריי איז געווען זייער האַרצרייסנדיק, — דאָס געשריי פֿון אַ מוטער, וואָס האָט איר קינד פֿאַרלאָרן.

און אַז מערעלע האָט זיך ווייטער צוגעהערט צום געשריי, האָט זי באַלד פֿאַרנומען אַ געמישט מעקען, — אַ מעקען פֿון דער גרויסער ציג און דער קליינער ציגעלע. זי איז צוגעלאָפֿן צום פֿענצטער. זי האָט אַ לענגערע ווײַלע געקוקט און געקוקט אין דרויסן. זי האָט געזוכט מיט די אויגן צווישן גראָז און בוימער און אַלץ געוואַרט, געוואַרט.... זי האָט אָבער מער ניט געזען ווי איין ציגעלע.

די מוטער־ציג איז געשטאַנען לעבן פּלויט, אַלץ נאָכאַנאַנד געהייבן דעם קאָפּ, פֿאַרצווייפֿלט געטרייסלט מיטן בערדל, פֿאַרלירן געקוקט אין אַלע זייטן און געשריגן:

— מ־ע־ע: וואו ביסטו, טאָכטערל?

איצט האָט זי שוין אײַנגעטלעך מער ניט געמעקעט. דאָס האָט זי געוויינט אַזוי אויף אַ נידעריקן קול:

— מ־ע־ע, מ'האָט בײַ מיר צוגענומען מיין טעכטערל....

און באַלד נאָך איר פּלעגט זיך אויך פֿונאַנדערוויינען דאָס איבערגעבליבענע ציגעלע, פֿונאַנדערציגלען זיך מיט איר ציטערנדיק קינדיש:

— מע־ע־ע...

איצט איז זי, דאָס ציגעלע דאָס קליינטשיקס, שוין אויך געווען צוגעבונדן מיט אַ שטריק צו אַ סלופּ. זי האָט דאָך נאָך געקאָנט אַוועקלויפֿן זוכן אויף דער וועלט איר שוועסטערל.

אַז די מאַמע פּלעגט ענדיקן שרייען, — פּונקט, ווי זי וואָלט אויף דעם יעדעס מאָל געוואַרט, — פּלעגט זי דעמאָלט, אויף איר וויין־ציטערנדיקן שטימער, איבערחזרן דעם געשריי:

— מע־ע־ע... וואו איז מיין שוועסטערל? מע־ע־ע...

---

*) אין די אַמעריקאַנער פֿאָלקס־שולן ווערט ניט געלערנט ניט שבת און ניט זונטאָג.

עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד האָבן זי בידע אַזוי געשריגן, מאַמע און קינד. טאָג נאָך טאָג אַזוי, פון באַגינען ביז פאַרנאַכט.

און ביינאַכט אויך. אינמיטן דער נאַכט פלעגט זיך אינם שטילן אַרום פלוצלינג דערהערן דאָס פאַרוואָגלטע,־ עלנטע געשריי פון דער ציג. ס'האָט קיינעם ניט געלאָזט שלאָפן, דאָס דאָזיקע געשריי. ס'האָט אַלעמען געריסן פאַר די הערצער.

די שכנים פון די אַרומקע הייזער האָבן זיך אין יענע טעג געשעמט צו ווייזן זייערע פנימער אין די פענצטער. זיי האָבן, אַפנים, געפילט, אַז יעדער איינער פון זיי איז שולדיק אין דעם, וואָס איין ציגעלע איז פאַרשוואונדן געוואָרן...

מערעלעס פאָטער, וועלכער פלעגט זיצן אַ גאַנצן טאָג אין הויז איבער עפעס אַזעלכע פאַפירן און בריוו און אַרבעטן, האָט איצט שוין גאָרניט געקאָנט טון. ער האָט אויפגעהערט אינגאַנצן אַרבעטן. ער האָט זיך גאָר קיין אָרט ניט געקאָנט געפינען. ער פלעגט זיך אַלץ האַלטן פאַרן קאָפּ און קרעכצן. דאָס וויינענדיקע מעקען און שרייען פון דער מוטער־ציג און פון דער שוועסטער ציגעלע האָט קיינעם, קיינעם ניט געלאָזט רויק טאָן זייער אַרבעט.

אויפן פאַרנאַכט פונם פערטן טאָג איז די ציג, אַפנים, מיד געוואָרן שרייענדיק. איז זי געבליבן ליגן אַזוי אויפן גראָז. פאַמעלעך, אָן כוחות, האָט זי געסאָפּעט מיט די זייטן און רחמנות־דיק געקוקט אויף יעדן דורכגייער. און איבער איר איז געשטאַנען דאָס איבערגעבליבענע ציגעלע און האָט דערשראָקן־מיד געקוקט אויף יעדן דורכגייענדיקן מענטשן.

און מערעלע איז יענעם פאַרנאַכט געשטאַנען ביים פענסטער. זי האָט געהאַט געפרעגט ביי דער מאַמען, וואו איז אַהינגעקומען דאָס ציגעלע. די מאַמע האָט נישט געענטפערט. ס'איז גראָד געווען פאַר וועטשערע. די מאַמע האָט יענעם אָוונט אָפּגעקאָכט אַ פיינעם זופּ אויף וועטשערע, — אַ זופּ פון יונגן, פון זיסן פלייש. מערעלע, ווייל די מאַמע האָט איר ניט געוואָלט ענטפערן אויף איר פראַגע, האָט ניט געוואָלט גיין צום טיש עסן.

זי איז געשטאַנען אַזוי אַ לאַנגע צייט אַליין בײַם פֿענסטער. זי האָט געוואָלט פֿאַר עמעצן זיך באַקלאָגן, איבערריידן דאָס האַרץ. נאָר אי דער טאַטע, אי די מאַמע האָבן יענעם אָוונט געשוויגן.

— אַך, ווען זי וואָלט געהאַט אַ שוועסטערל...

זי האָט אָבער ניט געהאַט קיין שוועסטערל. זי איז געשטאַנען אַליין אינם אָוונט און געקוקט אינם בלויען דרויסן. און אין בלויען דרויסן איז געשטאַנען דאָס ווייסע ציגעלע און געקוקט אויף איר.

.1921

---

# אונטער די פיס

געווען איז ער אַ קינד, ווי אַלע קינדער, אַ געוויינלעכער ייִנגעלע, און גערופֿן האָט מען אים מיט אַ געוויינלעכן נאָמען: ראובעלע.

קיינער האָט אים דאָ אויף דער וועלט ניט באַדאַרפֿט, און קיינער האָט אים אַהערצו ניט גערופֿן און ניט איינגעלאַדן. זיכער ניט — זיינע אייגענע טאַטע-מאַמע, וועלכע האָבן שוין אַזוי אויך געהאַט אַ היפּשלעכע פֿאַמיליע. נאָר אַזוי ווי די ראובעלעס טאַטע-מאַמע האָבן זיך זייער שטאַרק ליב געהאַט, האָבן די זיך אין איינעם אַ קאַלטן ווינטערדיקן פֿאַרטאָג שטאַרק געטוליעט איינער צום אַנדערן, און פֿון דעם איז בײַ זיי געבוירן געוואָרן ראובעלע, — אַ חיטינקער און אַ פֿאַרבלומיקטער, ווי אַן אָפּגעקאָכטער ראַק.

אַז ער איז נאָך געווען גאָר אַ ברעקל און שרעקלעך אומבאַהאָלפֿן, און האָט נאָך קוים געוואוסט זיין אייגענעם נאָמען, האָט ער שוין אַרויסגעוויזן אַ שטאַרק-קענטיקע נייגונג — צו שמייכלען.

שמייכלען פֿלעגן זיך בײַ אים אָפֿט באַווייזן, אַ סך עפֿטער, ווי בײַ אַנדערע קליינע קינדער; שמייכלען אַרום די ווינקעלעך מײַלכל און אַרום די חנעוודיקע באַקן-גריבעלעך. ער פֿלעגט נאָכאַנאַנד שמייכלען צו עפּעס אומגעזעענע מענטשן און זאַכן, וואָס נאָר ער אַליין פֿלעגט זיי זען אין אַזאַ מין בלייקיט אײַנגעוויקלט, — און אָפֿט פֿלעגן זיי ניט ווערן, און אָט זיך ווידער באַווייזן.

פֿלעגט ער צו זיי כמעט נאָכאַנאַנד שמייכלען מיט די אויגן און ליפּעלעך זיינע.

און אַמאָל פֿלעגט ער זיך גאָר פֿאַרטראַכטן, און זיין פּנימל פֿלעגט אַזוי ערנסט ווערן... ער פֿלעגט זיך דערמאָנען אָן אַזיינס, אָן אַזעלכע זאַכן, וואָס האָבן פּאַסירט מיט אים, ווייזט אויס, שוין לאַנג צוריק — אין מאָדנע טונקל־ליכטיקע וועלטן, וואָס זיינען געווען תּמיד אַזוי רויט־וואַרעמלעך... כאָטש די דאָזיקע „זאַכן" האָבן מיט אים פּאַסירט אפֿשר נאָך גאָרניט לאַנג צוריק, גלייך פֿאַרן געבוירן ווערן, — בלויז מיט אַ וואָסער הונדערט און פֿופֿציק טעג צוריק. נאָר דער שנעל אונטערן נעזל, וואָס דער מלאך האָט אים געגעבן, האָט, אַפּנים, אַלץ פֿון זיין מוח אָפּגעמעקט, און אָט יענע „זאַכן" האָבן שוין געקאָנט פּאַסירן גאָר, גאָר לאַנג־לאַנג צוריק,— אפֿשר מיט גאַנצע הונדערט און פֿופֿציק יאָר צוריק.

— גאָר אַמאָל...

.2

און אַזוי האָט שוין דער שנעל אונטערן וויך־כריאַשטשעוון נעזל, וואָס דער מלאך השיכחה האָט אים פֿאַרן געבוירן ווערן געגעבן, ראַבעלען גאַנץ קנאַפּ גוטס געטאָן.

ווייל שוין פֿון די ייִנגסטע חדשים פֿון זיין לעבן האָט זיך ביי אים אָנגעהייבן שטאַרקן אַ פֿאַרלאַנג, אַ מאָדנער אַזאַ, אַ זיסלעך־פייניקנדיקער פֿאַרלאַנג — זיך צו דערמאָנען...

זיך צו דערמאָנען ניט אָן עפּעס אַ באַזונדערער געשעעניש, נאָר סתּם זיך דערמאָנען, — זיך דערמאָנען אָן זאַכן, וואָס האָבן אַמאָל געמוזט מיט אים פּאַסירן, און וואָס געפֿינען זיך אָט־אָט גלייך איבער יענער זייט פֿון די טירעלעך פֿון זכּרון... מע פֿילט אַזוי זיכער זייער זיין דאָרטן, ווי דורך אַ טונקעלער, כאָטש דינער מחיצה. נאָר זען — קאָן מען זיי ניט...

פֿלעגט ראַבעלע נאָכאַנאַנד, אָט פֿיינלעך ערנסט פֿאַרטראַכט ווערן, אָט — אָנהייבן שמייכלען.

און ווייל ער איז געווען אַ קליינקער, איז זיין מאַמען זייער געפֿעלן געוואָרן אי זיין פֿליצלונגדיקע פֿאַרטראַכטקייט און אי

זײַן שמייכעלע אַרום די ליפּן. זי האָט אים זייער ליב געהאַט. אי פאַר זיך, אי פאַר אירע שכנות האָט זי זיך שטענדיק באַרימט, אַז ער איז בײַ איר דער שענסטער און דער קליגסטער קינד.

מען האָט זיך מיט אים ממש אַרומגעטראָגן אויף די הענט.

.3

נאָר אין דעם משך פונם יאָר האָבן זײַנע טאַטע־מאַמע, וועלכע האָבן זיך שטאַרק־שטאַרק ליב געהאַט, זיך ווידער וואַרעם צוגעטוליעט איינער צום אַנדערן בײַם סוף פון אַ דריטער פראָסטיק־קאַלטער אַשמורה.

אין דרויסן איז געווען שבטיק. אויף יענער זײַט טונקל־דיקע פענסטער האָט דעמאָלט געריסן אַ ווינט פון די צפון־מערבדיקע פליינען און די פעלדיק־צעקאַרבעוועטע באַרגיקע לאַנד־שטרעקעס, וואָס אין די מערב־שטאַטן. ימען פינסטערע און פאַרטאָגיק־אויפגעבריזטע האָבן אין אָט יענער אַשמורה אין סוף־נאַכטיקע פורעם זיך געכוואַליעט און געהויבן צו די בלײַ־פאַרוואָלקנטע הייכן.

און פון אָט דעם טוליען זיך איז בײַ זיי געבוירן געוואָרן נאָך אַ קינד.

דאָס מאָל — אַ מיידעלע.

האָט מען זיך דעמאָלט אָן ראַיבעלען גלייך פאַרגעסן, און אים געלאָזן אַליין וואַקסן.

.4

איז ער אַליין געוואַקסן.

נאָר אַז ער איז זיך אַזוי געוואַקסן אַליין פאַר זיך, און קיינער האָט זיך אויף אים ניט אַרומגעקוקט — ווײַל זײַן פאָטער איז נעבעך געווען אַן אָרעמער אַרבעטער, פלעגט אין די אָוונטן קומען אַהיים אַ רוגזאדיקער און האַלב־טויטער, און האָט געהאַלט אין איין מאָנען בײַ דער וועלט, און אין איין באַקלאָגן זיך אויף דער אומבאַרעמהאַרציקייט פון מענטשן; און זײַן מוטער האָט געהאַט אַ פולע הויז מיט חדרים און מיט קינדערלעך — איז ער זיך אַזוי אויסגעוואַקסן, ווי אַ פאַרלאָזן קראַנק בוימעלע, וואָס

וואַקסט זיך אַליין בײַ אַ הילצערנעם פּלויט, ניט אַזוי ווײַל מע דאַרף עס, נאָר ווײַל מע פֿאַרגעסט זיך עס אַליין אָפּצוהאַקן. בײַ אַזאַ בוימעלע גייען די צווײַגן ניט אַרויס גלײַך, ווי בײַ אַלע איבעריקע בוימער, וואָס וואַקסן ניט לעבן אַ פּלויט, נאָר מאָדנע אין דער קרים און בויגנדיק אַזוי, און קאַפּריזנע, — מיט קליינע שלאַנגלעך איבער זײַנע צווײַגן צו דער זון.

— אַ פּלאָניק, וואָס איז בלויז אַ צולהכעיסדיקער חלום פֿון אַ קראַנק־צעשפּרייטער פֿאַנטאַזיע.

אָט אַזוי פֿאַרקרימט און אויסגעבויגן איז אויך דאָס יינגעלע געוואַקסן, ווײַל עס איז ניט געווען ווער עס זאָל אויף אים אַכטונג געבן. נאָר זײַן קערפּערל־נשמהלע האָט זיך אויף איר אייגענעם אופֿן און דורך פֿאַרקרימטע שטעגלעך געצויגן צו דער ליכטיקייט פֿון דער זון — פֿאַר חיונה, פֿאַר לעבן.

.5

פּאַמעלעך אַזוי איז ער אַלט געוואָרן זעקס יאָר.

קיינער האָט גאָר ניט באַמערקט אַפֿילו, ווי אַזוי דאָס איז געשען.

עס איז דעמאָלט געווען, היכט זיך, עפּעס אַ פּורים־אָוונט. זײַנען פֿרײַנט און קרובים געקומען צו דער סעודה צו זײַנע טאַטע־מאַמע. הײפּט זיך אָן איינע אַ געפּאַקט־גופֿיקע קרובה:

— זע נאָר, ווי ער איז דאָס דיר אַזוי אויסגעוואַקסן, דער האָזיקער קאַראַפּוזיק! ווי אַלט, אַשטייגער, ציפּע, קאָן ער דאָס זײַן?

ציפּע — אַזוי האָט דאָס געהייסן ראובעלעס מאַמע — האָט אויף אים אַ קוק געטאָן, און איר איז מיט אַ מאָדנער פֿרעמדלעכער וואַרעמקייט אײַנגעפֿאַלן, אַז דאָס דאָזיקע יינגעלע, אויף וועמען די פֿעטע קרובה טײַטלט איצט מיט די דיקע קורצע פֿינגער, איז עס אַ טייל פֿון איר לײַב, און איז אַמאָל אַ פֿאַרבלוטיקטער אַרויסגעקומען פֿון איר טראַכט. זי האָט זיך אַ ווײַלע פֿאַרטיפֿט, געמאַכט געוויסע חשבונות, און האָט באַלד אַרויסגעזאָגט מיט אַ פֿאַרטראַכטן קוק אויף אים:

— ער מוז האָבן שוין, אַפּנים, זעקס יאָר אַלט.

ני, האָט ראַובעלע געוואוסט איצט, אַז ער איז שוין זעקס יאָר אַלט. נאָר וואָס איז דאָס אים אָנגעגאַנגען? ער האָט ווייטער ניט פאַרשטאַנען עפּעס, און איז ווייטער געוואַקסן.

.6

ער האָט אָנגעהויבן גיין אין שול. און דאָ האָט די פאַרזעסענע מיד מיטן גרינעם פּנים, זיין לערערין, די ערשטע באַמערקט, אַז עפּעס איז ניט גלאַט מיט אים, מיטן דאָזיקן קינד.

אין מיטן אַ טאַנץ־קאַראַהאָד, אין מיטן אַ קינדער־שפּיל, פלעגט ער מיטאַמאָל בלייבן שטיין אָן אַ זייט, און זיך פאַרטראַכטן. אַ דערביי־שטייענדיקער מענטש האָט דעמאָלט ניט געקאָנט וויסן, צו וועמען ער פלעגט עס דעמאָלט אַזוי שטיל און פאַרטראַכט שמייכלען, מיט אַ פינגערל פאַרשטעקט אין מויל.

ער, ראַובעלע, פלעגט זיך עס דעמאָלט צוהערן צו אַ ווייטן געזאַנג.

אין דער בלייער לופט האָט עס פאַר אים אַזוי העל געזונגען. דער אַספאַלטענער ברוק פונם שול־הויף, און די הויך־רויטע מויערן פון דער שול־געביידע פלעגן צערונען ווערן אין דער בלויקייט — ווי צעשמאָלצן פון דער זון, — די קינדערלעך האָבן גאָר געטאַנצט איצט אין אַ גרינעם פעלד, באַשפּרענקלט מיט בלימעלעך פון רויט, און בלוי, און חאָז, און לאַווענדער... די קינדער אַליין זיינען געווען בלימלעך, וואָס האָבן זיך באַוועגט... און אַרום, און אַרום אין פעלד האָט געשיינט איצט אַ סך זון, — אָן אַ שיעור אַ גרעסערע זון און גאָלדענערע, ווי די, פון וועלכער מע האָט דאָ אין הויף געזען בלויז אַמאָל אַ קליין פענעצל, ווי פון אַ גאָלדענער בולקעלע. יינגלעך און מיידלעך, אָנגעטאָן אין ווייסן, מיט נאַקעטע פיס און אַנטבלויזטע קעפּ, צעשויבערטע און פריידיקע האָבן געטאַנצט איצט אין פעלד, האָבן הויך געלאַכט און געזונגען:

— ליאַ־ליאַ... ליאַ־ליאַ... ליאַ־ליאַ...

.7

אומגערן, צי גערן — פאַרוואָס זאָל אַ קינד עפּעס אינמיטן דרינען זיך פאַרטראַכטן, און זיין אַנדערש, און ניט שפּילן זיך

פּונקט אָט אַזוי און פּונקט אין דער זעלבער צייט, ווי די איבעריקע? — אומגערן, צי גערן האָט מען אים באַלד אומגעוואָרפן איפן האַרט-שטייפן אַספאַלט פונם שול-הויף. קליינע ליבלעכע פיסלעך פון זוניקע קינדער האָבן אויף אים געטראָטן; זייער קינדיש געלעכטערל האָט דערביי פריידיק געקלינגען, ווי צעשטויסענער זונען-שטויב.

אַז די לערערין האָט אים איבערגעהויבן, האָט פון ראובעלעס נעזעלע גערינען בלוט, און זיין ווייסע בלוזקע איז געווען מיט דעם אינגאַנצן פאַרשמירט, און זיינע פיסלעך זיינען געווען צעדראַפּעט און צעקרעלט, ווייל אין די קינדער-שיכלעך, וואָס האָבן איבער אים געטראָטן, זיינען געווען טשוועקלעך, — קליינינקע אַזעלכע, און ליבינקע טשוועקעלעך.

איז די לערערין שוין דאָ איפן פּלאַץ געקומען צום ערנסט-געלערטן באַשלוס, אַז ראובעלע איז אַוודאי ניט קיין לייטיש קינד... ער טרינקט מסתמא ניט קיין פּאַסטעריזירטע מילך אין דער פרי, און שטאַמען שטאַמט ער געוויס פון אָרעמע, אומוויסנדע אַרבעטער, גיכער פון אַלץ, — פון „פרעמדע“...

האָט זי אָנגעשריבן אַ צעטל צו זיין מאַמען, און אים געהייסן, ער זאָל עס מיטנעמען מיט זיך, דאָס דאָזיקע צעטל, גייענדיק אַהיים.

נאָך אַלעמען, איז ער דאָך יאָ געווען אַ גוט קינד, און האָט זיך שוין אין אַלץ געהאַט פאַרגעסן, ראובעלע. שפּעטער, נאָך דער שול-צייט, האָט דאָס ליכטיק-פאַרטראַכטע ייִנגעלע אַוועקגעטאַנצט אַהיים אין דעם גאַנצן וועג אַהיים האָט ער געזונגען און געשפּרונגען — עס איז געווען אַ זוניקער טאָג, און אַ בלויקייט אַ באַגאָלדעטע איז אומעטום צעשפּרייט געווען. האָט ער אַריינגעטאַנצט אין הויז און דעם צעטעלע דער מאַמען איבערגעגעבן.

— אַ מתנה פון דער דרויסנדיקער זון.

די לערערין איז, עס האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן, געווען מאַקע גערעכט: פאַרט אַ געבילדעט מיידל, און דאָס יונג-רויטע בלוט פון זיך שוין לאַנג אַרויסגעשטודירט.

ראבעלעס מאמע איז טאקע געווען א אומווויסנדיקע „פרעמדע". און האט דעריבער לכתחילה דעם צעטעלע אפילו ניט געקאנט איבערלייענען. נאר אז זי האט א קוק געטאן אויף ראובעלען און האט דערזען, אז זיין ווייס העמדל איז איינגעשמירט מיט בלוט און קויט, און בלוט איז ביי אים פארגליווערט אויפן פנים, און דאס נעזל איז צעדראפעט, איז אין איר באלד אנגעצונדן געווארן דער גרייסער כעס:

— סטייטש, ערשט אינדערפרי אים אנגעטאן אין ווייסן, און שוין איז ער באשמוציקט!

אויף די הענט האט זי דעמאלט געהאלטן א קליין עפעלע — איר פלעגט אומגעפער יעדן יאר צוקומען איינס — האט זי עס געגעבן א זעץ אנידער אויפן טיש, אין גרויס גרימצארן.

האט דאס עפעלע אנגעהויבן מאכן גוואלדן.

איז דער מוטערס רציחה דערפון נאך מער געשטיגן.

זי האט אנגעכאפט ראובעלען און אים אנגעהויבן טרייסלען, ווי א באַרן־בוימעלע, וואס וויל קיין באַרעלעך ניט לאזן פאלן, — אים אנגעהויבן מיט רוגזא נהרגן און ממיתן.

— סטייטש, וואס וויל ער האבן פון איר לעבן? ער וועט זי דאך יונגערהייט אין קבר אריינברענגען! סטייטש, ערשט היינט אינדערפרי אנגעטאן אין ריינע זאכן! קיין כוח האט זי דאך שוין ניט מער צו וואשן אים די בלוזקעלעך יעדן טאג! אויסגעריסן ווערט זי פון אירע קינדער, ווערט זי דאך! און צו וואס האט זי גאר אינגאנצן אים געדארפט ברענגען אויף דער וועלט?

— הא?

און האט ראובעלען איינגעטיילט א היפש ביסל סטוסאקעס און פיכטשעס אין די זייטלעך אריין.

דער „הא" ביי איר האט זיך פרעגעריש־פאַרוואונדערט געקנייטלט, ווי א רינגל סיגארעט־רויך, אין דער ליידיקער חדרים־לופט. ער האט אבער קיין ענטפער ניט געקראגן, דער „הא", זיך דעריבער אין א ווינקל איינגעקארטשעט און דארט צערונען געווארן.

## .9

זיכער האָט ראַבעלע געוויינט: עס האָט אים ווי געטאָן. און וואָס אַנדערש קען אַ קינד טאָן, ווען עס טוט ווי? אַ לייב איז ביי אים געווען אַן איידעלער און אַ דינלעכער, ווי ער וואָלט געווען אויסגעוואַקסן פון אַזאַ דינעם אויסגעבלעזלטן גלאָז.

ער האָט אַפילו ניט פאַרשטאַנען, וואָס די מאַמע וויל פון אים מיט אירע טענות: „וואָס וויל ער פון איר לעבן? און צו וואָס האָט זי אים נאָך געדאַרפט ברענגען אויף דער וועלט?“

— ווער האָט זי דען געבעטן?

און דער עיקר:

— פון וועלכער וועלט האָט עס אים די מאַמע אַהער געבראַכט? —

האָט ער געוויינט, און געוויינט, און געוויינט, און האָט אויפגעהערט, — ווי עס הערן סוף-כל-סוף אויף צו וויינען אַלע, סיי קינדער און סיי דערוואַקסענע.

שפּעטער האָט אים די מאַמע עסן געגעבן, האָט אים, וואַרטשענדיק און בייז, חאָס פאַרבלוטיקטע נעזל אַרומגעוואַשן. און דאָס קליינע יינגעלע האָט זיך באַלד און אַליין פאַרגעסן.

ער האָט בלויז אַ שטיק צייט דערנאָך געטראַכט, ווי אַזוי עס קאָן אויסקוקן אָט יענע וועלט, וואו ער איז עס פריער געווען, און פון וואַנען ער איז עס אַהער געקומען.

און באַלד, טראַכטנדיק אַזוי, האָט ער שוין אָנגעהויבן שמייכלען... ווייל ער האָט זיך דערמאָנט אָן יענע זאַכן, וועלכע זיינען אַמאָל, אַמאָל מיט אים געשען, כאָטש ער וואָלט סיי-ווי ניט געקענט איצט אָנרופן די דאָזיקע „זאַכן“ מיטן נאָמען.

ער האָט זיך באַלד פאַרקליבן אין זיין ווינקל. דאָרטן האָט ער אַ קליין טישל געהאַט מיט שפּלאָרעלעך און קעסטעלעך, און אויף דעם זיינען געווען אָנגעוואָרפן צוגעלעך, און וואַגאָנטשיקעס, און קליינע שיפעלעך. ער האָט געוואוסט, אַז אויף זיי פאָרט מען.

— אָ... ער וועט נאָך אַמאָל אַוועקפאָרן אויף זיי אין ווייטע לענדער אַריין...

און אַז עס וועט אים באַשערט זיין, וועט ער נאָך אפשר יונגערהייט אָנקומען אין יענעם לאַנד, פֿון וואַנען ער איז אַהער געמען.

.10

אָוונט שטילער האָט אַרנטערגענידערט. ער האָט פֿאַרבליט און פֿאַרווייכט די אַרומיקע גאַסן און ליידיקע פֿעלדער. האָט אַרומגעטוליעט די הייזער, און ראובעלעס יונגע וואונדן.

ער האָט זיך אָן די קלעפּ שוין לאַנג פֿאַרגעסן.

נאָר אין אָוונט דעם שטילן אין דעם בלויען איז דער פֿאַפּאַ פֿון דער אַרבעט געקומען, — געקומען אַהיים אַ מידער, אַ האַלב-טויטער און אַ מאָגנענדיקער. און ביים עסן האָט אים די פֿרוי, וועלכע האָט אים ביינאַכט שטאַרק-שטאַרק ליב געהאַט, דערציילט דאָס בייטאָגיקע.

— פֿאַרוואָס זאָל זי דען עפּעס פֿון איר אייגענעם מאַן באַהאַלטן? איך בעט אייך, פֿאַרוואָס?

אָט דער ראַיבעלע איז גאָר עפּעס אַ ווילד קינד... אָט ווי ער וואָלט געווען אויסגעוואַקסן אין אַ מדבר. ער פֿאָלגט קיינעם ניט, — ניט דער מאַמען, ניט דער לערערין. ער קריכט אים אין אַלע לעכער. ער שמירט זיך אויס, ער שלאָגט זיך אַרום מיט אַלע קינדער, — זיין האַנט איז אין אַלעמען, און אַלעמענס האַנט איז אין אים. אָט האָט ער זיך, אַשטייגער, היינט אינדערפֿרי צעשלאָגן מיט אַ „באָיטשיקל" אין סקול. די לערערין האָט צוגעשיקט אַהיים אַ בריוועלע, אין וועלכן זי שרייבט, אַז מע וועט אים, ראַיבעלען, דערפֿאַר פֿון שול סוף-כל-סוף אינגאַנצן אַרויסוואַרפֿן....

און זי האָט דעם מאַן דערמאָלט דערלאַנגט דאָס צעטעלע.

— נאַ, זאָל ער עס אַליין איבערלייענען!

נאָר דער פֿאַפּאַ האָט דאָס בריוועלע ניט איבערגעלייענט. ערשטנס, איז ער געווען מיד. צווייטנס, קאָן ער דאָך נאָך זיך, אין אַזעלכע קלייניקייטן, פֿאַרלאָזן אויף זיין אייגן ווייב!

ער האָט איצט גראָד געהאַלטן אין עסן דעם קאָמפּאָט. די ליפּן און אַ שטיק מאָרדע זיינען געווען ביי אים איינגעשמירט אין גע-

קאָכטע עפּל מיט מאַראַנצן-שאָלעכטס. עס איז געווען אַזוי געשמאַק — ממש אַ חיות. האָט ער אַלע ווײַלע אַרויסגעשטעקט אַ בלײַלעכע געשטופּלטע צונג און די ליפּן אַרומגעלעקט. ער האָט אײַך געקוקט איצט, זיס-באַלעקנדיק זיך, אויפֿן ווײַב און בשעת מעשה צי איר אויף אַ וואַרעם-היימישן אופֿן געשמייכלט.

יאָ... ער האָט איצט עפּעס אַזעלכע וואַרעם-צופֿרידענע מחשבות געהאַט.

אין דער יוגנט, איז אָט דער מענטש געווען אַן אָנהענגער פֿון פּיראָגאָוום און פּעסטאַלאָצים שיטות פֿון קינדער-דערציִונג. קינדער דאַרף מען אַ סך פֿרײַהייטן געבן. לאָזן זיי ווי גרעזעלעך אין פֿעלד — זאָלן זיי אַליין וואַקסן. זאָלן זיי נאָכפֿאָלגן זייערע אייגענע, אין-זיך-פֿאַרהיילענע און פֿאַר אַ ווײַטיק אויג אומגעוועענע, אַנטוויקלונגס-געזעצן.

זיכער אַזוי.

נאָר דאָס איז דאָך אַלץ געווען אין דער יוגנט.

איצט אָבער איז ער, ווי אַלע מענטשן, שוין עלטער געוואָרן. עלטער און טעמפּיקער — „קליגער”, האָט עס געהייסן — מידער.

אַך, ער איז דאָך געווען אַזוי מיד... אַ גאַנצן טאָג האָט ער דאָך אַזוי שווער אין שאַפֿ געאַרבעט. נו, נישקשה, — אים אויך האָט די וועלט שוין לאַנג אויף האַלב-טויט פֿאַרשמיסן.

.11

אַז ער האָט מיטן צונג שוין געהאַט אַרומגעלעקט דעם קאָמפּאָט-טעלער, איז ער אַרײַן אין זאַל-צימער.

ער האָט געטריי ראַבעלען צו זיך צוגערופֿן:

— אַ שפּילצײַג וויל ער אים געבן... אַ שפּילעכל...

ער האָט אים אָנגענומען בײַ די הענטלעך און צווישן די קני אַנידערגעשטעלט. אַ וואַרעמקייט האָט זיך אים איבערן לײַב צעשפּרייט, דעם געטרייען טאַטן. די קני האָבן זיך אים אַזש געטרייסלט.

און ווי קאָן מען עס גאָר צו אַ קינד ריידן, און אים דער-

זוין, וואָס ס'איז ריכטיק, און וואָס — ס'איז נישט-ריכטיק? טאַקע אַט ווי אין אַנדערע חשובֿדיקע ביכער איז שוין געשריבן:

— ביי אַ קינד זיינען האָך די מאַרך-צעלן ניט אַנטוויקלט... און די צעלן פון „באַנעמען" און „פאַרשטיין" — פעלן נאָך דעם גאָר אינגאַנצן.

היינט. ווי קאָן מען גאָר צו דעם ריידן און געבן אים צו פאַרשטיין, אַז ער האָט ניט מיט וואָס צו באַנעמען דאָס, וואָס מע רעדט צו אים?

— אַ קינד איז, — שטייט דאָרט ווייטער, אין אָט יענע חשובֿע ביכער, געשריבן, — אַ קינד איז אַ ווילדע חיה, וואָס האָט אויף זיך קיין אַחריות-געפיל און קאָן גאָרניט טראַכטן, און רייסט אַלץ, און ברעכט אַלץ... און אויף אים ווירקט דעריבער בלויז איין מיטל:

— מורא פאַר שטראָף.

האָט דער טאַטע ראובעלען צו זיך אויף די קני אַרויפגעשלעפט, מיטן רוקן אַרויף. געוואונדערט האָט זיך דעמאָלט דאָס יינגעלע איבערן נייעם שפיל, וואָס דער פאַפאַ גייט האָבן מיט אים איצט. געוואונדערט זיך און געוואַרט, און דערווייל געקנאַקט פון גרייסער פרייד מיט די ליפעלעך.

— קלאַ... קלאַ... קלאַ...

דער פאַפאַ האָט אים אָנגעהויבן די הויזעלעך אַרונטערנעמען. די הענט האָבן אים אַזש געציטערט פון אויפרעגונג, ווען ער האָט אים די קליינינקע הויזן-קנעפעלעך פונאַנדערגעשפּילעט, — געציטערט האָבן אים די הענט, ווי ביי אַ יונגן באַלעבעסל, ווען ער טוט זיין פרוי די קליידער אויס אין מינוטן פון ליבע.

און ראובעלע האָט זיך אַלץ געוואונדערט, און געוואַרט אַלץ, וואָס פון אָט דעם שפיל וועט אַרויסקומען.

אָן אַ זייט איז די ווייב געשטאַנען און צוגעקוקט מיט פאַרצאַפּלטע אויגן און פאַרצאַפּלטן האַרץ. ביז דער מאַן האָט אויף איר וואַרעם-פעסדיק אַ קוק געגעבן.

— זאָל זי אַהיימגיין!....

האָט זי דעם בליק זיינעם ניט אויסגעהאַלטן, און מיט רוגזא

און פאַרהאָס, — וואָס זי קאָן דערביי ניט זיין, — אין שלאָף־צימער צו זיך אַריין.

— דו וועסט ווייטער ניט פאָלגן אַ מאַמען? ניט פאָלגן אַ לערערין? ניט פאָלגן אַ פאַפאַן? איסקריכן אַלע לעכער? פאַרשמירן דיינע ריינע העמדעלעך?

ער האָט געשמיסן ראָבעלען איבערן וואַרעמען לייב. געשמיסן מיט זיין הויזן־רימען, געשמיסן צוערשט פאַמעלעך, אומזיכער. דערנאָך, — וואַרעמער, אַלץ וואַרעמער, שטאַרקער און מיט חשק.

דאָס יינגעלע האָט צוערשט עס ניט פאַרשטאַנען, — געמיינט, אַז דאָס איז עפּעס אַזאַ שפּיל, אַ מאָדנע. נאָר דערנאָך האָט עס אים אָנגעהויבן ברענען דאָס לייב. האָט ער אָנגעהויבן צוערשט שרייען־לאַכן: ער האָט ניט געוואוסט קלאָר, צי ער דאַרף דאָ לאַכן, אָדער וויינען. נאָר באַלד איז דאָס לאַכן פאַרשטעקט אין זיין העלזעלע שוין געבליבן און די שטוב האָט בלויז פאַרנומען זיינע יאָמערלעכע געשרייען.

און אַז דאָס יינגעלע האָט ווייטער געשריען, איז דער פאַפאַ נאָך ווילדער געוואָרן, און נאָך מער געשמיסן. די אויגן האָבן אים געברענט, און דער גאַנצער קאָפּ האָט אים איצט געקלונגען. די ליפּן האָבן דערמאָלט צעקרימט געשמייכלט פון תענוג, און אַ סלינע, אַ געדיכט־קאַלעמוטנע, איז אים באַלד פון מויל גערונען.

און אין דעם שטיל־בלייען אָוונט אַריין האָט דאָס יינגעלע נאָכאַנאַנד אַלץ געשריען, געשריען... און די אייגעלעך האָט ער די גאַנצע צייט געהאַלטן פונאַנדערגעגלאָצט, — ער האָט אַלץ ניט געקאָנט פאַרשטיין, וואָס איז דאָס פאַר אַזאַ שפּיל.

.12

שפּעטער אַ ביסל האָט אים די מאַמע פון דעם טאַטנס הענט אַרויסגענומען.

— און דער אמתן, עס איז שוין גענוג, — האָט זי געטרי־
און אומצופרידן אַ בורטשע געטאָן.

זי האָט אים אַרומגעוואַשן דאָס פּנים, אים אויסגעטאָן און שלאָפֿן אַנידערגעלייגט.

אַליין איז זי באַלד אין שלאָפֿצימער אַריין, וואו דער מאַן אידער האָט זיך שוין געהאַט געפֿונען. אַ כּעסדיקער און אַן אומצופֿרידנגעשטעלטער, האָט ער די שיך מיט אַ הילכיקן קלאַפּ אויף דער פּאָדלאָגע געוואָרפֿן. זיי זיינען געפֿאַלן און געבליבן ליגן שטיל, די שיך, — אין גרויס מורא ופּחד פֿאַר זייער באַלעבאָס כּעס.

און באַלד איז ער, אַן אויסגעטאָנענער און אַן אויפֿגערעגט־ציטערנדיקער, אין בעט געלעגן, און אויפֿן ווייב געוואַרט.

און אין איר — אַ גרויזאַמע ליבשאַפֿט האָט זיך אין איר איצט אָנגעצונדן צו איר מאַן... זי האָט זיך אויך אויף גיך אויסגעטאָן, און זיי האָבן זיך ביידע שלאָפֿן געלייגט.

.13

פּאַוואָליע, פּאַוואָליע האָט זיך די אָוונט־בלייקייט ווייטער געוויקלט פֿון דער נאַכט־שפּולקע אַרונטער. עס איז געוואָרן מיט יעדער מינוט פֿינסטערער און טונקעלער אויף דער וועלט.

איצט איז שוין גאָר שפּעט. די גאַנצע אָוונט־בלייקייט האָט זיך שוין לאַנג אַרונטערגעוויקלט, און איז שוין וואו אַוועקגעגאַנגען מיט דער סטעזשקע פֿונם טאָג.

עס איז נאַכט איצט.

ראַבעלע האָט אַזוי לאַנג געשריען, געשריען, געשריען, ביז וואַנען די כּוחות זיינע זיינען אים ענדלעך אויסגעגאַנגען.

דאָס געוויין זיינס האָט זיך אים פּיסלעכווייז אָנגעהויבן אויסזען אַ פֿרעמדער, ניט זיינער. אַ ווײַלע האָט ער נאָך אַפֿילו בכּיוון געוויינט, כּדי זיך אײַנצוהערן, ווי עמעצער, אַ פֿרעמדער, וויינט אַזוי אין דער פֿינסטערניש פֿון דער נאַכט... אַ פֿרעמדער, וואָס געפֿינט זיך אין אים אַליין. נאָר אינגיכן האָט ער זיך דערשראָקן פֿאַר אָט יענעם פֿרעמדן און איז אינגאַנצן אַנטשוויגן געוואָרן.

אײַנשלאָפֿן האָט ער אָבער סײַ־ווי ניט געקענט, ווײַל דאָס לײַב האָט אים געברענט, און ס׳איז אים געווען הייס אַזוי.

ער איז ניט געווען אין כעס אויף קיינעם. עס איז ניט געווען זיין טבע צו זיין אין כעס אויף עמעצן. (בלויז איין מאָל אין זיין גאַנץ לעבן איז ער כמעט אין כעס געוואָרן, נאָר וועגן דעם וועט דערציילט ווערן ערשט שפּעטער). ניין, ער איז ניט געווען אין כעס איצט אויף קיינעם. איצט האָט ער בלויז געפילט איין זאַך:

— דאָס לייב שמאַרצט אים... דאָס לייב ברענט אים...

מער ניט — ער האָט ניט פאַרשטאַנען עפּעס.

ער האָט ניט פאַרשטאַנען, צוליב וואָס האָט דאָס דער טאַטע געדאַרפט טאָן אַזוי, אַז עס זאָל אים וויי טאָן? עס זיינען דאָך דאָ אַנדערע שפּילן. ניט אַנדערש: דער פּאַפּאַ איז אַוודאי עפּעס אַן אַנדערער געוואָרן... אַ נייער אָדער גאָר: ער האָט זיך געמיזט אָן עטוואָס פאַרגעסן, און מער ניט געוואוסט דעריבער, ווי צו ריידן מיט אים, ראַיבעלען, — און ווי צו שפּילן זיך מיט אים.

דער פּאַפּאַ האָט זיך, אַפּנים, פאַרטראַכט... אָט ווי ער, ראַיבעלע, האָט זיך איינמאָל פאַרטראַכט אין סקול-הויף און באַלד דערויף האָט עס אים גענומען אַזוי וויי טאָן, און בלוט איז אים דעמאָלט גערונען.

און איצט איז עס מסתמא אויך אַזוי געווען; דער פּאַפּאַ האָט זיך געמיזט פאַרטראַכטן, און דעמאָלט איז „עס" געשען.

— אָ, אַז מע פאַרטראַכט זיך, געשעען שוין, ווייזט אים, אַלעמאָל אַזעלכע מאָדנע זאַכן... נאָר אַמאָל מיט עס ווי באַלד נאָכדעם, און אַמאָל, פאַרקערט, — איז עס גאָר גוט אַזוי.

און אפשר האָט זיך אים עס גאָר איינגאַנצן אויסגעדוכט? זיכער, דאָס האָט זיך אים אַלץ בלויז אויסגעדוכט... עס קאָן דאָך ניט זיין, אַז דער פּאַפּאַ זאָל עפּעס אַזוי מאָדנע ווערן, און זיך פּלוצלונג אַזוי פרעמד-ווייטאָגדיק מיט אים אָנהויבן שפּילן.

— אַוודאי... דאָס האָט זיך אים, ראַיבעלען, בלויז אויסגעדוכט, אַז מע האָט אים געשמיסן... עס איז אינדעראמתן גאָרניט געווען, — גאָרניט...

עס האָט אים איצט איינגאַנצן געפּיבערט, אַ היץ האָט אים אַרומגעוויקלט, און זיין מוחל האָט זיך אַלץ ניט געקענט באַ-

דזיקן. און אפשר פאַרט — אפשר האָט ער פאַרט געטאָן עפּעס אַזוינס, וואָס איז ניט ווי עס באַדאַרף צו זיין? —

— אָ, יאָ... איצט ווייס ער שוין... ער האָט זיך דערמאָנט.

ער האָט פאַרנאַכט אַוודאי די הילצערנע פערדעלעך און די קאַרטאָנענע שיפעלעך אינמיטן שטיב איבערגעלאָזן. האָט זיך די מאַמע איבער אַ קליין אָקרענטל דעם פיס פאַרטשעפעט. האָט זי דעמאָלט דעם פאַפאַ דערציילט. האָט דער פאַפאַ אים דערפאַר געשמיסן.

נאָר דער פאַפאַ איז דאָך אַלעמאָל געווען אַזאַ שוויינדריקער און גוטער... פאַרוואָס־זשע האָט ער אים איצט אַזוי ווי געטון? פאַרוואָס?

ראובעלע האָט זיך געביסן דעם פויסטל פון גרויס ווייטאָג, נאָר זיך געשראָקן צו שרייען אינמיטן דער נאַכט.

ער האָט ביי זיך אָבער אָפּגעמאַכט:

— דעם צווייטן מאָל, אַז ער וועט זיך שפּילן, וועט ער די וואַגאָנטשיקעס און די שיפעלעך טיפער און נעענטער אַרום זיך אַרומשטעלן, און וועט זיך שוין אונטע זיי באַהאַלטן... יאָ.

— פון היינט אָן און ווייטער וועט ער זיך באַהאַלטן און באַשיצן אונטער זיינע שיפעלעך.

.14

ביי דעם האָזיקן געדאַנק איז אים בעסער געוואָרן. דער ווייטאָג האָט זיך שוין איצט מער ניט געפילט.

די נאַכט איז געווען איצט אַזוי איינגעהאַלטן און שטיל — זי האָט אַזש געציטערט פון שטילקייט און איינגעהאַלטנקייט.

— וואָס איז דאָס? — הייבט זיך אָפּ ראובעלע מיטאַמאָל.

ער האָט מיטאַמאָל דערהערט טריט און אַ שטיל געזאַנג... טריט איף יענער זייט וואַנט. אַ מענטש האָט דאָרטן, ווייזט אויס, האַסטיק און פאַרשפאַרט אַרומגעשפאַנט, אַרומגעשפאַנט — הין און צוריק, הין און צוריק; און אַ סטעזשקע איבער דער פאָדלאָגע אויסגעטראָטן, אַ סטעזשקע אַ ליכטיקע. אַרומגעשפאַנט און אַרומגעשפאַנט...

און אָט — ער האָט שוין באַלד מער ניט געזונגען, אָט יענער מענטש, —

— ער האָט געוויינט...

ראובעלע האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ. האָט זיך אָנגעהויבן ביסלעכווייז אינגאַנצן אויפהויבן פון זיין געלעגער און זיך שטיל רוקן אַלץ נענטער צו דער וואַנט. נאָך אין דער מינוט האָבן די טריט אויף יענער זייט וואַנט אויפגעהערט. ראובעלע האָט גענומען דעמאָלט און צוגעשפּאַרט זיין קאָפּ צו דער וואַנט.

יענער מענטש, — דער, וואָס האָט פריער געוויינט און איצט האָט ער שוין מער ניט געוויינט, — האָט, אַפּנים, אויך דאָס זעלבע געטאָן: זיי האָבן ביידע די קעפּ געהאַלטן איצט אַזוי אָנגעשפּאַרט איינער אָן דעם אַנדערן... נאָר די וואַנט איז געווען צווישן. — און יענער האָט צו אים גאָרניט גערעדט, נאָר בלויז געגלעט אים — געגלעט דורך דער וואַנט.

ראובעלען איז באַלד געוואָרן וואַרעמער, היים אַזש. ער האָט געשמייכלט פון הנאה און גוטסקייט און זיך געטוליעט צו דעם אומגעזעענעם אויף יענער זייט וואַנט. נאָר באַלד האָט ער זיך אָנגעהויבן פילן מיד. אַ זיסע פאַרחלשטקייט איז אים באַפאַלן. אָט, איז ער גאָר שוואַך געוואָרן און איז צוריק אַנידערגעפאַלן אויף זיין געלעגער, — אַנידערגעפאַלן מיט פאַרמאַכטע אויגן און אַן אָפּענעם מיילכל.

.15

פּליצלונג איז געוואָרן אינגאַנצן ליכטיק אַרום אים.

אין שטוב איז אַפילו נאָך אַלץ געווען טונקל. טאַטע־מאַמע האָבן, דערשעפּטע און תּאוה־אויסגעמאַטערטע, נאָך שטאַרק געכראָפּעט. נאָר אַרום ראובעלען איז דאָך געווען ליכטיק. גאָלדענע רעדער האָבן זיך אים פאַר די אויגן געדרייט. אַ גרויס ליכט וויקלט אים באַלד אינגאַנצן אַרום, — אַ ליכט, ניט קיין זומערדיקס און ניט קיין ווינטערדיקס — אַ גרויס, בלוי ליכט.

אויף אַן אָקרענט איז ער איצט געפאָרן איבער אַ בלוי־באַגאָלדעטן וואַסער... גענז אַזעלכע ווייסע שווימען איבער וואַסער. זיי־

ערע הויך־שנייקע העלזער בויגן זיי חנעוודיק אַזוי אין גלימשיקע האַלבּ־אין פערטל־קרייזן. און ער, ראובעלע, שווימט איצט אויפן וואַסער, — שווימט אויפן רוקן פון אַ ווייסער גאַנז. אַ נאַקעטלוכטי־קער איז ער און שמייכלט אינגאַנצן צו עמעצן מיט ווייט־קוקנדיקע אויגן. אין האַנט האַלט ער אויפגעהויבן אַ גאָלדענע רוט, מיט וועל־כער ער ווייזט אָן דעם וועג דער גאַנז. שטיל שווימט ער איבערן באַגאָלדעטן און זוניקן וואַסער, — שווימט צו אַן אומבאַקאַנטן און ווייטן לאַנד.

.16

אויף מאָרגן איז ער אויפגעשטאַנען מיט אַ שמייכעלע אויף די ליפּן.

ער איז אומגעגאַנגען אַ גאַנצן טאָג אַ שטילער, און מיט אַ וואונדערנדיק געפיל אַרומגעטאַפּט די זאַכן און דאָס מעבל אין די חדרים, אָט ווי ער וואָלט זיי איצט ערשט צום ערשטן מאָל דער־זען. אָדער, — ער האָט זיי טאַקע אַמאָל שוין יאָ געזען, נאָר אַ לאַנג־לאַנגע צייט איז ער געווען אָפּגעשיידט פון זיי...

— ער איז ערשט היינט אינדערפרי צוריקגעקומען פון אַ לאַנגער, לאַנגער נסיעה...

ער האָט געקוקט, אַ שטייגער, אויף זיין קליין שוועסטערל, וועל־כע איז שוין העכער פור יאָר אַלט געווען, און עס האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז ער זעט זי ערשט צום ערשטן מאָל. זי איז איצט אַ נייע, זיין שוועסטערל, און אַ נאָך־קיינמאָל געזעענע.

דער טאַטע איז איצט אין הויז שוין ניט געווען. און אַז די מוטער איז אין קיך אויף אַ ווילע אָפּגעטראָטן, איז ער צוגעגאַנגען צו אָט דעם פרעמד־נייען שוועסטערל, און מיט אַ סוד־וויכטיקייט און אַ שמייכל אין די אויגן, — ווי ביי איינעם, וואָס האָט געזען זאַכן, — איר אָנגעהויבן צו דערציילן, צו דערציילן — גיך, און געהיימניספול, און געאיילט:

— ווייסט?... איך ווייס... עס איז דאָ אַ בלויי וואַסער, און זיינע ברעגן זיינען באַגאָלדעט, און שיפן גייען דאָרטן.... און צווישן זיי שווימט אַן אָקרענט אַזאַ, ווי אַ ווייס־שנייקע גאַנז מיט אַן אויס־

געבויגן-קיילעכדיקן האַלז... און אויף דעם שיף בין איך נעכטן ביי-נאַכט געפאָרן — וועל איך נאָך אַמאָל אַוועקפאָרן.... ווייל.....

נאָר די מוטער איז דאָ אַריינגעגאַנגען. האָט ער אָפּגעהאַקט זיין דערציילונג אין מיטן. עס איז שוין געווען צייט צו גיין אין שול.

און די שמיץ האָט ער זיך שוין געהאַט פאַרגעסן.

און אויפן וועג אין שול האָט ער פריידיק אַזש אונטערגע-שפּרונגען.

.17

און אַזוי איז ער ווייטער געוואַקסן.

ער איז מיט יעדן טאָג געוואָרן שטילער, שווייגנדיקער און אין זיך פאַרטאָן. מיט די אַהמיקע האָט ער גאַנץ ווייניק מחזקות גע-האַט.

פון צייט צו צייט פלעגט ער אַפילו נאָך קריגן אַ זעץ פון דער מאַמען, ווען ער פלעגט אַזוי בלייבן זיצן ביים טיש בשעתן עסן,— פאַרטראַכט, מיטן לעפל אין מויל, און זיין רעכטע האַנט אומ-באַוועגלעך ביים לעפל-הענטל.

— פרעס, צו אַלדי שוואַרצע יאָר!... דוסט פּאָפּן שפּעטער!

פלעגט ער אָנהויבן עסן גיכער, און פלעגט זיך די צונג אַזש אָפּבייסן, און די ליפּן אָפּברענען, און איז געווען צופרידן, ווען ער האָט באַלד געקענט פון טיש אַוועקגיין.

נאָר אַרן האָט עס אים מער ניט געאַרט... ווייל עפּעס האָט ער דאָך געוואוסט אַזוינס, וואָס קיינער אַרום אים האָט עס ניט געוואוסט.

און ער איז ווייטער געוואַקסן.

.18

ער איז שוין אַלט געוואָרן אַכט יאָר.

מען האָט זיך צו אים און צו זיינע דרכים סוף-כל-סוף צו-געוויינט און אָנגעהויבן לאָזן אים צורו. די טאַטע-מאַמע, די לע-רערין.

— אַ תּמעוואַטע קינד. אַ פֿאַרפֿאַלענער. גאָטס קללה.

און אים האָט זיך אַלץ געחלומט: אַ וואַסער מיט אָקרענטן... אַ שיף, אויף וועלכער ער וועט נאָך ערגעץ אַוועקפֿאָרן.

ביינאַכט, אויפֿן געלעגער, פֿלעגט ער הערן האָס ווייטע פֿייפֿן פֿון לאָקאָמאָטיוון. אַן אײַזנבאַן־ליניע האָט זיך געפֿינען אַ מייל־צוויי פֿון זייער הויז. און ביינאַכט פֿלעגט די אײַזנבאַן־ליניע, צוזאַמען מיט די דורכלויפֿנדיקע צוגן, נעענטער ווערן, און צוקומען צו די פֿענסטער פֿון ראובעלעס חדר, און דורכלויפֿן דאָרטן — דורכלויפֿן פֿאַר זײַן פֿאַרגעניגן וועגן.

ער האָט דעמאָלט בשום אופֿן ניט געקענט אײַנשלאָפֿן. עס האָט אים געהייבן פֿון געלעגער. אַ הוילער, אין דעם לאַנגן, ווײַסן שלאָף־העמד — ער האָט זיך ליב געהאַט אין אָט דעם לאַנגן, ווײַסן שלאָף־העמד, ווײַל אַזוי — האָט ער געטראַכט — האָבן זיך מענטשן געמוזט אָנטאָן אין די ווײַטע לענדער, וואָס מען זעט אין דער בלויקייט פֿון דער נאַכט — האָט ער זיך אויף די שפּיץ־פֿינגער צום פֿענסטער צוגעגנבעט, און מיטן בלייכן שטערן זײַנעם הויכן פֿענסטער צו דער נאַכט זיך געבוקט.

אַך, די נאַכט... די נאַכט איז אַ וואונדערבאַרע פֿליסיקייט אַזאַ, וואָס פֿאַרבט אַלע זאַכן אָפּ אויף ס׳ניי. אַ נײַע וועלט הייבט זיך דעמאָלט אויף. אַ נאָך־ניט־געוועזענע וועלט. די בײַטאָגיקע הײַזער ווערן אין מיסטערלישע פּאַלאַצן איבערגעאַנדערשט. אין פּאַלאַצן מיט טורעמס און דינע טורעמס־שפּיצן, ווי זילבערנע נאָדלען. און אַזוי פֿיל לאַמטערנעס, און פֿײַערן, און ליכטפֿינטעלעך.... ווי אין אַ שטאָט, וואָס איז ניטאָ.

אָט אין אַזעלכע נעכט איז עס בײַ ראובעלען פּאַמעלעך געוואַקסן און אויסגעוואַקסן דער געדאַנק:

— האָ, צווישן די אַרומיקע, איז ער בלויז אויף אַ ווײַלע...

און אָט דעריבער, אַפֿנים, איז שוין בײַ אים אַלע מאָל אַזאַ שטיל שמייכל אַרום די ליפּן געלעגן, ווי ער וואָלט געוואוסט: אין אַ געוויסן טאָג וועט ער נעמען און אַ מאַך טאָן אַזוי מיט זײַנע הענט־פֿליגלען, — אַ מאַך טאָן, זיך אויפֿהייבן — און ניט ווערן.

יאָ... אַז ער וועט עלטער ווערן, — איז בײַ אים געבליבן, — וועט ער אַוועק פֿון דאַנען, און אַ פּאָר טאָג אין די ווײַטע לענדער, — לענדער, וועלכע זײַנען פֿאַרשיידן און אַנדערשדיק, ווי דאָס לאַנד, אין וועלכן ער וואוינט.

— די מענטשן זײַנען דאָרט נײַע, אַנגעטאָן אין ווײַסן, און שמייכלען, און... און... און אַלץ.

דאָרט וועט ער קענען זיצן בײַם ברעג פֿון אַ גלאַטער בלױקייט ווען ער וויל, און זיך פֿאַרטראַכטן ווען ער וויל. און מע וועט אים בשעת מעשה ניט איבערפּאָרן, און מיט די שיכלעך אויף אים ניט טרעטן. און פּאַפּאַס וועלן דערפֿאַר ניט שמײַסן, און מאַמעס וועלן ניט שלאָגן און ניט שרײַען נאָכאַנאַנד:

— גוואַלד, וואָס האָט ער צו זײַער לעבן...

פֿלעגט ער שטיין אַ שטיק נאַכט בײַם פֿענסטער און קוקן אינעם גרױס־שטאָטישן דרויסן, וואָס איז געווען באַזייט מיט געלע און בלויע פֿײַערן. דורכן פֿענסטער האָט זיך 'אַ וואַסער אַרויס־געזען, און שיפֿן און פֿילמאַסטיקע דאַמפֿערס האָבן זיך איבער אים געצויגן. זײ זײַנען ערגעץ געפֿאָרן. ער האָט ניט גע־וואוסט — וואוהין. ער האָט אָבער יאָ געוואוסט, אַז דאָס פֿאָרן זײ אַוועק פֿון הי, — ווײַט פֿון דאַנען, אין די לענדער, וואָס מעבר־לים.

.19

ער איז עלטער געוואָרן.

זײַן לעבן איז, לויט אַלע אויסערלעכע סימנים, געגאַנגען ווי געוויינלעך דאָס לעבן פֿון אַ קינד.

מיט די איבעריקע שול־חברים האָט ער זיך מיטגעשלעפּט פֿון איין קלאַס צום אַנדערן, פֿון אַ נידעריקערן צו אַ העכערן. זײַן האַרץ איז אָבער ניט געווען דערבײַ, בײַם לערנען, — ער איז עס אַלץ פֿאַרבײַגעגאַנגען, ווי אַ ווײַטיקער, ווי ער וואָלט די גאַנצע צײַט געגאַנגען אויף יענער זײַט פֿון אַ פּלויט.

די לערערין פֿלעגט אים אָפּטמאָל מיט דער ווירע איבער די הענט שלאָגן, ווער ער פֿלעגט דעם אָרט אין בוך אַזוי גיך

ניט קאָנען געפינען. די קינדער פלעגן פון אים אָפּלאַכן, און זיך האַלטן גרעסער און וויכטיקער פאַר אים, מחמת זיי האָבן מער גע־וואוסט אין די ביכלעך. און ער פלעגט זיך פאַרשעמען בשעת מעשה, ווען די לערערין פלעגט אים כאַפּן מיטן פאַרברעכן אין האַנט, און שווער איז אים געווען צו געבן אַ תירוץ, —

— פאַרוואָס הערט ער זיך ניט צו צו דעם, וואָס מען לייענט?

פלעגט ער דעמאָלט שטאַרק פאַרשעמט אַראָנטערלאָזן די אויגן. נאָר געוואוסט האָט ער בײַ זיך אין האַרצן.

— אָ, ער ווייס מער פאַר זיי... נאָך גאָר גרויסע און ווײַטע זאַכן זײַנען אים באַשערט אין לעבן, — זאַכן, פון וועלכע עס חלומט זיי זיך אַפילו קיינמאָל ניט....

איבער זיי חלומען גאָר אינגאַנצן...

.20

אָבער איין לימוד האָט ער יאָ ליב געהאַט אין סקול. דאָס איז געווען געאָגראַפיע.

זײַנע אויגן פלעגן אַזוי שמאָל־מאַנדלדיק און אַזוי לעגגלעך פאַרטראַכט ווערן בײַם זוניקן, ווײַט־זינגענדיקן קלאַנג פון די אומבאַ־קאַנטע מקומות.

— זאַנזיבאַר... מאַדאַגאַסקאַר... פערנעמבוקאָ... ריאָ־דע־זשאַ־ניירא... קאָרדילערן... סיערראַנעוואַדאַ... פאַמפּאַסן... לאַ־פּלאַטאַ... סאַן־סאַלוואַדער....

מיט די פינגער פלעגט ער באַטאַפּן די גראַווירטע אילוסט־ראַציעס אין די געאָגראַפישע לער־ביכער, און פלעגט דערבײַ האָבן דאָס געפיל, אַז ער רײַבט זיך סאַמע אין דער קאָרע פון די געווירצט־באַפּאַרבטע בוימער אין הייסע טראָפּישע וועלדער, און אַז ער טרעט איבער דעם זאַמד פון היים־צעגליטע מדבריות.

דערנאָך, אַז ער פלעגט קומען אַהיים, פלעגט ער פיל, פיל דערפון טראַכטן... און אַז עס פלעגט אָוונט ווערן, פלעגט ער זיך אַנידערשטעלן בײַם פענסטער און אַ לאַנגע צײַט שוין אַזוי קוקן איבער פאַס פונם לאַנג אײַלאַנד־סאונד, און מיט די אויגן נאָכפאָרן די

ווײטלעכע פֿיל־פֿיערדיקע שיפֿן, וואָס פֿלעגן זיך ציען אין אַט יע־
נע ווײַטע לענדער.

אַזוי אַוועק נאָך אַוועק.

.21

ראַבעלע איז שוין איצט געווען אַ גרויסער יונגל.

ער פֿלעגט פֿון צײַט צו צײַט אַפֿילו אַ שניפּס אָנטאָן.

שוין קרוב צו נײַן יאָר אַלט געווען — האָט ער שוין גע־
וואוסט איצט, אַז אין ניו־יאָרק איז דאָ אַ האַפֿן און פֿון דאָרטן
גייען עס אָפּ אַלע שיפֿן צו גאָר די עקן פֿון דער וועלט.

— וואו געפֿינט זיך אָבער דער האַפֿן? אַט דאָס דאַרף מען
אויסגעפֿינען... און בכלל — ווי קומט מען אַהין?

אין אַז מען זוכט, זאָגט מען, געפֿינט מען — אַמאָל... און
גראָד איז געווען דער פֿאַל איצט.

אַ גליקלעך קינה איז ער געווען, דער ראַבעלע, און
באַשערט איז אים געווען נאָך אין זײַנע גאָר יונגע יאָרן זײַן
האַרצנס־באַגער צו קריגן.

עס האָבן זיך אין שול עלטערע קינדער געפֿונען, וועלכע
זײַנען שוין געווען „דערוואַקסענע“, — פֿאַר אַזוינע זיך געהאַלטן.
האָבן שוין די סיגאַרעטן־שטיקלעך פֿון די טראָטואַרן געקליבן, און
נאָך שול־צײַט מיט צײַטונגען געהאַנדלט, און אַ וועלט זיך דערי־
בער אָנגעזען.

פֿון זיי האָט ער עס זיך ביסלעכווײַז דערוואוסט, אַז עס איז
דאָ אַזאַ שטאָט־טייל אין ניו־יאָרק, ווי דאַון־טאַון, און דאָס איז
אַ שטאָט אין אַ שטאָט אין אַ מדינה אין אַ מדינה. און דאָרטן
איז עס דאָס ריכטיקע לעבן, פֿול מיט אַוואַנטורעס און אויסערגע־
וויינלעכע פּאַסירונגען.

דאָרטן ווערן יעדן טאָג מענטשן געהרגעט, קינדער ווערן צו־
געכאַפּט, מייחלעך ווערן ניט ממש אונטער די הענט. בינעזער האַנד־
לען דאָרטן מיט אַזעלכע מאָדנע געווירצן און אָפּשרעקנדיק־צוצי־
ענדיקע מאכלים און איידל־בשמימדיקע סמען. און, דער עיקר, —

שיפן גייען אָפּ פון דאָרטן, — אַ סך אָקרענטן פאָרן פון דאָרטן אָפּ אין די מדינות, וואָס מעבר־לים.

און אַהינצו, אין פרעמדלאַנד — דער אָטעם ווערט פאַרכאַפּט אַזש אין האַלדז, אין האַרץ הויבט אָן גיכער צו קלאַפּן דערפון — איז גאָר ניט אַזוי שווער צו קומען. ניין, גאָרניט.

— מיט איין „ניקל"*).

מען נעמט בלויז די לופט־באַן, און שוין.

.22

אין די היזיקע דערציילונגען זיינען אַריינגעפאַלן אין דעם יינגלס האַרצן, ווי קערנער אין אַ שוואַרץ־צעווייכטער פרילינגס־ערד, און האָבן זיך דאָרטן פונאַנדערגעבליט און פונאַנדערגעוואַקסן — בוימער אונטער אַ שטילן וואַסער.

דער שטילער ווייסנדיקער שמייכל איז פון ראובעלעס פנים שוין איצט פאַרשוואונדן. שטיל איז ער געוואָרן, שטילער נאָך און נאָך מער ווי שטענדיק פאַרטראַכט. אַ ציטער האָט אים איינגאַנצן אַרומגענומען, ווען ער האָט אין געהיים געצייטיקט זיינע פּלענער; אַ ציטערדיקע פרייד און אַן אָנגענעמער שרעק.

עטלעכע וואָכן האָט זיך ראובעלע אַזוי געגרייט. ער האָט געקליבן אַ פּעני צו אַ פּעני, און האָט ענדלעך אויפגעקליבן צוואַנציק סענט.

און אין איינעם אַ טאָג האָט ער באַשלאָסן:

— היינט... היינט איז דער טאָג פון אַלע טעג.

ער האָט בסוד איינגעפּאַקעוועט אַ פּעקל'ע, אַריינגעלייגט אַהין אַ פּאָר פּוטער־ברויטן, אַ ריין ווייס העמדל און אַ געאָגראַפיע־בוך. האָט אַ קוש געטאָן דאָס שוועסטערל, געזאָגט דער מאַמען אַ גוטן טאָג און אַרויסגעגאַנגען פון שטוב.

נאָר אָנשטאָט צו גיין אין שול, איז ער גאָר אַוועקגעגאַנגען מיט דער שטילער, ענגער גאַס, וואָס פירט צו דער לופט־באַן־סטאַנציע.

— מער וועט ער שוין צוריק ניט קומען...

---

*) פינף סענט.

.23

ער איז געפאָרן און געפאָרן מיט דער לופט־באַן — אָן אַ שיעור... ער איז געפאָרן פאַרביי סטאַנציעס מיט אַזעלכע אומבאַקאַנטע נעמען.

דאָס האַרץ האָט אים געקלאַפּט. אים האָט זיך אַלץ געדאַכט, אַז מען יאָגט זיך נאָך אים נאָך, וואָס ער האָט טאַקע זייער געוואָלט... נאָר וואָס דען — מע זאָל אים אָבער ניט כאַפּן.

ער האָט זיך אָבער פאַרגעסן, וואו מע דאַרף עס אַרויסשטייגן.

בלויז איין וואָרט פון דעם, וואָס יענער יינגל, דער חבר זיינער, האָט אָבער געהאַט דערציילט, איז אים אין זכרון איבערגעבליבן.

ער איז צוגעגאַנגען צום קאָנדוקטאָר און ביי אים, מיט אַ שטיל־פאַרשעמט קול, געפרעגט, — מורא האָבנדיק, אַז מע זאָל אויף זיין פנים עפּעס ניט אויסגעפינען.

— וואו איז דאָ ערגעץ די... די באַוערי?

דער צוג האָט געליאַרעמט. אינם שטאָל פון די וואַקלענדיקע טירלעך האָבן געבריאַזגעט די אַרומשפּרינגענדיקע קייטן. מע האָט קיין מענטשלעך וואָרט ניט געקאָנט הערן. אַ רויט־פאַרשיכורט געזיכט האָט אים דעמאָלט דער קאָנדוקטאָר צוגערוקט:

— אַ־וואָס?... וואָס פּישטשעסטו, קליינער?.... רייד העכער! העכער!!!

און ראובעלע האָט זיך שוין באַלד געפילט שולדיק, גלייך ווי ער וואָלט אינדערהיים אַ טעלער זופּ אומגעקערט.

— באַועריי... כ'מיין... באַוערי... איר ווייסט דאָך! וואו גייט מען דאָ אַרונטער? כ'דאַרף נייטיק... כ'בעט אייך, זאָגט!

דער קאָנדוקטאָר האָט אים מיט אַ שטורך אין סאַמע דער לעצטער מינוט אַרונטערגעלאָזן אויף טשעטהעם סקווער.

.24

ער איז אַרויסגעלאָפן פונם צוג צוזאַמען מיט די איבעריקע אייליקע פּאַסאַזשירן.

ער איז געבליבן שטיין אינם מוראדיקן גאַסן־געטומל און

ניט געוואוסט, וואוהין ווייטער צו גיין, און וואוהין זיך צו קערן. ער איז גאָר מבולבל געוואָרן.

נאָר באַלד האָט ער אויפגעהויבן איין פוס, און דערנאָך דעם צווייטן, — און דערזען, אַז נישקשה, — ער קען נאָך גיין.

האָט ער געוואוסט, אַז ער וועט שוין טרעפן.

עס האָט אים אומהדיק געריישט אין די אויערן. ער האָט אויפגעהערט צו פילן און צו באַנעמען איינצל־זאַכן, — האָס אַלץ, וואָס עס קומט איצט פאָר אַרום אים. איין גרויס גערויש איז געווען איצט אין אים און אַרום אים. אָט, ווי ער וואָלט אַריינגעפאַלן אין אַ גרויס שטורעמדיקן וואַסער, און ער טרינקט זיך... און דאָס וואַסער בולבעט אין אים אַריין נאָכאַנאַנד דורך די אויערן, דורך די נאָז־לעכער און דורך די אויגן־עפענונגען.

אין אַזויפיל מענטשן לויפן... און זיי וואַרפן אויף אים אַלע ווײַלע אַ כעסדיקן בליק, — מחמת ער פּלאָנטערט זיך זיי אונטער די פיס.

נאָר פונדעסטוועגן איז ער ווייטער געגאַנגען. דער דראַנג צום ים איז שוין געווען פאַרפאַלענערהייט אין אים! און ער האָט מיט אומרויקע אויגן אַלץ געזוכט אַרום זיך אַ בלויען וואַסער־פלאַך, אַן אָנגעפילטן מיט שיפן.

.25

סוף־כל־סוף האָט זיך — דורך לאַבירינטישע גאַסן און געסלעך, וואָס אַרום טשעטהעם סקווער — ראובעלע אַריינגעפּלאָנטערט אינם כינעזישן קוואַרטאַל.

און געדוכט האָט אים... דאָרטן גלייך:

— ער איז שוין אין פרעמדן לאַנד....

די מאָדנע שטריכעלעך־אותיות; די נאָך קיינמאָל־געזעענע פיל־פאַרביק־געפאַרבטע זיידענע קליידער; די בלייך־געריצלטע געזיכטער, ווי מאַסקעס; די ענגע געדריידלטע גאַסן... אָ, ער האָט געוואוסט, ראובעלע, אַז דאָס אַלץ האָט צו טאָן מיט ערב־האַפן, מיט די זײַמען פון אַ פאָרט־שטאָט.

און ער האָט ווייטער געבלאָנדזשעט אינם בבלדיקן גאַסן־געפּלאָנטער, צווישן דעם פיל־פאַרביקן ערב־רב... ביז ער האָט ענדלעך באַשלאָסן פרעגן ביי די הינגייער דעם וועג.

איינער, אַ צווייטער, אַ דריטער — ענטפערן נישט; קוקן אים אָן ווי אַן אָנשיקעניש, ווי אַ ביז־וואונדער. אָבער אַ פערטער, עפעס אַ ווילדהאַרציקער מאַן, האָט אים פאַרשמייעט־שמייכלענדיק אויף זיין שאלה דווקא יאָ געענטפערט:

— הי גיי צוערשט אַהערצו, יינגעלע... נאָכדעם אַהינצו, יינגעלע... נאָר פאָרזיכטיק, יינגעלע! מע וועט דיך נאָך איבערפאָרן, יינגעלע!

און ראובעלע איז ענדלעך אָנגעקומען אַהינצו, און מען האָט אים נישט איבערגעפאָרן.

אַך, ער איז האָך געווען גאָר אַ גליקלעך יינגעלע, — עס איז אים באַשערט געווען אָנצוקומען נאָך גאָר יונגערהייט צום אָרט פון זיין בענקען און צום לאַנד פון זיינע חלומות.

.26

האָם האַרץ האָט אים אַזוי געצאַפּלט... ער איז שיר ניט אומגעפאַלן ביים אָנבליק פונם האַפן.

ער האָט זיך געמוזט אַזש, פון גרויס צעטומלטקייט, צוערשט אַוועקזעצן אויף אַ באַנק אין בעטערי־פאַרק.

חאָם אַלץ מיטאַמאָל איז געווען צופיל פאַר אים... אויף דעם אַלעם האָט ער זיך שוין ניט געריכט.

— אַזאַ בליקייט! אַזאַ וואַסער־פעלד! אַ גאַנצע וואַסער־מדינה...

פונם וואַסער שיילן זיך אוים פויגלען אַזעלכע וויים־שנייקע, ווי די „קעפלעך" פון די שוימיקע כוואַליעס, וואָם שלאָגן זיך אויף פון צייט צו צייט אויף דער אויבערפלאַך פונם וואַסער, וואָלטן זיך אין דער לופט אויפגעהויבן...

היכן פון שיפן קרייזן זיך אַוועק, סודותדיק און דערווייטערט, אין דער בלייקייט אַריין...

און שיפן אַזוי פיל, און שיפעלעך אָן־אַ־צאָל, און מאַסטן!

מאַסטן, טונקעלע און שטיל־פֿאַרפּלאָנטערטע מיט שטריק און שטריקעלעך, ווי חלומות־געוועבן.

און אין איינעם פֿון אָט די דאָזיקע געוועבן, גאָר הויך, איז אַ מענטש אַרײַנגעקלעטערט. און פֿון אונטן האָט ער אויסגעזען, ווי אַ פֿליג, וואָס האָט זיך פֿאַרפּלאָנטערט אין אַ שפּין־געוועב.

— ווי גוט איז עס, אַפֿנים, אין דער הויך — טראַכט זיך דאָס ייִנגעלע.

און ער איז אַזוי אָפּגעזעסן שעהן גאַנצע אויף דער באַנק... און אַזוי דעם גאַנצן טאָג. און גאָר קיין הונגער ניט געפֿילט.

נאָר מע דאַרף דאָך פֿאָרט דורכפֿירן דעם פּלאַן, צוליב וועלכן ער איז אַהער געקומען. און דאָ הייבט שוין אָן ווערן אָוונט. און רויט בלוט און צעפֿלאָסן גאָלד הייבן זיך אָן צו גיסן פֿון הימל־זוים אין וואַסער אַרײַן.

.27

אין דעם אָנוואַקסנדיקן אָוונט איז ראַבעלע מיט שטילע אומזיכערע טריט צוגעגאַנגען צו אַ קליין פּאַראָם־שיפֿל, וואָס איז צוגעשוואומען צום שטיין־באַפּאַנצערטן ברעג.

— דאָס שיפֿל איז אַוודאי אַ פּיראַטן־שיפֿל...

אַ מאַטראָס איז געשטאַנען בײַם בריקל, וואָס איז איבערגעוואָרפֿן געוואָרן פֿונם שיפֿל צום ברעג.

ראַבעלע איז צו אים צוגעגאַנגען, שטאַרקער צוגעטוליעט דאָס פּעקעלע אונטערן פּאַכווע און אַראָפּגענומען דאָס היטל.

— גוט מאָרגן, מיסטער! — זײַן קול האָט געקלונגען דרייסט און זיכער. — דאָס זײַט איר דער קאַפּיטאַן?

אַ פֿלייִשיק רויט פּנים, צעקאַרבט און צעגריבלט פֿון פּאָקן, פֿון קריגערישע מעסער־שניטן; קופּער־פֿאַרברענט און אויסגעגעסן פֿון זאַלציקן ים־ווינט — ווי אַ פּיראַט האָט דער מענטש טאַקע אויסגעזען — אָט אַזאַ מין פּנים האָט זיך צו אים צוגערוקט און האָט אויף אים צערייצט אַ ברום געגעבן.

— ניין: וואָס איז דען? וואָס דאַרפֿסטו דעם קאַפּיטאַן?

— איך בין געקומען אַהער צו אײַך... און אָט בין איך... איך וויל בײַ אײַך אַרבעטן.

— איך האָב מיר מײַן אייגן העמדל געבראַכט. זי איז אַ ריינס, ניט קיין פאַרבלוטיקט. איך וויל מיט אײַך אַרבעטן, און פאָרן אויף אײַער שיף, וואָס גייט אין די ווייטע לענדער.

דער מאַטראָס, דאָס פּנים אײַנגעשמירט אין קויל און אין מאַשינען־פעטס, האָט דערצאָרנט געקוקט אויף דעם העזהדיקן יינגל.

— פּאַשאָל וואָן פון דאַנען, ממזר דו אײנער... דריי מיר ניט קיין ספּאָדעק, גיי דיר צוריק צו דײַן שײַן־קעסטעלע און פוץ דאָרטן לײַטן די שיך, די שמוציקער דייגאָ!*)

דער האָזיקער מאַטראָס האָט, הייסט עס, געהאַט אַ טעות: ער האָט ראובעלען אָנגענומען פאַר אַן איטאַליעניש יינגל. און ראובעלע האָט אַליין געטענהט ווײַטער:

— אַנטשולדיקט מיר, מיסטער — האָט ער געטענהט גיך אין נאָכאַנאַנד, כּדי מען זאָל אים אײַנגאַנצן אויסהערן. — אַנטשולדיקט.... — איך פוץ כּלל ניט קיין שיך... מע האָט עס מיך קיינמאָל ניט געלערנט, און דעריבער קאָן איך עס ניט. קיין קעסטעלע אויף פוצן שיך האָב איך אויך ניט, נאָר איך האָב דערפאַר אַ היים. אַהיים אָבער קאָן איך ניט גיין, ווײַל די מאַמע וועט מיך שלאָגן... און דער פּאַפּאַ וועט מיך שמײַסן, ווײַל איך בין היינט אין סקול ניט געגאַנגען. איך וועל בעסער גיין מיט אײַך. איך וועל אײַך זײַן פון גרויס נוצן, ווײַל איך ווייס אַ סך ווייטע לענדער, — איך ווייס זייער, זייער אַ סך וועגן ווייטע לענדער.

.28

ער האָט זיך גלײַך אַנידערגעזעצט אויף דער שיפס־קלאָדקע, האָט פונאַנדערגעבונדן דאָס פּעקעלע און אַרויסגעלייגט די זאַכן.

— אָט דאָס־אָ – איר זעט? אָט דאָס איז אַ בוך אַזאַ, איך

*) זידלוואָרט פאַר איטאַליענער.

פֿון דאַנען ווייס איך עס אַליין, ווען די ווייטע לענדער, וואָס מעבר-לים...

— און האָ-אָ — איר זעט? דאָ האָב איך נאָך פֿופֿצן סענט — איך האָב געהאַט צוואַנציק, האָב איך פֿינף סענט אויסגעגעבן אויף דער רייזע אַהער... — און עסן פֿאַר זיך האָב איך אויך, און אַ ריין ניט-פֿאַרבליטיקט העמדל.

דער מאַטראָס, וועלכער האָט אים לכתחילה אָנגעקוקט בלויז ווי אַ בייז-וואונדער — האָט שוין מער די משוגענע שטיק פֿונם גאַסן-יינגל ניט געקאָנט אויסהאַלטן. זיין מענטשלעכער געדולד האָט אים פּשוט געפּלאַצט.

— אַוועק פֿון דאַנען, בייסטרוק איינער! — האָט אים דער מאַטראָס ווידעראַמאָל געגעבן צו פֿאַרשטיין — מאַרש פֿון דאַנען צום טייוול...

מיטן גרויסן פֿוס — באַשטיוולט אין גלאַנציקע גוטאַפּערטשענע שיך, האָט ער אויסגעזען ווי דער לאַנגער נאָז פֿון אַ העלפֿאַנד — האָט ער אַרונטערגעשליידערט ראובעלעס פֿונאַנדערגעלייגטע זאַכן פֿונם שיף-בריקל אין וואַסער אַריין. דערנאָך האָט ער אָנגענומען ראובעלען פֿאַרן העמדל אַרום האַלז — אָט פּונקט, ווי אַ גרויסע קאַץ נעמט אָן אַ קליינע קעצעלע, — און אים אויפֿן ברעג אַרונטערגעשטעלט.

— ביסט משוגע, יינגל, אָדער קראַנק, — אָדער ביידע זאַכן צוזאַמען? וואַרף זיך אַוועק פֿון דאַנען, איידער איך קלאַפּ דיר מיט מיין פֿוס די אינגעווייד פֿון דיין שמוציקן מאָגן אַרויס, איטאַליענישער ממזר דו...

האָט ער גראָד אַ טעות געהאַט, ווייל ראובעלע, ווי עס איז צו זעען פֿון זיין נאָמען, איז גראָד געווען אַ יידיש קינד, ניט קיין איטאַליענער.

.29

און ווי ראובעלע האָט דערזען, אַז אַלע זיינע זאַכן זיינען אַריינגעוואָרפֿן געוואָרן אין וואַסער, און זיין ריין העמדל אויך; און האָס בוך, וואו ער האָט דאָך אַליין געלייענט וועגן די ווייטע לענדער און די פֿאַרחלומטע ווייס-אָנגעטאָנענע מענטשן דאָרטן, איז שוין

אַוודאי געלעגן איצט אַ דורכגעווייקטער אויפן דנאָ פונם ים — האָט ער שוין עס מער ניט געקאָנט אויסהאַלטן. זיין הערצל האָט אים, דער עיקר, אַזוי שטאַרק פאַרקלעמט, ווייל דאָס פעקעלע זיינס האָט אַנטהאַלטן אין זיך די אייניציקע טייערע און געטרייע זאַכן, וועלכע ראַבעלע האָט נאָך פאַרמאָגט. און אויך זיי זיינען שוין איצט מיטן וואַסער אַוועק...

— איז וואָס־זשע האָט ער שוין איצט געקאָנט טאָן מיט זיך?

האָט ער אָנגעהויבן שטאַרק וויינען. און זיין געוויין האָט זיך וואָס אַ מינוט, אַלץ מער געשטאַרקט.

— ס'איז אַ ליגן! — האָט ער געשריען מיט אַ וויינענדיקן קול. און דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן, וואָס ער איז אין כעס געוואָרן — ס'איז אַ ליגן! דו ביסט גאָר קיין מאַטראָס ניט, און דיין שיף איז גאָר קיין שיף ניט, און די ווייטע לענדער, וואוהין דו פאָרסט, זיינען גאָר ניט קיין ווייטע לענדער... דו ביסט אינגאַנצן אַ ליגן, אַ ליגן!

און ער איז אַ כליפענדיקער אַוועקגעלאָפן פונם ברעג.

און איצטער ערשט האָט ער זיך אָנגעהויבן פילן הונגעריק... און ווי הונגעריק און מיד. מאָדנע: ביז איצט, ווען ער האָט נאָך געדענקט, אַז מע וועט אים נאָך נעמען אויף דער רייזע אין די ווייטע לענדער, האָט ער נאָך דעם הונגער ניט געפילט.

— וואָלט ער זיך אפשר אויף אַ באַנק דערווייל צוגעזעצט, ביז וואַנען ער וועט אָפּזוכן אַן אַנדער שיף, אַן אמתע שיף?

ער האָט טאַקע אַזוי געטאָן.

.30

און מער האָט ער שוין אַ שטיקל צייט ניט געוואוסט, וואָס עס טוט זיך מיט אים.

ער האָט גענעכטיקט יענע נאַכט ערגעץ אין אַ פּאָליס־סטיישאָן.

אויף מאָרגן אינדערפרי איז זיין מוטער געקומען אין סטיישאָן, אים אויפן האַלדז אַרויפגעפאַלן און געוויינט.

— קינד מיינס — האָט זי זיך פונאַנדערגעכליפּעט, — וואו ביסטו האָס געווען? פאַרוואָס האָסטו אונז פאַרלאָזן? וואָס האָבן מיר דיר דען שלעכטס געטאָן? מיר האָבן דאָך נאָך דיר אַזוי גע־בענקט און געזוכט, אַזוי געבענקט און געזוכט... ווי איז מיר...

— און וואוהין ביסטו האָס אַוועקגעלאָפן — מע האָט דאָך דיר חס־ושלום געקאָנט איבערפאָרן! ווי און ווינד איז דער מאַמען...

און זי האָט זיך ווידעראַמאָל און איבעראַמאָל פונאַנדערגעוויינט און פונאַנדערגעכליפּעט פון גרויס פרייד, וואָס מיט אים האָט, גאָט צו דאַנקען, קיין אומגליק ניט פּאַסירט.

אײַך דעם וויים העמחל זיינעם איז איצט אַפילו ניט געווען צו געפינען קיין בלוט־פלעקן, — עס איז דאָך בלויז געווען אײַנגעריכט און קיים. דאָך, שפּעטער, אין אָוונט, ווען מע האָט אים געבראַכט אַהיים, האָט אים דער פאָטע ווידער געשמיסן, ווייל זיי האָבן אים אַזוי ליב געהאַט, און מע האָט אים דאָך נאָך געקאָנט איבער־פאָרן, און האָס האַרץ האָט זיי זייער ווי געטאָן איבער דעם אומ־גליק, וואָס האָט נאָך, חלילה, געקאָנט מיט אים פּאַסירן.

נאָר ראַיבעלען האָט איצט גאָרניט געאַרט. ער האָט גאָר־נישט געפילט. ער האָט גאָרניט געהערט. ער האָט אַפילו ניט גע־וויינט. ער איז בלויז צוגעפאַלן צו דער מאַמעס שמוציק־שטינקענ־דיקן קלייד און האָט זיך מיט די ציינדלעך אײַנגעגעסן אין דעם פּעטן, פון חלב גלאַנצנדיקן זוים.

און די מאַמע זיינע האָט שוין ווידער אַלץ געהאַלטן אין איין וואָרטשען און אין איין אומפאַרשטענדלעכן טענהן:

— און צוליב וואָס האָט זי עס גאָר אינגאַנצן אים געדאַרפט ברענגען אײַף דער וועלט? צוליב וואָס? האַ?

און ער האָט זיך מיט די ציינדלעך אַלץ שטייפער אין דעם שטינקענדיקן קלייד אירן אײַנגעביסן.

פון צווישן זיינע צונויפגעקוועטשטע ציינדלעך האָט זיין מו־טער קיים, קוים געהערט, ווי עס זייען זיך אַרוים בעטנדיקע און תחנונימדיקע ווערטער:

— מאַמע, איך בין אַזוי מיד, מאַמעלע... לאָז מיר זיך לייגן שלאָפן, פליעז*), — ער פלעגט אַזוי שיין־רירנדיק און קינדיש אַרויסזאָגן דאָס וואָרט „פליעז“ — מאַמעלע — האָט ער זיך ביי איר אַלץ געבעטן — שמייס מיך ניט... מען דאַרף ניט... לאָז מיך בעסער זיך לייגן שלאָפן, פליעז... איך בין אַזוי מיד, אַזוי מיד.

---

*) איך בעט דיך.

# דער סוף

דאָס הויז איז געשטאַנען אויף אַ ראָג גאַס. די גאַסן זיינען
דאָ געווען ציכטיקע און ריינע, און דערהויפּט שטילע. שטיל זיינען
די גאַסן דאָ געווען אין אַלע ציימן פון יאָר. סיי זומער און סיי
ווינטער. נאָר די שטילקייט פון די גאַסן פלעגט זיך נאָך מער פאַר=
שטאַרקן אין די פרילינג=אָוונטן און אין די הייסע זומער=נאָכמיטאָגס.
דאָס איז געווען אינם צפונדיקן טייל פון דער שטאָט קאָלומבוס,
אינם שטאַט אָהייאָ. די געגנט איז געווען אַ רעזידענץ=געגנט.
דאָ האָבן געוואוינט מענטשן פונם פאַרמעגלעכערן מיטל=קלאַס, דיי=
כע קרעמער און מענטשן פון ליבעראַלע פּראָפעסיעס.
ס'איז געווען אַן אָפּגעזונדערטע געגנט. מיט אַ יאָר פופציק
צוריק, אידער די שטאָט איז אויסגעוואַקסן, איז דאָס געווען אַ קליין
דערפל, ווייט פון שטאָט. אַ פּאָר גאַסן ווייטער — צו מערב=זייט —
האָבן זיך שוין אָנגעהייבן די פעלדער, די גרויסע קוקורוזע=פעל=
דער און ווייץ=פעלדער, וואָס האָבן זיך געצויגן אין דער ריכטונג
פון די שטאַטן אילינאָי, אינדיאַנאַ און אייאָוואַ. קיין
בוים, קיין וואַלד — אויף מיילן און מיילן, אויף הונדערטער און
הונדערטער מיילן.
ניט ווייט פון דאַנען, אין די פעלדער, איז געווען דער אָלענ=
מעדזש=טייך, אַ צווייג פונם אָהייאָ=ריווער. דער טייך איז געווען אַ
קליינער. אין הייסע טעג פלעגט מען אים קאָנען אַריבערגיין צי=
פוס. אָבער מרס. ליטל האָט נאָך געדענקט, ווי בלויז מיט אַ פּאָר
יאָר צוריק האָט זיך אָט דאָס טייכל פונאַנדערגעשפּילט, — אָהאָ.
מע האָט אים ניט דערקענט. ער איז איבער נאַכט געוואָרן אַ

ברייטער טייך, אַן אויסגוס, אַ ים, אַן אָקעאַן — און האָט פאַרפלייצט די פעלדער אויף מײַלן און מײַלן אַרום, ווי ווייט דאָס אויג האָט נאָר געכאַפּט. אין די נאָענטע גאַסן און די אייבערשטע עטאַזשן פון די הייזער, די בוידעמער און שפּיץ בוימער, און די קוימענס פון לאָקאָמאָטיוון האָבן דעמאָלט אַרויסגעשטעקט פונם וואַסער, — אין שטיל, אָן אַ קול, געשריען נאָך הילף.

אויף די פעלדער ניט ווייט, אויף יענער זייט טייך, איז פאַרבייגלאָפן די אײַזנבאַן-ליניע פון דער ב י ג פ א ו ר.

מרס. ליטל איז שוין געווען איצט אַלט, שטאַרק אַלט. אַוודאי אַ יאָר פינף און זיבעציק, אָדער מער. כאָטש אויף זיכער האָט מען עס ניט געקענט זאָגן. זי איז געווען אין יענעם עלטער, ווען ס'איז אוממעגלעך צו זאָגן, אויב אַ פאַרשוין איז אַלט פינף און זיבעציק, אָדער אַכט און נײַנציק יאָר. אַלט, געקנייטשט, פאַרמעטן. די הויט פון די הענט און פונם פנים איז איר אַרונטערגעהאַנגען אין טאָ־בעטשקעס און זעקעלעך. דאָס אינעווייניקסטע פון די זעקעלעך איז וואָס אַמאָל — וואָס אַ טאָג, וואָס אַ שעה — אַלץ אויסגעטריקנטער געוואָרן און פאַרשוואונדן אין דער פוסטקייט פון דער וועלט. זײַנען די הויט-זעקעלעך אַרום די ביינער פון מרס. ליטלס גוף געוואָרן מיט יעדן טאָג אַלץ בייכיקער און גרעסער.

דאָס הויז, וואו זי האָט געוואוינט, האָט אַמאָל געהערט צו איר. צוזאַמען מיטן מאַן אירן, איז זי געקומען אַהער אין אָט די געגנטן מיט יאָרן צוריק, גלייך נאָכן בירגערקריג.

זי איז דעמאָלט געווען אַרום צוואַנציק, און איר מאַן אַרום פינף און צוואַנציק יאָר אַלט. ער האָט געהאַט זייער אַ פלינקן און קלוגן קאָפּ, אָבער בלויז איין פוס. אַ לינקן. דעם רעכטן האָט ער פאַרלוירן אין איינער פון די שלאַכטן פונם בירגערקריג.

ער האָט געשטאַמט פון אַ קליין דערפל אין די בערג פון דרום-פענסילוואַניע, פון געמישטן שאָטלענדישן און דײַטשישן בלוט. ער וואָלט, וואַרשיינלעך, געהאַט אָפּגעלעבט אַלע זײַנע יאָרן אין דאָזיקן דאָרף. נאָר נאָכן בירגערקריג האָט אַלעמען אין יענעם דאָרף אַרומגעכאַפּט אַן אומרויִקייט. דאָס דאָרף איז שוין סײַ-ווי פאַרוויסט געוואָרן בשעת די שלאַכטן מיט דער קאָנפעדעראַטיווער אַרמיי.

און כמעט אַלע אײנוואױנער האָבן גענומען איצט און פאַרלאָזן דאָס דאָרף.

חוץ דעם:

נאָך די מהומות און נאָכן גרױסן אומגליק פון די יאָרן פונס בירגערקריג האָבן זיך די אײגן בײ אַלעמען עפּעס געעפנט, אַזױ ברײט און ברײטער זיך פונאַנדערגעעפנט.

„איב מענטשן זײנען שױן אַזױ אומזיכער ביט זײער לעבן — און ניט נאָר מיט זײער אײגנטום, — טאָ זאָל מען כאָטש לעבן ברײט און ברײטער, בשעת מע לעבט!" — דאָס האָט געשײנט צו ברענען אין די אײגן און אינם בלוט פון די דעמאָלטיקע אַמעריקאַנער. און דאָס בלוט האָט אַלעמען שטאַרק געיאָגט און אין אַלעמען געחײשט — צום פאָרן... צום פאָרן װײטער און טיפער אין דער װעלט אַרײַן, אַרײַנעמען דאָס װײטע, װילדע און נאָך ניט אַנטפּלעקטע לאַנד, דאָס אײגענע לאַנד; װערן רײכער, מעכטיקער, שטאַרקער.

צװישן די, װאָס האָבן דעמאָלט אַרומגעװאַנדערט איבערן גרױסן לאַנד אַמעריקע, איז אײך געװען מר. ליטל.

ער האָט גענומען די קוליע אונטער דער רעכטער פּאַכװע, אונטער דער לינקער — אַ פּעקל מיט זאַכן, און דאָס װײב איז אים נאָכגעגאַנגען, טראָגנדיק אין איר פּעקל אַ גרױסע ביבל, געבונדן אין חזיר-פעל, מיט גאָלדענע פּאַסטאַמפּן.

דער מאַן האָט די ביבל ניט געװאָלט נעמען. װען זײ האָבן אײנגעפּאַקט די פּעקלעך, האָט ער די ביבל אַװעקגעװאָרפן צוזאַמען מיט זײן פריערדיקער פרומקײט און גײסטיקײט, פּונקט װי עס האָבן דעמאָלט געטון די מערסטע פון זײן דור. דאָס װײב זײנס — ניט מער װי אַ פרױ — האָט אָבער באַהאַלטענערהײט גענומען די ביבל מיט זיך אין איר פּעקל אַרײן.

קײן קינדער האָבן זײ נאָך דעמאָלט ניט געהאַט.

זײ האָבן געװאַנדערט אַזױ אַ שטיק צײט.

זײ זײנען געגאַנגען צופוס, געפאָרן אויף װאָגנס און דיליזשאַנסן, און ערטערװײז — אויף אַ קלײנער אײזנבאַן-ליניע, װאָס האָט זיך דעמאָלט אָקאָרשט פאַרענדיקט: זײ זײנען געגאַנגען דורך דרום-פּענסילװאַניע, אַריבערגעקלעטערט איבער די אַפּאַלאַשיען-בערג

קיין מערב־ווירגיניע, הירכנעשניטן די ווילדע באַרג־געגנטן פון קענטוקע און זיך געלאָזט דערנאָך העכער אַרויף־צו, קיין אָהייאָ.

דאָ זיינען געווען ברייטע פעלדער, פעט־ערדיקע פעלדער איף מיילן און מיילן... ניט אַזאַ שטיינערדיקער באָדן, ווי אין זייער געבורטס־דערפל אין די בערג פון דרום־פענסילוואַניע, וואו מע פלעגט זיך דאַרפן קליגן אין זייען ממש צווישן די שטיינער, אָדער איף דאָס ביסל אָנגעהויפטע ערד, וואָס האָט זיך הורך דורות אָנגעקליבן איף די פעלזן.

נו, האָבן זיי זיך ענדלעך דאָ אָפּגעשטעלט. ער, מר. ליטל, האָט דאָ געקויפט ערד פאַר שפּאָט־ביליק, זיך דאָ באַזעצט, געוואָרן רייכער פון טאָג צו טאָג.

ער האָט אייגנטלעך צוליב דעם ניט געדאַרפט שווער האָרעווען. ער האָט געקענט ווערן רייכער פון טאָג צו טאָג אַזוי זיך, פון זיך אַליין — אָט פונקט ווי די געגנט אַרום איז וואָס אַ יאָר געוואָרן אַלץ רייכער. און ער האָט נאָך, חוץ אַלץ, געהאַט אַ סך גוטע ערד.

נאָר איצט האָט ער שוין אויך געוואָלט פאַרמאָגן געלט— אַ סך, אַ סך געלט... און יעדן טאָג פון זיין ווייטערדיק לעבן, יעדן אָוונט און יעדע נאַכט האָט ער פאַרבראַכט אין אויסטראַכטן נייע פּלענער, ווי פונם געלט, וואָס ער האָט שוין פאַרמאָגט, צו ווערן נאָך רייכער. און אַז ער האָט דערגרייכט זיין העכסטע רייכקייט, איז ער געשטאָרבן.

עטלעכע יאָר פאַר זיין טויט האָט ער אויסגעבויט אָט דאָס דאָזיקע הויז.

אַרום דעם הויז האָט ער פאַרפלאַנצט יונגע ביימלעך — אַ סך, אַ סך יונגע ביימעלעך. אַזעלכע, ווי עס האָבן זיך געפונען אין דער ברעגיקער געגנט, פון דרום־פענסילוואַניע, פון וואַנען זיי זיינען אַהער געקומען.

מרס. ליטל האָט איצט באַקומען אַ פענסיע פון דער רעגירונג, ווי אַן אַלמנה פון אַ בירגערקריג־וועטעראַן. זי איז נאָך געווען יונג בשעת דעם מאַנס טויט, — ערשט אַרום פינף און פערציק.

קײן קינדער האָט זי אױך ניט געהאַט. די קינדער זײנען בײ איר, נאָך בײם מאַנס לעבן, אַלע אױסגעשטאָרבן.

עפּעס זײנען זײ געװען אַזעלכע קראַנקע סאַמע פֿונם געבױרן־אָן. װײל פֿאַרנומען געװאָרן אין איר בױך זײנען זײ אין אַ צײט אַן אומרויִקער און אַ קראַנקער. קומענדיק פֿון בירגערקריג, האָט איר מאַן געבראַכט מיט זיך ניט בלױז דעם אָפּגעזעגטן פֿוס, נאָר אױך אַ שאַרפֿן רעװמאַטיזם אין רוקן. דאָס האָט ער באַקומען פֿונם ליגן אַ סך קאַלטע נעכט אױפֿן נאַסן גראָז און אין שוץ־גראָבנס, אין פֿײַכטע טאָלן און אין װעלדלעך.

אָבער דאָס איז נאָך ניט געװען אַלץ. נאָך עפּעס האָט ער געבראַכט מיט זיך: אַ פֿאַרצײַגענע און אַ פֿאַרשלעפּטע מיאוסע קראַנקהײט, — אַ קראַנקהײט אַזאַ, װאָס מען האָט בשום אופֿן שױן ניט געקאָנט אױסהײלן.

װען ער איז געװען אױף דער מלחמה, האָט זי געװײנט נאָך אים אַ סך טעג און אַ סך נעכט. געװײנט און געקלערט, אַז איר יונגער מאַן, מיט װעמען זי האָט ערשט חתונה געהאַט אַ פּאָר חדשים פֿאַרן אױסברוך פֿונם קריג, ליגט שױן אַװדאי איצט אַ דערהרגעטער אױפֿן אַ פֿרעמדן פֿעלד, דער קאָפּ זײנער ליגט אַװעקגעקײקלט פֿון אים צען צי צװעלף פֿוס... אָט גענוי אַזױ האָט זי זיך אים טאַקע פֿאָרגעשטעלט: זײן גוף מיטן אָפּגעגעם בלוטנדיקן האַלז — באַזונדער, און זײן קאָפּ — אָן־אַ־זײט, אױך באַזונדער.

און אַז זי האָט שױן אין אַ צײט שפּעטער געװאוסט, אַז ער לעבט, האָט זי דורך די נעכט אַזױ געבענקט נאָך אים... אַפֿילו װען זי האָט געדענקט, אַז ער איז געשטאָרבן, האָט זי דאָך אױך געבענקט נאָך אים מיט איר גאַנצן יונגן בלוט. דער מאַן האָט אָנגעקלאַפּט אין איר ברינים, האָט אים געעפֿנט, און איז אַװעק, ניט טרינקענדיק צו־זאַט פֿונם קװאַל־װאַסער. און ערשט איצט נאָר האָט זיך די יונגפֿרױלעכע ליבע אין איר געצײטיקט און געקרעפּטיקט.

און די נעכט פֿלעגט זי אױסשטרעקן אירע אָרעמס — און אַרומנעמען לופֿט. זי פֿלעגט זיך פֿאָרשטעלן, אַז זי דריקט צו דעם מאַן צו זיך, און פֿלעגט צודריקן בלױז דעם קישן. זי פֿלעגט

זיך אין דער פינסטער מאָלן, ווי דער מאַן דעקט איר אָפּ די פיס, פלעגט זי פאַרשעמטערהייט זיך פאַרשטעלן דעם פנים.

אָבער דאָס זיינען אַלץ געווען בלויז בייזע חלומות, אויסמאַטערנדיקע חלומות. און זיי האָבן דעם מאַרך פון אירע ביינער אויסגעזויגן. די אויגן זיינען איר וואָס אַמאָל אויסגעלאָשענער געוואָרן און האָבן באַקומען רויטע טעלערלעך אונטער זיך. די באַקן האָבן איינגעדאַרט.

און דערנאָך, אַז דער מאַן אירער איז שוין געקומען צוריק, איז זי אים טאַקע געווען זייער געטריי, אָבער — קאַלט. שוין אויסגעלאָשן: איר גוף איז שוין דעמאָלט געווען אויסגעליידיקט פון ליבע.

ט, נאָך דעם, ווי דער מאַן אירער איז געשטאָרבן און די קינדער זיינען אויך אויסגעשטאָרבן, איז מרס. ליטל פונדעסטוועגן נאָך אַלץ געווען יונג־מיטליעריק. און עפּעס האָט זיך איר אויך אַ לאַנגע צייט דערנאָך אַלץ קיין צופאַל ניט געמאַכט צו שטאַרבן.

אָבער לעבן פון דער קליינער פענסיע, וואָס זי האָט באַקומען פון דער רעגירונג, איז איר פאָרט געווען שווער. ס'האָט זיך גלייך נאָכן מאַנס טויט אַרויסגעוויזן, אַז ער האָט זיין גאַנץ געלט געהאַט אַריינגעבראָכט אין פאַרשיידענע סטאָקס און באָנדס פון אַ ריי אונטערנעמונגען, וועלכע האָבן זיך דעמאָלט אָקאָרשט געהאַט אַ גאַנג זירט: געזעלשאַפטן אויף זוכן אייל־ברונימער, גאָלד־גריבער און זילבערמינען, וועלכע זיינען אַמעטום אויפגעשפרונגען, ווי שוואָמען נאָך אַ רעגן. נאָר אָט די אַלע געזעלשאַפטן האָבן ס'רוב באַלד געפּלאַצט, און דאָס אַריינגעלייגטע שווער־פאַרהאָרעוועטע געלט פון די מענטשן איז פאַרלאָרן געגאַנגען.

און אַזוי ווי זי האָט ניט געהאַט ניט נאָר קיין מאַן אָדער קינד, נאָר אַפילו קיין קרוב, קיין גואל, וועלכע זאָלן איר העלפן, האָט זי זיך עטלעכע יאָר אַזוי געמוטשעט, מרס. ליטל, און דערנאָך סוף־כל־סוף געווען געצוואונגען צו פאַרדינגען איר שטוב צו אַ פרעמדן.

און דאָס איז פֿאַררעכנט געוואָרן ביי מענטשן פֿון איר גראַד ווי אַ שטאַרקע הערנידעריגונג, ווי אַ שרייענדיקער סימן פֿון אָרעמקייט און ירידה.

אַרום יענער צייט איז די מלוכה-אוניווערסיטעט פֿונם שטאַט אָהייאָ, וואָס געפֿינט זיך אין דער הויפּטשטאָט פֿון שטאַט, אין קאָלומבוס, — געוואָרן שטאַרק ברייט און פֿאַרצווייגט.

אין קאָלעדזש נאָכן צווייטן האָט זיך געעפֿנט אין דער אוניווערסיטעט. דאָס לאַנד איז געוואַקסן מיט יעדן טאָג — חידושלעך און גאָר אומגעוויינלעך איז עס געוואַקסן. פֿעלדער קיינמאָל ניט באַרירטע האָבן געלעכצט נאָכן שאַרף פֿונם אַקער-אייזן און נאָך גראָבער פּויערישער האַנט. צפֿון-וועלדער און מערבֿ-בערג זיינען געשטאַנען גרייט צו אַנטדעקן זייערע טויזנטיעריקע סודות — דורכגעשניטן צו ווערן דורכן שטאָל פֿון רעלסן און שטיין פֿון שאָסייען. ס'האָבן אָנגעהויבן אָנקומען סטודענטן פֿון די אַרומיקע דערפֿער און שטעטלעך זיך לערנען אַגריקולטור און אינזשעניריע. די דאָזיקע קאָלעדזשן זיינען אין יענער צייט געווען געפּאַקט, פּונקט ווי עס זיינען מיט יאָרן שפּעטער געוואָרן געפּאַקט די קאָלעדזשן פֿון מעדיצין, דענטיסטרי און „לאָא"*). אויף די קורסן פֿון פֿילאָסאָפֿיע, ליטעראַטור און שפּראַכן האָבן זיך אָבער געפֿונען כמעט בלויז פֿרויען. יונגע מענער האָבן דעמאָלט, ווי איצט — אויף דעם אַלעם געקוקט, ווי אויף אַ באַשעפֿטיקונג, וואָס איז פּאַסיק בלויז פֿאַר מיידלעך.

דאָס הויז מרס. ליטלס האָט זיך געפֿונען ניט ווייט פֿונם קאַמפּוס. האָט זיך געפֿונען איינע אַ געשעפֿטספֿעיִקע פֿרוי — אויך אַן אַלמנה, נאָר אַ יינגערע: איר מאַן איז געהרגעט געוואָרן אינם שפּאַניש-אַמעריקאַנישן קריג — האָט זי אָפּגעדינגען ביי מרס. ליטלען דאָס הויז און עס פֿאַרדונגען חדרים-ווייז צו די פֿרעמדע אָנגעפֿאָרענע סטודענטן.

מרס. ליטל האָט זיך דעמאָלט אַריבערגעקליבן אויפֿן בוידעם-שטיבל. דאָרט איז געווען בלויז איין צימער. דאָרטן איז זי געווען תמיד אַליין. העכער פֿונם צווייטן עטאַזש — דאָס הויז האָט

*) יוריספּרודענץ.

געהאַט צוויי עטאַזש און אַ בוידעם־שטיבל — פלעגט זיך קיינער סיי ווי קיינמאָל ניט איפהויבן.

און ערשט דעמאָלט — אַזוי פלוצלונג און מיטאַמאָל — איז מרס. ליטל געוואָרן עלטער.

ביסלעכווייז האָט איר מעבל אָנגעהויבן פאַרשווינדן פון איר רשות און איז אַריבערגעגאַנגען אינם רשות פון דער נייער געשעפטס־פעיקער באַלעבאָסטע. ס'איז געווען צו שווער פאַר אַן אַלטער פרוי זיך פּאָרען און אַכטונג געבן אויפן מעבל. עפּעס פלעגט זיך אַלע ווײַלע צעברעכן, — האָט זי עס פאַר אַ גאָרניט פאַרקויפט דער שכנה. און עס האָט זיך דעמאָלט באַלד אַרויסגעוויזן, אַז דאָס מעבל האָט זיך נאָך, ווען ס'איז אַריבער אין דער שכנהס רשות, שטאַרק געהאַלטן. און דאָס הויז אויך...

גאָר אינגיכן איז שוין די שכנה געוואָרן די פאַקטישע אייגנטימערין פונם הויז. נאַטירלעך, די אָפיציעלע פּאַפּירן און „הודידס" *), האָבן עדות געזאָגט, אַז דאָס הויז געהערט נאָך אַליין צו איר, צו מרס. ליטל. אָבער מרס. ליטל האָט מיט קיין איינציק וואָרט ניט פּראָטעסטירט קעגן דעם פולשטענדיקן באַלעבאַטעווען פון דער שכנה; פאַרקערט, ס'האָט זיך נאָך תמיד אַרויסגעוויזן, אַז זי איז גאָר עפּעס אַ בעל־חוב דער נייער פרוי...

און בכלל — וואָס וועט זי שוין איצט טון אַליין מיט זיך, אַן אַלטע אַזאַ... דער נאָמען פון דער נייער פרוי — דער פרעמדער שכנה, וועלכע איז געוואָרן די באַלעבאָסטע, — איז געווען מ אַ ר ג אַ ר ע ט ה אָ נ י ק אָ ם.

און די אָוונטן פלעגן ביי דער נייער באַלעבאָסטע אינטן אין פּאַרלאָר יונגע סטודענטן שפּילן רעגטיימס אויף אַ סאַקסאָפאָן און פייק, און צוזאַמען מיט מיידלעך טאַנצן פאָקס־טראָט און וואַן־סטעפּס.

דאָס הויז איז מרס. ליטלען דעמאָלט געוואָרן אַ פרעמדס. אַליין איז זי געווען איצט אַזוי ניי. די מיידלעך האָבן ניט געטראָגן

---

*) היפּאָטעקן.

מער די אַמאָליקע קליידלעך. די היינטיקע מיידלשע קליידער זיינען אַזעלכע תּיצפּהדיקע, — מער אָפּדרעקנדיקע, אײדער פֿאַרדעקנדיקע. און די געזאַנגען, ווי זיי זינגען צוזאַמען מיט די בחורים אין די פֿאַרנאַכטן, זיינען אויך אַזעלכע אַנדערע. מע זינגט ניט מער אַזעלכע מעלאָדיעס, ווי „סילווער טרעדס אַמאָנגסט די גאָלד“, אָדער „גאָאָן אַר די דיים“, אָדער „לעסט ראָוזעס אָוו סאָמער“, אָדער „אָלד בלעק דזשאָוו“. ניין, מע זינגט גאָר עפּעס אַנדערע... עקלדיקע אַזעלכע לידלעך.

דערהויפּט פֿלעגט איר הערגיין די יאָרן דזשעס, מרס. האָגיקאָמפּס זון, אַ בחורל פֿון אַ יאָר צוואַנציק. ער איז געווען אינם לעצטן יאָר פֿון זיין שול־זיין אויפֿן האָרטיקולטור־קאָלעדזש. מיט דער גרויזאַמקייט פֿון יונגע מענטשלעך האָט ער גלייך דערשמעקט, וואָס עס געפֿעלט ניט דער אַלטער, — און פֿלעגט עס איר אַלץ טאָן אויף צו להכעיס.

ער פֿלעגט נעמען, אַשטייגער, דער אַלטערס קאָטער, צוטשעפּען צום פּלייער־פּיאַנאָ*) זיין ווידל אויף אַזאַ אופֿן, אַז ער פֿלעגט מוזן הין און צוריק אַרומשפּרינגען איבער די קלאַווישן. די קלאַווישן האָבן פֿון אונטער דעם קאָטערס פֿיסלעך אַרויסגעלאָזט די אָפּשרעקנדיקסטע געריישן. צוזאַמען מיט זיין ווילדן מיאַוקען בשעת־מעשה פֿלעגט עס אויף דער אַלטער אָנוואַרפֿן אַ מוראדיקע אימה און פּחד.

אָדער — ער פֿלעגט גאָר אָנהייבן שפּילן אויפֿן סאַקסאָפֿאָן זיינעם. פֿלעגט דעמאָלט דער שטיבּיקער הונט אָנהייבן וואָיען אויף אַזאַ מין פּחדימדיק קול, ווי מע באַוויינט זיבן טויטע, וואָס זיינען מיט איינמאָל געשטאָרבן... די אַלטע מרס. ליטל פֿלעגט דעמאָלט אָנהייבן גראַבלען, קראַצן מיט אירע דאַרע פֿינגער און נעגל אין די ווענט אַריין — ווי זי וואָלט הערן די ווענט ערגעץ אַן אַנטרינעניש געוואָלט געפֿינען.

יאָ... און ניט נאָר איז פֿאַרטריבן געוואָרן די שטילקייט און די אַמאָליקע לופֿט פֿון דעם דאָזיקן הויז, — די שטילקייט פֿון

*) אַ מעכאַנישע פּיאַנאָ.

דער גאַנצער שטאָט קאָלומבוס איז שוין אויך איצט פאַרטריבן געוואָרן.

פאַבריקן האָבן זיך אין דער שטאָט געעפנט, אייזנגוס־פאַבריקן, גרויסע שיף־זאַוואָדן. דורך דער שטאָט זיינען שוין געלאָפן איצט אָן אַ שיעור אייזנבאַנען, — אייזנבאַנען פונם אַטלאַנטישן אָקעאַן צום פּאַסיפישן, פונם מעקסיקאַנער גאָלף צו די גרויסע צפונדיקע אָזערעס.

נאָר דאָס איז אַלץ אָבער געווען אין צענטער שטאָט, אין אַרונטער־שטאָט, — אין דעם ביזנעס־קוואַרטאַל.

דאָ, אַרום אָט דעם הויז, איז נאָך דערווייל געווען שטיל, ווייל דאָ זיינען געוואַקסן אַ סך ביימער.

אין פרילינג פלעגן זיך די ביימער־צווייגן אָנהייבן פאַרוועבן מיט בלעטער, פייניקע אַזעלכע בלעטער, מיט דינינקע אָדערלעך אין געקאַרבטע זוימען — ווי געשטריקטע פון אַ מענטשנס האַנט. אינדערהייך פלעגן זיי זיך צוזאַמענשפּרייטן מיט די קרוינען, די ביימער, און פאַרמירן אַ בלעטער־אַרקע איבער די גאַסן. אַז מ'פלעגט שטיין ביי איין עק גאַס און קוקן צום צווייטן עק גאַס, פלעגט זיך די גאַס דעמאָלט אויסדוכטן ווי אַ הייל, און דער צווייטער עק גאַס מיטן האַלב־קיילעכדיקן שטיק־הימל — ווי דער ווייטער אַרויסגאַנג פון אָט דער הייל.

און אין די זומער־נאָכמיטאָגס פלעגט זיך אַ שטילקייט אַזאַ וועבן פון אונטער די ביימער אַרויס און פאַרוועבן די הייזער אַרום און אַרום... הייס, פאַרגליווערט פלעגן די הייזער זיצן אויף דער ערד, ווי פאַרחלשטע און דרעמלען אויף יענער זייט פון די ביימער־ברעגן.

יאָ... געדיכט זיינען די ביימער געוואַקסן אַרום הויז. זיי פלעגן דערגרייכן אַזש מיט די שפּיצן זייערע די פענסטער פון מ״ס. ליטלס ברידעס־שטיבל. און אין אַ זומער־אָוונט מיט אַ קליין ווינטעלע פלעגן די ביימער־בלעטער שאַרן זיך אָן די פענסטער. שאַרן זיך אין דער שטיל, ריידן, אָנקלאַפּן אין פענסטער. פלעגט מ״ס. ליטל

דעמאָלט אַרויסשטעקן דעם קאָפּ אירן. איר קאָפּ איז שוין געווען אַזוי איינגעדאַרט און טרוקן, ווי אַ הילצערנער.

דער קאָפּ פּלעגט בלייבן שטעקן אַזוי אַ שטיק צייט דאָרט, צווישן די בלעטער... אַ זייטיקער וואָלט געקאָנט דענקען, אַז זי שווייגט. אין דער אמתן אָבער פּלעגט זי עס גאָר ריידן אַזוי מיט די ביימער, און די ביימער פּלעגן אויך ריידן מיט איר, פּלעגן גלעטן און קילן אירע פאַרדאַרטע און גערונצלטע באַקן.

יאָ... הייך אַרום איר פענסטער זיינען נאָך אַלץ געווען איצט די וועלדער פון דרום־פּענסילוואַניע... און די ביימער האָבן עס מיט איר גערעדט איצט פון יענעם טאָג, — מיט כ׳וויס וויפיל יאָר צוריק, — ווען מר. ליטל האָט זיי דאָ פאַרפלאַנצט.

און בכלל... אינאָווונט איז דאָ, אין דעם ווינקל, געווען שטיל, אַזוי שטיל... פונקט, ווי אָט די גאַנצע געגנט אַרום איז מיט פופציק יאָר צוריק געווען שטיל. אונטן, אויפן ערשטן שטאָק, האָט מאַקע גראָב געטרומייטערט דער סאַקסאָפאָן, אויפרייצנדיק און פאַררייסנדיק זיך האָט געדונערט די פויק, און געגרילט האָט די פּלייער־פּיאַנאָ. נאָר מרס. ליטל האָט פון דעם אַלעם דעמאָלט גאָרניט געהערט, — די ביימער האָבן זי פאַרשטעלט פון דער וועלט אַרום.

אַלץ איז דאָ געווען שטיל... אַפילו דער גערודער פון די לאַנגע צוגן, מיט די מיילן־לאַנגע וואַגאָנען־קייטן איבער די נאָענטע אייזנבאַן־ליניעס, אויף יענער זייט אַלענטשענדזשי־טייך, האָט זיך אויך, דורך די געדיכטע ביימער, געהערט פאַרהוילן אַזוי און איינגעשטילט, — ניט קיין צוגן־גערודער, נאָר דאָס אָונטיקע שפּילן פון עפּעס אַ מאָדנעם, פאַרצייטיקן אינסטרומענט....

איינמאָל איז געווען אַ טאָג אין אָנהייב זומער, אין י.נ.י.

ס׳איז געווען דער סוף פונם שול־יאָר אינם אוניווערסיטעט.

די סעניאָרן, די גראַדויִרנדיקע סטודענטן, זיינען אַרומגעגאַנגען איבער די שטילע גאַסן אין זייערע לאַנגע „גאַונס” (אַזעלכע מאַנטלען, ספּעציעל פאַר דער געלעגנהייט) און אין די פּירעקיקע היט מיט די איבערגעקערטע „ברעטלעך”, פון וועלכע עס זיינען אַרונטערגע־

האַנגען פֿאַרשיידנקאָלירטע קיטאַסן, יעדער קאָליר — לויטן קאַלעדזש. די יונגע בחורימלעך־סטודענטן — אין זייערע שוואַרצע, לאַנגע און ברייט־אַרבלדיקע „העמדער" — האָבן דעריבער אויסגעזען, ווי רעווערענדס, אָדער גלחים.

אַזאַ טאָג איז בײַ מרס. ליטלען תמיד געווען אַ גליקלעכער און ליכטיקער. דאָס יום־טובֿדיקע שפּילן פֿונם אָרגל האָט זיך נאָכאַנאַנד געלאָזט הערן פֿון נאָענטן קאַמפּוס, פֿון דער אוניווערסיטעט־קאַפּליצע. און די אַרומגייענדיקע סטודענטן אין די „קעפּ און גאַונס" האָבן אויסגעזען, ווי די מענטשן, וואָס זי האָט געקאַנט מיט אַ פֿופֿציק יאָר צוריק, — מענטשן פֿון אַן אַנדער דור... מענטשן ערנסטערע, גײַסטיקערע, רוחניותדיקערע. און מרס. ליטל האָט זיך דערמאָלט אַרײַנגעלאָזן אין טראַכטנגען.

זי איז געווען יענעם טאָג זייער גוט געשטימט צו דער גאַנצער וועלט. אַפֿילו ווען זי האָט דערזען, ווי אויף די טרעפּ פֿון זייער הויז גייט אַרויף ד ז ש ע ם, מרס. ה אָ נ י ק אָ מ ס זון, אויך אין אַ „קעפּ און גאַון", מיט אַ טריומפֿירנדיקן, מלכותדיקן שמייכל אויף זײַנע ליפּן, האָט זי פֿאַרגעסן איר ביטערקייט צו אים — די ביטערקייט פֿון אַן אַלטן מענטשן, וועמען מ'האָט כסדר, יאָרן און יאָרן, געטון אין ביין אַרײַן. זי האָט אים אַפֿילו אַנטקעגן געשמייכלט פֿון דער פֿענסטער־הייך פֿון איר בוידעם־שטיבל.

דזשעם האָט אָבער ניט אַרויפֿגעקוקט צו איר און צו אירע פֿענסטער. ער האָט גאָר געקוקט איצט אין זיך.... ער האָט געזען האַרט אַ סך זעונגען: זעונגען פֿון גרויסקייט, און רום, און רײַכקייט, און פֿיזישער מאַכט איבער אַנדערע.

ער האָט אָקאָרשט געענדיקט זײַן קורס. מיט דער צײַט וועט ער ווערן אַ באַרימטער, הצלחהדיקער האָרטיקולטוריסט. קיין שטעלע האָט ער נאָך אַפֿילו דערווײַלע ניט. אַפֿילו קיין דירעקטע אויסזיכטן אויף צו קריגן גאָר אינגיכן אַ שטעלע — אויך ניט. ער האָט שוין אינם משך פֿונם לעצטן חודש אַרויסגעשיקט אַ סך אָנפֿראַגע־בריוו, און נאָך דערווײַל ניט געקראָגן קיין איין גוטן ענטפֿער.... נאָר עס מאַכט ניט אויס: דערווײַלע וועט ער זיך קאָנען פֿאַרנעמען מיטן אייגענעם הויז.

יאָ, מען װעט דאַרפֿן איבערפֿאַרבן, באַנײַען דאָס גאַנצע הײז. און פֿאַרפֿלאַנצן נײַע בײמער, — קלײנע אַזעלכע, און גוט־אָפּגעהיטע בײמער און בלומען. ער װעט מאַכן פֿאַרן הײז אַ לאַנגע מיט בלומען־קלומבעס: דושעס איז אױך געװען אַ לאַנדשאַפֿטס־אַרכיטעקט, און ער האָט זיך גוט פֿאַרשטאַנען אױף דעם אױך.

מיטן אױג האָט ער איצט אַרומגענומען די שטרעקע ערד פֿאַרן הײז. אָט דאָ װעט ער פֿאַרפֿלאַנצן פֿלײַר־דעלי. אָט דאָ — נאַסטור־טיומס. אָט דאָ — ראָזבער־פֿלאַנצן, און דאָ — געראַניומס, און אין מיטן — װי קלײנע יאַפּאַנעזישע בת־מלכּהס, װעט ער אײפֿ־שטעלן יונגע בײמלעך פֿון בלױען צעדער.

מער ניט:

מ'װעט דאַרפֿן אױסהאַקן עטלעכע בײמער פֿון אַרום דעם הײז... טאַקע היפּשע עטלעכע בײמער. אָט די אַלע מײפּל־בײמער, און די לאָקוסט־בײמער, און די אַלטע, אָפּגעשײלטע סיקאָמאָרס. זײ זאָלן ניט פֿאַרשטעלן די װאַרעמע לופֿט און די זון אַרום די נײַ־אײַנגע־פֿלאַנצטע בלומען.

און בכלל: דאָ איז שױן דאָ צופֿיל שאָטן אַרום הײז... אַז ער גײט דורך די בײמער מיט דער סטעזשקע, װאָס ס'פֿירט צום הײז, פֿילט ער אָפֿט, װי ער װאָלט צוגעגאַנגען צו אַ דאָרפֿישער קירך, און ניט צו אַ מענטשלעכער װאױנונג... ס'איז עפּעס דאָ אַזױ שטיל און אַזױ אומעטיקלעך, װי אַ גאַנצער װאַלד מיט בײמער װאָלט דאָ געװען אַרום.

ר ע ד י ש — זײַן געליבטע — האָט אײנמאָל אַ גאַנצן אָװנט אָפּגעפּײפֿט סיגנאַליש אױף יענער זײַט בײמער־פּלױט — און ער האָט גאָרניט געהערט: אַזױ געדיכט איז די בײמער־װאַנט אין זומער, — לאָזט ניט דורך קײן קלאַנג, קײן שטים. יאָ, ער דערמאָנט זיך טאַקע: זי איז אױף אים דעמאָלט געװאָרן ברוגז, ר ע ד י ש, און אין עטלעכע טעג אַרום האָט ער זי געזען אַרױסגײן מיט אַן אַנדער באָי. ס'איז שיר ניט געקומען צו אַ געשלעג צװישן די צװײ.

— ס'זײַנען דאָ צופֿיל בײמער אַרום הײז, יאָ...

חוץ דעם, זיינען דאָ אַרום אויך אַ סך אַלטע ביימער, מיט אַ סך אָפּגעשטאָרבענע צווייגן. מ׳דאַרף זיי אָפּהאַקן, די פאַרדאַרטע צווייגן; מ׳דאַרף אויך אַרומהאַקן די צווייגן פון די איבעריקע ביימער, וועלן זיי ווערן נידעריקער, קלענער און אַרום הויז וועט די לופט דעמאָלט ווערן פרייער און רחבותדיקער...

דזשעס האָט זיך פאַרטראַכט... ער האָט דאָך שוין לאַנג געפילט, ווי אַפילו אין שטוב גופא איז צייטנווייז געווען אַזוי דריקנדיק: ס׳האָט זיך געפילט עפּעס די אָנוועזנדיקייט פון אַ שטענדיקן חולה אין הויז, פון אַ חולה מיט אַ לעבנסלאַנגער, פאַרשלעפּטער קראַנקהייט. און אַלץ צוליב אָט דער מרס. ליטל... אַך, ווען מ׳וואָלט זי געקאָנט איינגאַנצן אַרויסשטופּן פונם הויז, זי צווינגען זיך אַרויסצוקלייבן.

אָבער דאָס האָט מען דערווייל ניט געקאָנט. קעגן דעם איז געווען אַ באַוואָרעניש, אַ פּונקט אין די „פּאַפּירן". און די „פּאַפּירן" האָט מרס. ליטל געהאַלטן פאַרשלאָסן אין אַן אייזערנעם קופערט. און דער קופערט איז געווען פאַרשפּאַרט אין איר חדר, און די טירן פון איר חדר זיינען אַלעמאָל געווען פאַרשלאָסן.

און אין איינעם אַ טאָג, מיט אַ פּאָר וואָכן שפּעטער, האָט דזשעס מיט דער הילף פון אַ פּאָר געדונגענע מענטשן זיך גענומען פאַר דער אַרבעט.

מ׳האָט אויסגעהאַקט אַ סך אַלטע ביימער ביז די סאַמע וואָרצלען, אַזוי אַז ס׳עבליבן זיינען בלויז „סטאָמפּס". און די איבעריקע ביימער האָט מען מיט גרויסע שערן און מעסערס און זעגן אַרומגעשניטן, „אַרומגעטרימט" און אַרומגעזעגט.

עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד האָבן אינם אַרום געשמאַקעט, זיך פאַרמאַכנדיק און אויפעפענענדיק, די שערן. עטלעכע טעג האָבן נאָכאַנאַנד, עקשנותדיק, געגרילצט די זעגן און געהילכט די העק.

די גאַנצע צייט, וואָס אין דרויסן איז אָנגעגאַנגען די אַרבעט, איז מרס. ליטל פון איר חדר ניט אַרויסגעגאַנגען. און ניט נאָר איז זי ניט אַרויס פון איר חדר, זי איז אויך ניט אַרונטער פון איר בעט. דאָס האַרץ האָט איר געשראָקן און פאַרגעזאָגט, וואָס אין

דרויסן קומט פֿאָר. און זי האָט מורא געהאַט אַפֿילו צוצוגיין נאָענט צום פֿענסטער.

נאָך דערנאָך איז געווען איינער אַן אָוונט.

פֿון אונטן האָט זיך אַ גאַנצן אָוונט געהערט אַ זיך־רייצנדיקע און אויפֿרעגנדיקע סינקאָפּישע „דזשעז־מוזיק“.

אונטן, אויפֿן ערשטן גאָרן, איז, אַפּנים, פֿאָרגעקומען היינט אַן אַרט יום־טובֿ, אַ פֿייערונג אַזאַ, — עפּעס אַ „פּאַרטי“.

עס האָט דאָרט ציניש־אויסגעלאַסן נאָכאַנאַנד געבלאָזן דער סאַקסאָפֿאָן, נאָכמאַכנדיק אייניקע גראָבע מענטשלעכע באַוועגונגען און די אומפֿרייוויליקע עקלדיקע גערוישן, וואָס קומען פֿון צייט צו צייט אַרויס פֿונם מענטשלעכן גוף. עס האָבן דעם סאַקסאָפֿאָן, — וועלכער האָט געשפּילט די סאָלאָס, — אַקאָמפּאַנירט און צוגעהאָלפֿן די פּויק, די צימבלען און די פֿלייער־פּיאַנאָ.

אָט די אָפּגעהאַקטע, קורץ־עטעמדיקע דזשעז־מוזיק האָט איצט פֿריי געשטראָמט דורך די פֿענסטער אינעם אַרומגעשאָרענעם דרויסן אַהיים. און דער דרויסן... אַך, אַז בסך־הכּל האָט דער דרויסן איצט אויסגעזען, ווי ווען אַן עלטערע בכּבֿודיקע פֿרוי וואָלט זיך מיטאַמאָל אָפּגעשוירן קורץ די האָר און אָנגעטון אַ קורץ קליידל בלויז ביז די קני.

און אַזוי ווי די קלאַנגען פֿון די העק און די שערן, און די זעג האָט מען שוין יענעם טאָג מער ניט געהאַט געהערט, — איז מרס. ליטל יענעם אָוונט ענדלעך אויפֿגעשטאַנען פֿון איר בעט.

ס'איז איר געווען אַזוי שטיקנדיק־הייס. אין חדר איז קיין טראָפּן לופֿט ניט געווען... און וואָס איז דאָס? קיין סימן פֿון אַ ווינטעלע האָט פֿון די פֿענסטער ניט געבלאָזן. דער באַקאַנטער בלעטער־גערויש הינטער די פֿענסטער האָט עפּעס געפֿעלט אינגאַנצן.

מרס. ליטל האָט זיך קוים דערשלעפּט צו אַ פֿענסטער. זי האָט דורך אים אַרויסגעקוקט — און זיך באַלד אַ שאָקל געגעבן אויף צוריק... אייניקע מינוטן האָט זי זיך אַזוי געוואַקלט אויף איין אָרט — הין און צוריק, הין און צוריק. אויסגעזען האָט זי אין יענע מינוטן, ווי אַן אויסגעדאַרטע שטעקעלע, וועלכן מע פּרוווט אַליין אַוועקשטעלן אויפֿן דיל, און עס קאָן אַליין ניט אײַנשטיין.

נאָך גוט, וואָס איר איז כאָטש איבערגעבליבן אַ ביסל כּוח און פֿאַרשטאַנד זיך אָנצוכאַפּן אָן אַ לייסט פֿון פֿענסטער, און ניט אומצופֿאַלן.

די ביימער אַרום דעם הויז האָבן אויסגעזען, ווי נאָך אַ שווערן ביטערן געשלעג... איינעם האָט געפֿעלט אַן אָרעם, אַן אַנדערן — אַ האַנט, אַ דריטן ביידע הענט, אַ קאָפּ... און ס'האָט פֿון דעם אַלעם שטיל אַזוי און קאַלט געשווידערט דער אַלטער אינם אָוונט.

די איבעריקע ביימער, וועלכע מע האָט ניט אָפּגעהאַקט, זיינען געווען גלאַט אַזוי עפּעס טשיקאַווע און לעכערלעך אַרומגעשאָרן. זיי האָבן דערמאָנט מיט זייער אויסזען אָן חולאים, וועלכע זיינען אָקאָרשט אויפֿגעשטאַנען פֿון אַ לאַנגער, שווערער קרענק, — פֿון אַ טיפֿוס, — און מע האָט זיי אינגאַנצן אָפּגעגאָלט די קעפּ.

אין דעמאָלט האָט מרים. ליטל דערזען, אַז אַ ווינטל האָט טאַקע יאָ געבלאָזן אין דרויסן, נאָר די ביימער האָבן שוין מער איצט ניט געהאַט וואָס צו באַוועגן... און אפֿשר האָבן זיי אים גאָר אינגאַנצן ניט געפֿילט דעם ווינטל. זיי זיינען געווען טויט, די ביימער, זיי האָבן אַרויסגעקוקט, ווי מענטשלעכע קאַרקאַסן, ווי טויטע קערפּער, פֿון וועלכע מען האָט אָקאָרשט אַרונטערגעזעגט דעם קאָפּ, די הענט און פֿיס. און מרים. ליטל האָט אַפֿילו באַשיימפּערלעך געזען, ווי דאָס גרינע בלוט פֿון די ביימער רינט נאָך איצט אינם בלייען אָוונט אַריין.

דאָס אָוונט-ווינטל האָט אַלץ געבלאָזן, און די ביימער האָבן זיך אַלץ ניט באַוועגט, און אַלץ ניט אַרויסגעוויזן קיין איין סימן פֿון לעבן.

באַוועגט האָט זיך אָבער פּאַמעלעך מרים. ליטל, די אַכציקיעריקע זקנה, — באַוועגט זיך שטיל און פּאַמעלעך, הין און צוריק, ווי אַן אונטערגעזעגטער בוים, איידער ער פֿאַלט אום. און אַזוי ווי אינמיטן איז אַלץ געווען רעשדיק — עס האָט נאָכאַנאַנד געטרובעט דער סאַקסאָפֿאָן, עס האָט געדונערט די פּויק און מעכאַניש, קאַלטמיטיק האָט געשפּילט די פּליער-פּיאַנאָ — האָבן די פֿאַרזאַמלטע לייט

אונטן דעריבער ניט געהערט, ווי אַ מענטשלעכער גוף איז אינ־
דערהייך, אויפן בוידעם־שטיבל, מיטאַמאָל אומגעפאַלן, — אומגע־
פאַלן הינטערווייַלעכס, מיט אַ זעץ, אויפן דיל און איז שוין האַרט
שטיל אַזוי געבליבן ליגן.

.1921

---

# דריי מענטשן אין אַ שטאָט

## א.

ווי איך צו להכעיס איז קיינער אַ גאַנצן פֿאַרמיטאָג נישט אַריינגעקומען. אַזוי, דוכט זיך, שלאָגן זיי געוויינלעך אָפּ די טירן.

איינער גיט איך אַמזיסט אַ שטיקל זייף, אַ טרייבעלע ציין־טייג, צו רייניקן די ציינער, אַ שאַכטל רייניקונגס־פּודער, צום וואַשן גרעט.

אַ צווייטער לאָזט איך איבער אַ פּאַקעט מיט צירקוליאַר־בריוו, אַנאָנסן, פּראָספּעקטן פֿון די נייסטע ערפֿינדונגען, וואָס זאָלן פֿאַרלייכטערן יעדער באַלעבאָסטע די הויז־אַרבעט.

אַ דריטער וויל איך פֿאַרקויפֿן זייער וואָלוול אַ שאַל, אַ קאָפּטוך, אַ פּאָר זיידענע זאָקן, אָדער דימענטענע אירינגלעך פֿאַר בלויז צוויי דאָלאַר.

און דער פֿערטער איז אַ יונגער סטודענט, וועלכער „האָט אַליין, מיט די אייגענע כּוחות, און דער הילף פֿון טאַטע־מאַמע, דורכגעמאַכט גימנאַזיע. די עלטערן זיינען ביי אים לאַנג צוריק געשטאָרבן, מקאָן זאָגן — ער איז אַ יתום פֿון זינט ער געדענקט זיך, כּמעט אַ געבאָרענער יתום... און ערנסטן פֿאַל זיינען זיינע עלטערן שוין אַלט, גרויסע אָרעמעלייט, און ער, דער זון, דאַרף זיי נאָך אויסהעלפֿן... איז ער, הייסט עס, איצט שוין אינם לעצטן יאָר קאָלעדזש. פֿלעגט ער, דעריבער, אַצינד אַן אַרטיקל גאָר אַ וואונדער. אַז איר'ט נעמען ביי אים אַ פּלעט, איז אי איר האָט אַ

מצווה, אז איר דערלייגט גאָרניט: אז מען קאָן נאָך זיין דער גע־ווינער, אז מע'ט אים ניט לאָזן פאַלן ביים סוף וועג.

— „ס'זיינען שוין אַזוי אויך דאָ אַ סך געפאַלענע", — פאַרענדיקט דער יונגער בחורל מיט אַ טרויעריקן שמייכל, וואָס ס'איז אז באַשיידן, אז פיל מיט באַהאַלטענעם שטאָלץ, אז אָנגעזאַפּט מיט אַ פאָרוואורף דער אומדאַנקבאַרער מענטשהייט, אז אידל אַרויס־וואַרטנדיק אויף אַייער גינסטיקן ענטפער.

זיצט אַזוי די אָרעמע פרוי, איינזאַמע אַליין אין הויז, איי־נזאַמע אַליין און טראַכט:

— די לעצטע זיינען דאָך אפילו די שענסטע, די יינגסטע, די געזונטסטע... אָבער ווי אַזוי קאָן זי גאָר טראַכטן פון אַזעלכע. ווער איז זי! שוין לאַנג נישט מער קיין יונגע פרוי.

זי באַטראַכט זיך אין שפּיגל. קיין יונגע איז זי זיכער ניט, נאָר קיין קנייטשן זיינען דאָך אויף איר פנים פונדעסטוועגן ניטאָ. איר פנים איז גלאַט, געזונט, און איר גוף איז נאָך פריש און ערשט פונאַנדערגעבליט.

זי איז געווען אַלט אַ יאָר פינף־און דרייסיק, ערשט ביים אָנפאַנג פון די מיטעלע יאָרן. אַ זייטיקער, אַ רויק־קוקנדיקער פרעמדער וואָלט אפילו געזאָגט, אַז זי איז שיין.

זי איצט געווען צעטרעדערט, אַ ביסל דערשראָקן, און אַרונ־טערגעפאַלן ביי זיך פונם וואַרטן. כמעט בעטנדיק, אין פאַרצווייפלונג, האָט זי אַליין געהאַלטן אין איין חזרן פאַר זיך די באַרויקנדיקע ווערטער:

— איינער וועט דאָך זיכער זיין... ער מ'ז דאָך זיין. ער איז שוין אַוודאי דאָ ערגעץ, — אַ צוגעגרייטער, אַ באַשערטער.

איר טרייסט האָט אָבער לאַנג ניט געדויערט. זי איז געווען ניט זיכער מיט זיך, האָט זיך אַלע ווילע פאַרלוירן. אָט האָט איר שוין אָנגעהויבן פיקן אין קאָפּ אַ נייע אומרו, אַ נייע שווערקייט האָט אָנגעהויבן נאָגן:

— ווי אָבער וועט זי וויסן, איבער אַזאַ איינער איז אַ ייד? מ'קאָן דאָך ניט פרעגן...

אַזוי איז זי געזעסן אַ דערשלאָגענע, האָט זיך געפּלאָנטערט אין געדאַנקען. איין צווייפל, אַ ניט־פאַרענטפערטער, פלעגט אַרויסגעשטופּט ווערן פון אַ צווייטן.

— זאָל איר גאָט מוחל זיין פאַר איר ניט־געזעטיקטקייט, פאַר איר גרויסהאַלטן זיך, פאַר איר וועלן אַ סך...

אָבער איינער פון די דאָזיקע יונגעלייט וואָלט דאָך פאָרט געווען דער ריכטיקער מאַן. אַזעלכע זיינען תמיד אָנשטענדיק, ליימיש און ריין: דאָס איז די אָרעמקייט זייערע, וועלכע האָט אין זיי אויסגעהאָדעוועט אַן איינגעהאַלטנקייט, אַן אָנשטענדיקייט, אַ ריינקייט... יאָ, זי וועט זען אויסקלייבן וואָס אַן אָרעמערן, אַ שטילערן. פאַר אַזעלכע איז ניטאָ וואָס צו שרעקן זיך. זיי זיינען ניט קיין צלאָזענע. זיי וועלן פון איר קיין שלעכטס ניט דענקען.

זי איז בלייך געוואָרן, זיך אויסגעגלייכט, און איינגעשפּאַרט, טראַכטיק, אַנטקעגנגעשטעלט אַ קריגערישן פּנים, — דעם דערוואַרטן אומבאַקאַנטן, דער גאַנצער וועלט:

— נו, גוט, לאָזן זיי דענקען!... אַ דאגה איר!

ווייל זי האָט זיך געפילט איצט שוואַך, דערשלאָגן, ניט־זיכער, האָט זי געוואָלט קריגן זיך מיט עמעצן — מיט דער וועלט. איר האָט זיך געטראַכט, אַז אַזאַ קריג, אַזאַ העזהדיק זיך־אַנטקעגנשטעלן דער וועלט, וועט פאַרדעקן, פאַרטומלען איר צווייפלענדיקע ניט־זיכערקייט. און אפשר וועט נאָך פון דעם אַליין אויסוואַקסן די זיכערקייט, דער גלויבן, אַז זי טוט ריכטיק....

אָבער קיינער איז אַליין ניט געקומען. אַלע טענות, אַלע באַרעכטיקונגען האָבן זיך איינס דאָס אַנדערע אויפגעגעסן, איידער נאָך זיי האָבן פאַרלאָזן די פינסטערנישן פון מוח און האַרץ.

די פרוי נעמט און גייט צו צו דער טיר, פּרובט אויס דעם גלעקל.

— ס'טרעפט זיך דאָך אַמאָל, אַז...

דאָס גלעקל קלינגט אָבער יאָ. זי באַרויקט זיך.

איבעריקנס, זיינען דאָך יענע יונגעלייט, וועלכע קומען אַלעמאָל אין אַזאַ גרויסער צאָל, גאָרנישט אַזעלכע שעמעוודיקע, און

קלאַפּן אָן אין טיר אויך, צוליב זיכערקייט, אויב דאָס גלעקל קלינגט נישט.

קוים וואָס זי שלעפּט זיך צו צו אַ שטול און פאַלט אויף אים אַרויף. אַן אָפּגעשוואַכטע, בעט זי זיך ביי עמעצן אַן אומגעזעענעם, ביי וועלכן דאָס אַלץ ליגט אין האַנט:

— אַ, עס זאָל נאָר זיין אַ געזונטער, אַ ליטישער יונגערמאַן.... אַ ריינער, ניט קיין קראַנקער... ניט קיין אויסוואורף...

ווייל ס׳טרעפן זיך דאָך אַזוינע אויך.

זי האָט געהערט פון דעם. זי ווייס. אַלע פרויען ווייסן פון דעם.

אין איר שוואַכקייט, האָט זי זיך סוף־כּל־סוף אונטערגעגעבן צו דעם, צו וועמען זי האָט געהאַט די גרעסטע טענות, *וועלכער* האָט *קעגן איר געזינדיקט*. אין איר שוואַכקייט האָט זי מיט אים שלום געמאַכט. זי האָט אים אַפילו איצט גערופן פאַר אַ שותּף, פאַר אַן אַרויסהעלפער אין אירע פאַרטראַכטע פּלענער.

זי האָט אויפגעהויבן אירע אויגן פרום צו דער סטעליע. זי האָט גערעדט צו אים, ווי די מוטער חנה האָט אַמאָל איינע אַליין גערעדט צו דער שטילער, ליידיקער פּוסטקייט פונם משכּן אין שילה, וואָס איז דאָך געווען אָנגעזאַפּט פול ביז די פאָרהאַנגען מיטן דערביי־זיין פון אַן אומגעזעענעם. שטיל אַזוי האָט זי גערעדט:

— גאָט, האָב רחמנות:

## ב.

מחמת עס זיינען פאַראַן אַזעלכע פאַרשיידענע יונגעלייט, איז זי עס באַשטאַנען אויף דעם, אַז דער מאַן אירער זאָל פאַרבלייבן אין דער היים.

— זאָל ער אים אויך באַטראַכטן.... פאָרט אַ מאַנסביל, און פאַרשטייט זיך אויף דעם מער, ווי זי.

חוץ דעם, ווערט ער, דער מאַן אירער, דאָך דאַרפן זיין דער טאַטע צום קינד.

דער מאַן אירער האָט זיך איצט געפינען אין אַ צווייטן צי=

מער. די טיר פֿון יענעם צימער איז געווען האַלב־אָפֿן, כּדי ער זאָל קאָנען אַריסקוקן, ווען עמעצער וועט אַרײַנקומען.

ער האָט זיך דאָרט אינם צימער געהאַלטן אַזױ שטיל, אַז זײַן פֿרױ האָט מיט אומרויִקײט אַ טראַכט געטאָן:

— טאָמער איז ער דאָרט גאָר ניטאָ...

ווי ניטאָ? — האָס איז דאָך נאַריש. ווי איז ער אַרױס? דורכן פֿענסטער אַרױסגעשפּרונגען אױפֿן פֿינפֿטן גאָרן? — אָבער קײן קלענסטן שאָרך האָט מען דאָך איצט פֿון דאָרט ניט געהערט, ווי דאָרט אין צימער וואָלט בלױז געווען לופֿט, און לופֿט, און לופֿט, אָדער גאָר קײן לופֿט אױך ניט. אַ לײדיקײט. אָן לופֿט.

דער מאַן אירער איז געשטאָרבן.... פֿון גרויסן שטילן ווייטאָג, פֿון שאַנד. האָט ער זיך אױסגעצױגן דאָרט, אױף דער סאָפֿקע, זיך אומגעקערט מיטן פּנים צו דער וואַנט און איז אױסגעגאַנגען. איז ענדלעך געוואָרן שטיל.

פֿון גאַס האָט זיך, פֿון צייט צו צייט, געהערט אַ קלינגען פֿון אַ טראַמוויי, אַ געשריי פֿון אַ קינד, אַ דורכרודערן פֿון אַ שווערן לאַסט־אַוטאָמאָביל איבערן בריק. ערשט ווען די פֿרוי אין הויז האָט זיך באַפֿרייט פֿון די אייגענע מחשבות, האָט זי פֿאַרנומען די דאָזיקע קלאַנגען. בלױז אױף אַ ווײַלע.

און ווידער איז געוואָרן שטיל. אַ פֿײַנלעכע דערוואַרטונג האָט אָנגעפֿילט די הויז, ווי פֿאַרן אָנקומען פֿון אַ פֿרײַנט־אַ שונא, וואָס וועט ברענגען אי פֿרייד, אי צער. אַ פֿרײַנט־אַ שונא, וועלכער וועט זיכער קומען, וועלכער קאָן אָנקומען יעדע מינוט, אָט־אָט, און מען ווייסט האָך ניט — ווען.

ס'איז געווען שטיל. פֿון דער סטעליע איז אַרונטערגעפֿאַלן אַ קלײן ברעקל ווײַסע קאַלך. אונטער די קאָלירטע טאַפּעטן, אױף די ווענט, האָט זיך געהערט ווי עפּעס קריכט.

די פֿרוי איז געוואָרן אומרויִקער.

דער טאָג, כאָטש אַ פֿרילינגדיקער, פֿון די ערשטע טעג אין אַפּריל־חודש, איז פֿון פֿרימאָרגן געווען פֿאַרוואָלקנט, ווי ס'פּאַסירט אָפֿט אין ניו־יאָרק. אַ רעגן, צי אַ שניי האָבן געסטראַשעט אַרונ־

פֿערצולאָזן זיך פֿון די האַלב־נידעריקע הימלען. אין דרויסן איז געווען האַלב־פֿינסטער.

— אַפֿילו דער טאָג איז אויך קעגן איר...

זי האָט זיך מיטאַמאָל אַ ריס געטאָן פֿונם שטול, וואו זי איז אַ ציטערדיקע געזעסן. אַ דערשראָקענע, ווי עמעצער איז איר פֿאַרבייגעגאַנגען און קאַלט־גלייכגילטיק אויף איר אַרויסגעטראָטן. יעדער נערוו, יעדעס בלוט־קאַנאַלכל האָט אין איר איצט שטיל געשריען.

זי האָט געקוקט אויף דער טיר מיט אַזעלכע אָנגעשטרענגטע, שטייף־אָנגעשטעלטע בליקן, ווי אַ ניט־פֿילנדיקע, ווי אַ משוגענע. אין אַ ווינקל־מוח האָט אַ קאַלטער, רויִקער געדאַנק געלויכטן שאַרף, ווי אַ ווינטערדיקער ביטאָג. אָ, איצט וואָלט איר ניט געווען שווער. ווען אין אָט דער מינוט עפֿנט זיך אויף די טיר און ס'קומט אַריין אַ פּאַסיקער יונגערמאַן, פֿירט זי אים אַליין צו רויִק צום בעט:

— נאַ... קום, פֿרעמדער, נעם מיך.

ג.

די פֿרוי איז אויפֿגעשטאַנען, אַריין אינם צווייטן צימער, — אינם גרייסן זאַל, וואָס האָט דעם פֿאָר־פֿאָלק געדינט פֿאַר אַ שלאָף־צימער.

דאָרט איז געשטאַנען אַ ברייטע טאָפּל־בעט. זי איז געווען ציכטיק, אַקוראַט פֿאַרבעט.

שטיל האָט די פֿרוי אויף דעם געקוקט, און דערנאָך צו זיך אַזוי געזאָגט:

אַזאַ נאַר... ווי איז עס איר גאָר ניט איינגעפֿאַלן... אָט די ציכטיקע ניט־גערירטקייט פֿונם פֿאַרבעטן בעט קאָן האָך אַן אַנדער יונגנמאַן אָפּהאַלטן... ער וועט זי ניט פֿאַרשטיין, וועט ניט האָבן דעם מוט. אַז די בעט איז אַזוי ציכטיק, פֿאַרבעט אָן אַ קנייטשעלע.

און ערשט איצט איז איר קלאָר געוואָרן די גאַנצע שוועריקייט פֿון דעם... ווי אַזוי וועט זי עס טאָן? זי האָט גאָר ביז

אַהער װעגן דעם ניט געטראַכט. זי האָט געהערט, אַז דאָס דאַרף אָנקומען אַ פרוי זײער גרינג. װעלכער מאַן װעט עס איר אָפּזאָגן? זי דאַרף אים בלױז אַרײַנפירן אַהער, אינם שלאָפצימער, און זיך „לאָזן". ס׳װעט שױן זײַן גרינג.

אָבער אַזאַ אײנעם, װעלכער װאָלט גלײַך, קאַלט, ניט פאַרשטײענדיק, צו איר צוגעגאַנגען און זיך מיט איר באַהעפט, װאָלט זי דאָך ניט געװאָלט.

זי האָט זיך שױן אין פּאָראױס געפילט צעטראָטן, באַלײדיקט.

פון יענעם צימער, װאו איר מאַן האָט זיך געפונען, האָט זיך דערהערט אַ שטילער שאָרך, — אַן אומרויִקער, אַ זוכנדיקער, אַ נאָכפרעגנדיקער. פון דעם שאָרך האָט זי זיך אויסגעגליכן, געשטאַרקט. עקשנותדיק האָט זי פאַרביסן די ליפן.

— גוט אַזױ. בעסער אַזױ. ס׳מאַכט ניט אױס — װער. גלאַט זעט האָך איר האַרץ.

ד.

זי האָט גענומען, פאַרריכט די קישנס, אױפגעקלאַפּט זײ, װי צום שלאָפן. האַלב אַרונטערגענומען די קאָלדרע. האָט די בעט אױסגעקוקט אַזױ, האַלב אין אומאָרדענונג. און האָט דעריבער אַזױ צוגעצײגן, װי נאָענט פאַר האַלבער נאַכט.

איבערן װענטל פון בעט, װי אַ פרומע בעטערין איבער אַ מזבח, איז די פרױ איצט געבליבן שטײן אַזױ אַ װײַלע, פאַרפלאָמט, פאַרטראַכט. מיט פאַרנעפלטע, ניט־זעענדיקע אױגן האָט זי געבעטן:

— קום, פרעמדער, קום, ליבער. זײַ מיט מיר.

אַ גאַנץ בלוט האָט איר אַ שטױס געטון צום האַרצן, צו די שלײפן. דאָס בלוט האָט אָנגעהױבן קלאַפּן, רופן אין אַלע װינקעלעך פון איר גוף. אַן אָפּשװאַכנדיקע װאַרעמקײט האָט איר דורכגענומען. אין דער רגע האָט זי דערפילט אַזאַ איבערגעגעבנקײט, אַזאַ געטרײשאַפט צו דעם פרעמדן, װאָס איז נאָך ניט געקומען,

צו יענעם פרעמדן, — דעם באַשערטן, שטומען, גוט־באַקאַנטן פּאָטער פון איר קינד.

זי איז צוגעגאַנגען צו די פענסטער, און האַלב אַרונטערגעלאָזן די שטאָרן.

— אַזוי איז בעסער...

אַ פאַרפלאַמטע און ברענענדיקע איז זי צוגעגאַנגען צום שפיגל, צעשאַרט אַ פּאָר לאָקנס האָר איבערן שטערן. אַזוי, האָט זיך איר אויסגעדוכט, קוקט זי אויס אינטערעסאַנטער, אָנציענדיקער, אַפילו אַ ביסעלע פאַרשייט...

און באַלד גיט זי זיך אַ טרייסל:

— וואָס טוט זיך מיט איר? זי פירט זיך דאָך אויף, ווי אַ זונה.

זי האָט אַ קרימען שמייכל געגעבן: פאַר דעם האַלבן טאָג פון דערוואַרטונג איז אַלץ אין איר איצט געווען וואַך — יעדעס פעדימל מוח, יעדעס אָדערל בלוט. אַ שטום, זיך־רייצנדיק נקמה־געפיל האָט זיך אין איר אַריינגעפלאָכטן.

— גוט אַזוי. גוט אַזוי. גוט אַזוי.

## ה.

און אַלץ איז נאָך קיינער ניט געקומען.

איר פנים איז געוואָרן טונקעלער, פינסטער.

ס'האָט זי געשראָקן.

— וואָס זאָל עס באַדייטן — ווילן גאָט מיט גוואַלט פאַרהיטן זי פון אַ פאַלשן שריט, פאַרהיטן זי פון זינד? אַז איר אַרט ניט, זאָל מען זי נאָר לאָזן צו־רו. זי'ט שוין נעמען די גאַנצע זאַך אין אירע אייגענע הענט.

— אָדער איז עס גאָר אַ שטראָף — אַ פאַרלענגערטע שטראָף?

הייבט זיך איר: ס'וואָלט שוין געמאַכט זיין גענוג. דוכט זיך איר: ווען מ'וואָלט זיך איבערגעטענהט, וואָלט נישט זי געווען די אומגערעכטע, וואָלט נישט זי געווען די זינדיקע.

צען יאָר האָבן זיי געלעבט צוזאַמען. און קיין קינד נישט געהאַט. און אַז ס׳איז סוף־כל־סוף, נאָך צענדליקע באַזוכן ביי דאָק־טוירים און ספּעציאַליסטן, קלאָר געוואָרן, וועמעס שולד דאָס איז, האָט זי איינמאָל דעם מאַן אירן געזאָגט:

— אַ גט. זי וויל אַ גט.

געמיינט האָט זי עס ניט. זי האָט אים בלויז געוואָלט מוטשען, זיך אָפּרעכענען מיט אים, ס׳זאָל איר לייכטער ווערן. זי האָט אים נישט ליב געהאַט. זי האָט אים נישט פיינט געהאַט. די איז שוין אָבער געווען צוגעוויינט צו אים. שוין צען יאָר, אַז זיי האָבן ביידע געלאָזן קליינע, אומגעזעענע, שטאַרקע וואָרצעלעך איינער אין דעם אַנדערנס בלוט, איינער אין דעם אַנדערנס נשמה, איינער אין דעם אַנדערנס לעבן. זיך אָפּרייסן פון אים וואָלט זי ניט געקאָנט.

זי האָט אָפטמאָל געטראַכט, אַז ס׳וואָלט געווען נאָך אַן איבערוועג, — ווען דער מאַן אירער שטאַרבט. דאַמאָלסט איז עפּעס אַנדערש. אָבער אַליין אָפּרייסן זיך פון אים וואָלט זי ניט געקאָנט.

— אָבער אַ קינד מוז זי האָבן. אַ קינד, אַ קינד!

די בלוטן אין איר, אַלע אברים האָבן דורך טעג און נעכט געוויינט נאָך אַ קינד.

האָט דער מאַן אירער איך פאַרשטאַנען, אַז זי מיינט עס ניט ערנסט מיטן גט. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס וויל זי אים מו־טשען, נאָר ער האָט געשוויגן. געערעכט איז זי געווען. ער האָט אַראָנטערגעלאָזן די אויגן. ער דאַרף שווייגן. ער איז אַ צעפּיילטע, פאַרוויאַנעטע פרוכט.

ער האָט זי געלאָזט מוטשען אים — זאָל איר אַ ביסל גרינגער ווערן.

ס׳איז אָבער פון דעם ניט גרינגער געוואָרן.

ביז איינמאָל, אין אַ פאַרצווייפלונג, האָט ער איר געזאָגט אין אַ געשטיקטן קול וועגן דעם איינציקן וועג, וואָס ס׳איז דאָ פאַר איר. ער האָט זיך געכאַפּט אין מיטן וואָרט:

— דאָס הייסט — פאַר זיי ביידן.

אין דער אמתן האָט עס אים ניט געאַרט אַזוי, וואָס קיין קינד איז ניט געווען, אָבער קיין גט האָט ער איר דאָך ניט

געקאָנט געבן, פּונקט ווי ער וואָלט פונם אייגענעם ווילן נישט אויס־געשטרעקט זיין האַנט, מען זאָל זי אָפּהאַקן.

זי, די פרוי, איז געווען אַ שטילע. אַ לענגערע ווײַלע האָט זי געוויינט, דערנאָך האָט זי זיך געשטאַרקט, און שטיל גע־בליבן.

ו.

ס'איז געווען פרילינג־צייט, גאָר אין סאַמע אָנהייב. די פרי־לינגדיקע טעג זיינען נאָך געווען ווייכע, יונגע, אומזיכערע, ווי ערשט־געפּלאַנצטע איינויאָריקע ביימלעך. די הימלען פלעגן אַלע ווייַלע פאַרוואָלקנט ווערן, זיך פאַרטראַכטן. פון די ליידיקע פעלדער, פון די ימים און וואַסערן אַרום ניו־יאָרק פלעגן נאָכאַנאַנד בלאָזן שטאַרקע ווינטן. קאַלט פלעגט אַלע ווײַלע ווערן, חושכדיק. נאָר די פרילינגדיקע טעג פלעגן זיך סוף־כל־סוף שטאַרקן און זיך ווי־דער שטעלן פעסט אויף די פיס.

אַזוי איז אויך געווען היינט. נאָכמיטאָג האָבן דורך די פענס־טער אָנגעהויבן אַריינפליסן טייכלעך ליכט, ריטשקעלעך זון. אין דרויסן איז דער טאָג געווען פייערדיקער, זוניקער.

ס'איז שוין געווען אין הויכן נאָכמיטאָג.

מיט דער אַריינפליסנדיקער ליכטיקייט איז די שטילקייט אין שטוב געוואָרן נאָך שטאַרקער, — אַ פולע, טראָגעדיקע, אָנגעזאַפּ־טע שטילקייט.

אַז די פרוי איז אַריין צוריק אין עס־צימער, וואו זי האָט פריער געוואַרט, האָט זי דערזען אַ קאָפּ, וואָס האָט זיך אַרויסגע־געשטעקט פונם חדר, וואו איר מאַן האָט זיך געפונען.

זיין פּנים איז געווען טויט־בלייך, פאַרצווייפלט. ער האָט אינ־גאַנצן אויסגעזען, — דער קאָפּ אירער, ווי דער איבערשטער שפּיץ פון אַ פראַגע־צייכן.

— נאָך קיינער ניט געווען?

אין דער מינוט האָט זיך דערהערט אַ קלונג אין טיר. דער קאָפּ איז צוריק איינגעשלונגען געוואָרן אין דער חדר־שטילקייט.

דער אַרײַנגעקומענער איז געווען אַ דאַרער, נידעריקער, עפּעס אַ פֿאַרשלאָגענער יונגערמאַן, אַ ייִדישער. אײדער זי האָט עפּעס נאָך צײַט געהאַט צו ענטפֿערן אויף זײַן גוט־מאָרגן, האָבן זיך שוין געשאָטן אויף איר זײַנע ווערטער. ס׳האָט זיך געדוכט, ער האָט נאָך אָנגעהויבן ריידן אויף יענער זײַט טיר, און דאָ האָט ער בלויז פֿאַרענדיקט זײַנע רייד.

ער האָט גערעדט גיך. אַ סך. מיט אַ מין פֿאַרצווייפֿלונג, טאָמער וועט ער ניט באַוויזן אַרויסצוזאָגן אַלץ, וואָס ער האָט צו זאָגן, אײדער די באַלעבאָסטע וועט עפֿענען איר מויל. ער האָט געשאָטן נאָכאַנאַנד, קוים אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם, ווי ער וואָלט געוואָלט איבער אויסנווייניק אַ שוין־לאַנג אײַנגעחזרטן שיר. אָ, ער האָט שוין, אַ פּנים, געוווּסט פֿון זײַן דערפֿאַרונג, ווי צו פֿאַרפֿלייצן אַ קונה מיט ווערטער, — מיט אַזויפֿיל ווערטער, אַז אין יענעם זאָלן זיך מוזן אײַנוואָרצלען כאָטש אײן טייל פֿון זיי, אַז יענער זאָל זיך שעמען, זאָל פּשוט קײן כּוח ניט האָבן זיך אײַנצואַנצן צו אָפּצוזאָגן.

דער יונגערמאַן האָט פֿאַרקויפֿט ייִדישע ביכער.

בײַ דעם יונגנמאַנס אַרײַנקומען האָט די פֿרוי גלײַך דערפֿילט אַ מאָדנע קלאַפּן אין די שלײפֿן, אַ קלאָר נאָכאַנאַנדיק טיק־טאַק, ווי מען וואָלט געקלאַפּט פֿאַליעס אין אַ וואַסעריקן גרונט. איר פּנים איז געווען בלאַך, טויט.

— מען דאַרף זיך אַנידערזעצן, אַז ניט, פֿאַל איך — האָט זי מיט זיך אַליין אײַנגעטענהט. זי האָט אָבער ניט געהאַט קײן כּוח אַוועקצונעמען אירע פֿיס. זיי זײַנען געווען ווי אײַנגעפֿלאַנצט אינם דיל.

שוואַך האָט זי געענטפֿערט:

— מיר דאַרפֿן ניט קײן ביכער, מיר לייענען נישט, נישטאָ ווער ס׳זאָל לייענען בײַ אונז. נישטאָ בײַ אונז קײן....

— אָבער דאָס זײַנען זייער קאָמישע ביכער. איר׳ט אַ סך לאַכן... גלייבט מיר. דאָס זײַנען ביכער פֿון דעם באַרימטן ייִדישן קאָמיקער שלום־עליכם... אָט זעט, איך וועל אײַך באַווײַזן אַ מוס־טער. איך וועל אײַך אַליין פֿאָרלייענען... איר זעט, ס׳איז אַ אײַנבינד?

דאָס זיינען די בעסטע יידישע ביכער, זיי וועלן זיך ביי אייך האַלטן און האַלטן, וועלן זיין גוט פאַר קינדער און קינדס-קינדער.

און וואָס ווייטער ער האָט גערעדט, אַלץ מער האָט זי זיך באַרויִקט. זי האָט ניט פאַרשטאַנען קיין איינציק וואָרט פון די ווערטער, וואָס זיינען געפאַלן פון זיין מויל. עפּעס האָט ער זיך באַקלאָגנדיק גערעדט פון אַן אַלמנה פון אַ שרייבער, פון דעם, אַז, אַחוץ אַלץ איז עס אַ גרויסע מצוה צו קויפן יידישע ביכער בכלל און בפרט נאָך אָט-אָ די.

זי האָט אויף אים געקוקט, אים באַטראַכט.

— גוט אַזוי, — האָט זי געטראַכט פאַר זיך. — דער דאָזיקער יונגערמאַן איז, קאָנטיק, אַ שוואַכער, אַ דערשלאָגענער, אַ באַעוולטער פון לעבן. ער'ט שפּעטער קיין טענות ניט האָבן...

ס'האָט זיך פלוצלונג דערהערט אַ סקריפּען פון אַ טיר....

דער ביכער-אַגענט האָט זיך פלינק אומגעדרייט. ער האָט דערזען אַ שוואַרצן מאַנסבילשן קאָפּ, — אַן אָפּגעשטאָרבן, געל געזיכט; אויגן צעטרעוואָזשעטע, אויסגעלאָשענע.

דער יונגערמאַן, דער אַגענט, איז אינגאַנצן אויפגעלעבט געוואָרן.

— אָט, מיסעס... איך וועל בעסער ריידן צו אייער מאַן, מיסעס-לעבן.

די פרוי איז שוין אָבער איצט געווען אינגאַנצן רויִק. זי האָט אָנגעכאַפּט דעם יונגנמאַן פאַרן האַנט. רויִק, קלאָר, האָט זי אויף אים געקוקט. זי האָט שוין גערעדט צו אים, ווי צו אַן אייגענעם.

— ניט נייטיק, יונגערמאַן. איר, יונגערמאַן, לאָזט בעסער איבער אייער אַדרעס. מירן זיך איבערלייגן. מ'עט אייך לאָזן וויסן שפּעטער.

ז.

מ'האָט דעם יונגנמאַן מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער אָנגעקלונגען אינם אָפּיס פונם בוך-געשעפט. איינער אַ מענטש האָט געוואָלט, ער, דער אַגענט, זאָל קומען און פאַרקויפן אים ביכער.

אַז מען האָט דעם יונגנמאַן-אַגענט איבערגעגעבן דעם נאָ=

מען פּנים נאָכפּרעגער, האָט ער ניט געוואוסט, ווער דאָס איז. ער האָט שוין דעם נאָמען לאַנג פאַרגעסן. ער איז פון לאַנג אָן שוין געווען געוויינט, מען זאָל ביי אים נעמען אַן אַדרעס — פון אייזלקייט וועגן, ווען מען האָט אויף אַן אַנדער אופן ניט געקאָנט פּטור ווערן פון אים.

דער יונגערמאַן האָט אַ שטיק צייט געטראַכט, זיך געוואונדערט.

— מען זאָל קלינגען אין קאָנטאָר נאָך יידישע ביכער....

נאָר ער האָט זיך בשום אופן ניט געקענט דערמאָנען.

אין הויז, אויפן אָנגעגעבענעם אַדרעס, האָט ער גלייך דערקענט די פּרוי. איר פּנים איז איצט געווען נאָך בלייכער, חושכדיקער, ווי דאָס ערשטע מאָל. ס'האָט אויסגעזען, ווי זי וואָלט אָקאָרשט אויפגעשטאַנען פון אַ לאַנגער חולאת, פון אַ קינפּעט, צי וואָס.

זי האָט געשמייכלט אי פאַרשעמטערהייט, אי פאַרביסן.

איצט איז זי געווען צו אים פריינטלעכער, ווי ס'ערשטע מאָל.

זי האָט אים געבעטן זיך זעצן. ער האָט זיך געפילט דערמוטיקט, איז אָבער אַלץ ניט געווען זיכער, אַז ער וועט מאַכן אַ געשעפט. האָט ער ווידער אָנגעהויבן לויבן די ביכער.

— גוט — האָט זי אים ניט געלאָזט ענדיקן, — אָט האָט איר צען דאָלאַר אַן אַדרעטיף. אַז איר'ט צושטעלן די ביכער, וועט איר קריגן די גאַנצע סומע.

דער אַגענט האָט איינגעפּעפנט אַ מויל, האָט אויסגעשטעלט אויף איר אַ פּאָר אָפענע אויגן. זי האָט דאָך, נאָך אַפילו ניט אָנגעקוקט די ביכער! איידער זי האָט נאָך אַפילו געקראָגן איין בוך, גיט זי אים שוין געלט. צען דאָלאַר!

ער האָט זי אָנגעקוקט מיט חשד. ער האָט זיך עפּעס געשראָקן אָנצורירן דאָס געלט. ניט אַנדערש, מען לאַכט פון אים אָפּ.

אַ ווײַלע האָט זי דאָס פּאַפּירל געהאַלטן אַזוי אין האַנט, און דערנאָך עס געלאָזט פאַלן אויפן טיש פאַרשעמט. זי האָט אויף דעם מער ניט געוואָלט קוקן, ווי אויף עפּעס אומווערדיקס. באַצאָלטס....

זי האָט געשמייכלט צו אים פֿאַרשולדיקט, זיך בעטנדיק. זי האָט אים געהיפּן מיט די אויגן, מיט איר שמייכל.

דער יונגערמאַן האָט ניט אָנגעהויבן צו פֿאַרשטיין, וואָס דאָ טוט זיך. ער האָט ניט געקאָנט גלייבן זיינע אייגענע אויגן. ער האָט זיך לסוף אָנגעהויבן שרעקן פֿאַר איר. דאָ איז עפּעס באַהאַלטן אַ שפּיצל פֿאַר אים. ער האָט זיך שנעל און אומרויִק אַרומגעקוקט; זיך איינגעהערט. נאָר קיין שאָרך איז ניט געווען צו הערן.

וואַרעמער האָט זי אים אָנגענומען פֿאַרן האַנט. איידעלע, מיטערלעכע און כּלהשע וואַרעמקייט האָט געשטראָמט פֿון גוף צו גוף דורך האַנט און האַנט.

— קומט אַריין מיט מיר אין סאַליע... איר'ט מיר העלפֿן אויסציקלייבן אַ פּלאַץ, וואו אַוועקצושטעלן די ביכער... ס'הייסט, דעם שראַנק. מ'דאַרף דאָך האָבן אַ שראַנק פֿאַר ביכער, ווי?

זי האָט אים כּמעט נאָכגעשלעפּט נאָך זיך.

מיר איז עפּעס ניט גוט — האָט זי, נאָך בלייכער ווערנדיק, קוים אַרויסגעשעפּטשעט — כ'האָב מורא, אַז כ'וועל באַלד חלשן. —

זי האָט זיך שוואַך אַנידערגעלייגט איבערן בעט. דער יונגערמאַן איז געבליבן שטיין פֿאַר איר, גאָרנישט ניט פֿאַרשטייענדיק. באַלד אָבער — שוין פֿאַרשטייענדיק, אָבער נאָך אַליין ניט גלויבנדיק, ביז זי האָט אים אַ שלעפּ געטון צו זיך.

אירע אויגן האָבן געברענט, און גיריג, גלייך אויף אים געקוקט. אירע ליפּן זיינען געווען טרוקן.

אַ געפֿיל פֿון גליק — אַזוינס האָט ער נאָך קיינמאָל אין לעבן ניט געפֿילט — האָט מיטאַמאָל אַ שפּאַר געטון צום יונגנמאַנס האַרץ. ער האָט מיט וואונדער און פֿרייד געקוקט אויף איר פּנים, וואָס האָט זיך שטיל געבעטן ביי אים:

— פֿרעמדער, האָב רחמנות אויף מיר. האָב רחמנות אויף מיר, פֿרעמדער.

ח.

אינם משך פֿון עטלעכע וואָכן נאָכאַנאַנד פֿלעגט דער יונגערמאַן קומען צו איר אין הויז.

אַ פּאָר מאָל הינטער דער וואָך, בײַטאָג. דער מאַן פֿלעגט אין יענער צײַט קײנמאָל ניט זײַן אין הײז.

ער, דער מאַן, איר מאַן — איז בײַ איר איבערהױפּט געװען אַ מאַן? װעגן איר מאַן אָבער האָט דער גליקלעכער יונגער מענטש, דער ביכער־אַגענט, ניט געפֿרעגט בײַ איר, װי האָט װאָלט סײ־װי ניט געקענט גענומען װערן אין חשבון. װי האָט װאָלט געװען אַ פּאַסירונג, אַ פֿאַקט, ניט פֿון זײַן װעלט, ניט פֿון דער װעלט, אין װעלכער ער האָט זיך איצט געפֿינען, נאָר עפּעס פֿון אַ פֿרעמדער, אַ װײַטיקער װעלט, װי פֿון אַן אַנדערער, װײַטער מדינה, אין יאַפּאַן, צי אין קאָרייע. איר מאַן האָט בכלל נישט עקסיסטירט, נישט געלעבט — ער איז אין ערגעץ ניט געװען. איז אָפּגעװישט געװאָרן.

דער יונגערמאַן, דער ביכער־אַגענט, איז געװען צעטומלט פֿון שיכּרות, פֿון פֿרײד. ער האָט מיט קײנעם װעגן דעם ניט גערעדט, קײנעם גאָרניט דערצײלט. ער איז געװען זיכער, אַז מען װעט אים סײ־װי ניט גלײבן. ער איז דאָך אַלעמאָל געװען אַזאַ שװאַכער, אַ נעבעכל, אָבער איצט — אָ! — איז ז ײ ן שטערן אײך אױפֿגעגאַנגען.

װעגן אַ ז ױ נ ס, װעגן אַזעלכע פּאַסירונגען האָט ער בלויז געהערט פֿון צעלאָזענע חברים. אַז אַזױנס זאָל זיך מיט אים אױך טרעפֿן, האָט ער קײנמאָל ניט געגלײבט. ער איז געװען אַ דערשלאָגענער בחור און האָט, אַפּנים, זײַנע אײגענע כּוחות ניט געװאוסט. און דאָ...

ער איז אַהײמגעגאַנגען די פּאָר װאָכן אין אַ מאָדנעם טשאַד, אין אַן אָנגענעמען טשאַד פֿון פּלוצלונג־אָנגעשטױגענער גבֿורה, פֿון אָנגעפֿלײצטן מוט און יוגנט, פֿון גלײבן אין אײגענעם װערט און כּוחות, פֿון צעהיצטקײט פֿון אַ זיגער.

ער האָט זיך אױסגעגליכן. ער איז, דוכט זיך, העכער געװאָרן. האָט גלײך אָנגעהױבן קוקן אַלעמען אין די אױגן אַרײַן. ער האָט אָפֿן און אױפֿפֿאָדערנדיק אַרײַנגעקוקט אין די אױגן פֿון פֿאַרבײַגײענדיקע מענער. זיכנדיק און הונגעריק געשפּיזט זײַנע בליקן אין די פֿנימער און לײַבער פֿון די פֿרױען אױף די גאַסן.

## ט.

אַז דער יונגערמאַן איז איינמאָל אין אַ נאָכמיטאָג ווידער געקומען אַהין — זייער באַקאַנטשאַפט האָט שוין אָנגעהאַלטן אַ דריי־פיר וואָכן — האָט ער אויסגעפינען, אַז דאָס פאַר־פאָלק האָט זיך פּלוצלונג אַרויסגעקליבן.

קיין אַדרעס האָבן זיי ניט איבערגעלאָזן דער הויז־פאַרוואַלטונג.

מיט אַ נאַכט צוריק — דעם נאָכמיטאָג פונם זעלביקן טאָג, איז דער יונגערמאַן געווען ביי איר, אַליין נישט וויסנדיק, אַז דאָס געפינט ער זיך דאָ צום לעצטן מאָל — ביינאַכט האָט די פרוי אויפגעוועקט דעם מאַן איהרן פון שלאָף, אים אַריינגערופן צו זיך אין צימער, — צו זיי אין צימער. דעם גאַנצן חודש האָט זי אים געהאַלטן דערווייטערט פון זיך.

זי האָט אים געהייסן זעצן זיך לעבן איר, איבן בעט. ער האָט זי געפאָלגט. ווי אַ קנעכט, ווי אַ שוועלהיטער, ווען די האַרינטע דערפרייט מיט אומדערוואַרטן גליק, האָט ער זיך געזעצט איבן שפּיץ בעט. שטילערהייט האָט זי אים עפּעס דערציילט, געזאָגט אַ פּאָר ווערטער אַזעלכע.

ער איז איבערגעשפּרונגען און אָנגעהויבן טאַנצן. ער האָט גענומען און אָנגעהויבן אַרומלויפן, ווי אַ דערשראָקענער גנב, פון איין פענסטער צום אַנדערן, פון איין פענסטער צום אַנדערן, און אומעטום נידעריקער אַרונטערגעשלעפּט די שטאָרן. אַ באָרוועסער, אַ האַלב־נאַקעטער, אין איינע נאַכט־הויזן איז ער געלאָפן זען, אויב די טיר איז פאַררייגלט.

די טיר איז געווען פאַררייגלט. אַוודאי, נאָך פון אָנהויב נאַכט אָן. ער האָט דאָך די אַליין צוגעשלאָסן, נאָר ער האָט זי איצט געמוזט ווידער אויפעפענען, ווידער פעסט צושליסן און אַליין, פּאַמעלעכקע, זיכער, מיט די אייגענע הענט, נאָך אַמאָל פאַררייגלען.

דערנאָך האָט ער אָנגעצונדן אַלע גאַז־בלעמלעך.

און אין מיטן דער נאַכט, אין שלאָפעדיקן הויז, אין אַ פינסטערער פילמיליאָניקער, קאַלטער שטאָט, האָבן זיי ביידע געהיט דעם וואונדערלעכן אָרט אין טונקעלער ערד, וואו אַן אוצר איז געווען

באַהאַלטן; האָבן זיי בײדע געװאַרעמט באַהאַלטענערהייט אַן אײגענע, אײגענע פרייד, — אַן אַרויסגעריסענעם, מיט געוואַלט אַרויסגעריסענעם, גליק.

י.

דער יונגערמאַן, דער ביכער-אַגענט, האָט אָנגעהויבן אַרומזוכן די פרוי.

ער האָט געדאַכט איצט דאָס געפיל, ווי ער איז געווען אַ שטיק צייט אויף אַ גרויסער סעודה, און אין מיטן מאָלצייט, ווען זיין הונגער און דאָרשט האָבן, פון דער ערשטער באַפרידיקונג, זיך ערשט אָנגעהויבן פונאַנדערברענען, איז דער רייך-געדעקטער טיש פלוצלונג אַוועקגעכאַפּט געוואָרן פון אונטער זיינע אויגן דורך אומגעזעענע הענט.

— וואָס מיינט עס? ערשט נעכטן האָט ער זי דאָך געזען... און זי האָט גאָרנישט, אַבסאָלוט גאָרנישט געזאָגט וועגן אַרויסקלייבן זיך... אָ, ער וועט זי אַזוי גיך ניט אָפּלאָזן! נישט אַזוי גרינג! ער וועט זי אויפזוכן.

— אויסער דעם, — האָט ער צו זיך געזאָגט, ווען ער האָט זיך פאַרשעמט פאַר זיך אַליין, פאַר זיין ווילן זי אויפזוכן מיט געוואַלט און צווינגען זי צו זען אים — אויסער דעם... כ'האָב דאָך נאָך איר ניט צוגעשטעלט די ביכער, און געלט פאַר זיי האָב איך שוין יאָ געקראָגן — ס'איז ניט שיין אַזוי... כ'דאַרף נישט קיין געלט. כ'דאַרף נישט קיין אומזיסט געלט.

נאָכאַנאַנד, טעג נאָך טעג, איינגעשפּאַרט, האָט ער זי געזוכט.

ער האָט זיך נאָכגעפרעגט נאָך איר ביי שכנות, אין דער נאָענטער וועשעריי, ביים באַקאַליי-מאַן. נאָכגעשפּיאָנעוועט, געוואַרט אין געשטאַנען דורך טעג, דורך אָוונטן, אין פאַרשיידענע ערטער, וווּ ער האָט נאָר פאַרדעכטיקט, געהאָפט, אַז זי וועט אפשר דורכגיין. ער האָט געפילט, ווי מ'האָט ביי אים עפעס אַוועקגעגנבעט. ער האָט געזוכט צוריקצוקריגן זיין אייגנס.

ס'איז שוין בײַ אים באַלד אַרײַנגעגאַנגען אין אַזאַרט, אין אַ נאָכיאָגעניש, אין אַ װעלן אױספּרוּװן זיך, —

— אױב ער איז באמת שטאַרקער געװאָרן.... אױב ער קאָן אױך נעמען, ר ו י ב ן, נישט נאָר װאַרטן, ביז דער צופאַל װעט אים צו־װאַרפן עפּעס, ביז אײנער אַ פרױ װעט זיך פאַרװעלן מיט אים אַ שמיף־טאָן... אָט־אָ דער געדאַנק האָט דעם יונגנמאַן פאַרפאָלגט, װי אַ מאַניע, װי אַ משוגעת.

ער איז גאָר איבערגעביטן געװאָרן. דער האָזיקער שװאַכינ־קער און דאַרינקער מענטש איז מיטאַמאָל געװאָרן װילד, טיריש־נאָכיאָגנדיק. ער האָט אױפגעהערט אַרבעטן, האָט אױפגעהערט ראַסטן און רוען, און זײַן גאַנץ לעבן האָט זיך איצט װאָלפיש געקלעפּט צו אײן פּונקט, — אױפזוכן אײנע אַ פרױ....

ס'האָט גענומען עטלעכע מאָנאַטן ביז װאַנען ער האָט, נאָכאַנאַנד זיך נאָכפרעגנדיק בײַ פאַרשײדענע בריװ־טרעגער, ענד־לעך אױסגעפונען, װאו זי װאױנט.

### יא.

ער איז אַרײַנגעקומען אין איר הױז אין אײנעם אַ שפּעטן נאָכמיטאָג. ער איז צוגעגאַנגען צו איר מיט יענער האַלב־אױסגעלאַ־סענער זיכערקײט אין זיך, און זײַן רעכט איבער איר, װעלכע איז בײַ אים הױך אָט דער צײַט געבױרן געװאָרן.

— אַ אַ אַ אַ....

זײַנע צײנער האָבן געבליצט.

— ער װעט נעמען ז ײ נ ס!

אַז די פרױ האָט אים דערזען, איז זי צורשט געװאָרן בלײַך, װי קאַלך, דערנאָך געל, װי די הױט פון אַ טױטן.

— יאָ, — האָט זי געטראַכט, — איצט קומט די שטראָף. אַזױ גרינג קומט, אַפּנים, קײנעם ניט אָן זײַן שטיקל גליק. נו, איז װאָס־זשע — —

— מען װעט זען, האָט זי געטראַכט. זי האָט אַ קוק געטון

קריגעריש צו דער סטעליע און אַ בליק געטון פאַר זיך אין דער שטיל.

— מען וועט שיין זען!

זי האָט דעם יונגנמאַן געהייסן זעצן זיך. זי האָט געקוקט איף אים רויק, זייער רויק. ס'האָט אויסגעזען, ווי זי אַליין וויל מיט אים גאָר איצט ריידן וועגן אַן ענין, — וועגן זייער אַ וויכטיקן ענין. ער האָט זי ניט פאַרשטאַנען.... ער איז אַזוי געבליבן שטיין.

זי האָט אים נאָכאַמאָל אָנגעוויזן אויף אַ שטול. דערנאָך האָט זי מיטן זעלבן פינגער אָנגעוויזן אויף איר בויך. זי איז שוין, קאָנטיק, געווען אין די זיבעטע חדשים.

ער איז געבליבן זיצן אַ צוגעקלעפּטער צום אָרט.

די עזות, די אויפגעבלאָזענע זיכערקייט אין זיך, מיט וועלכער ער איז אַריינגעקומען, איז ביי אים מיט איינמאָל פאַרשוואונדן. אויף זייער אָרט איז פון די טיפעניש פון האַרץ אָנגעשוואומען אַ קאַלטער שרעק.

— אָט דאָס איז עס, אָ....

אָ, נישט אומזיסט האָט ער אין דער ערשטער צייט ניט גע־גלייבט אין זיין נצחון.

— אָט וואָס פון דעם האָט זיך אויסגעלאָזן.... אַ שווינדל.

— דאָס איז, ווייזט אויס, איינע פון יענע פרויען, וועלכע פירן אייך אַריין אין אַ בלאָטע, פאַרדרייען אייך אין אַ פּלאָנטער, סטראַשען אייך, הערנאָך מיטן געזעץ, הייבן אָן פון אייך זויגן נאָכ־אַנאַנד געלט, זויגן, זויגן...

— שוטה! ווי איז עס אים לכתחילה ניט איינגעפאַלן? וועלכע פריי וועט עס דערפילן אַזאַ פלוצלונגדיקע תאווהדיקע ליבע צו אַזאַ איינעם, ווי ער איז? און ער האָט נאָך געדאַרפט קומען אַהער, און זיך איבערגעבן מיט די אייגענע הענט....

אים האָט געקלאַפּט אַ קני אָן אַ קני. נאָר ער האָט זיך, לפני ווען, אויסגעגליכט, זיך אַ טרייסל־געטון, האָט זיך אָנגעשטרענגט צו זיין אויף דער וואַך, צו אויסזען ניט־אָפּגעשראָקן.

שטיל, אין זיינע געדאַנקען, האָט ער שוין מיט איר איינגע־טענהט אַזוי:

— וואָס וויל זי פון אים? פון וואַנען ווייסט זי עס, אַז דאָס קינד איז זיינס? אַז מען האָט אַ מאַן, קען מען ניט וויסן...

און בכלל: פון וואַנען קומט צו אים געלט... אַז ער איז בסך־הכל אַ בחור אַן אָרעמער. וואָלט ער שוין לאַנג צוריק ניט חתונה געהאַט, ווען ער וואָלט געהאַט געלט?

געזאָגט האָט ער אָבער דערוויל גאָרנישט. ס'האָבן אים גע־ציטערט די קני. ס'האָבן אים געטרייסלט די הענט. ער איז געווען אָנגעפילט מיט שרעק, מיט זאָרג. ער וואָלט שוין איצט געווען אָפּגעגעבן אַלץ אין דער וועלט, ער זאָל מיטאַמאָל זיך דערזען דרויסן פון דעם האָזיקן הויז, וועלכן ער האָט אַזוי לאַנג געזוכט.

ער האָט ניט געקענט עפענען קיין מויל.

אָן זיינע בליקן האָט זי פאַרשטאַנען, וואָס עס קומט איצט פאָר אין אים. זי האָט אַ קרימען שמייכל געגעבן. זי האָט אים באַרויקט:

— זאָל ער זיך נאָר ניט שרעקן.... זי איז ניט אַזאַ.

אין אַ שטילן, גלייכן טאָן האָט זי אים דערציילט דעם גאַנצן אמת. זי האָט זיך אַנטשולדיקט, פאַרוואָס זי האָט זיך אַרויסגעקליבן פון יענעם הויז, און אים וועגן דעם פריער ניט געזאָגט.

— עפּעס האָט זי זיך אַ געשעמט, אַ געשראָקן פאַר אים...

נאָר איצט, אַז ס'האָט זיך שוין געמאַכט אַזוי, און ער איז ווידער געקומען צו איר, וויל זי אים זאָגן, אַז זי דאַנקט אים פון די טי־פענישן פון איר האַרץ:

— זי פילט אַ חוב צו אים, אַ גרויסן חוב....

— און ס'איז איר אַזוי שווער... זי פילט זיך, ווי אַ גנבטע.

און זי בעט אים זייער שטאַרק:

— זאָל ער אויף איר רחמנות האָבן און זי קיינמאָל מער ניט קומען זען.

## יב.

דער פרעמדער יונגערמאַן האָט געגאַפט.

ער איז געבליבן זיצן מיט אַן אָפענעם מויל. האָט ניט גע־גלייבט זיינע אייגענע אויערן.

ער האָט אָנגעקוקט די דאָזיקע מאָדנע אומבאַקאַנטע פרוי מיט גרויס

װאַנדער. ס׳האָבן זיך אין אים איצט געראָיעט, געשטויסן פֿאַרשײדענע געפֿילן.

— די האָזיקע פֿרױ — זי איז אים דאָך אַ פֿרעמדע... האָט זי אים אײַנגעשלעפּערט מיט אַ ליבע-געטראַנק, כּדי בײַ אים אַרױסצוגנבֿענען אַ שטיק ליב, — אַ טײל לעבן. איצט איז זי אים שױן אַ טאָענטע. דאָס איז דאָך זײן װײַב, װאָס טראָגט אין אירע לענדן זײן קינד.

ער האָט זיך פֿאַרשעמט פֿאַר זײַנע פֿריערדיקע שלעכטע געדאַנקען װעגן איר.

— נאָט, ס׳אַ רא עגאָיסטישער, קלײנינקער, קלײנלעכער מענטש ער איז עס....

אַלעס שלעכטס, דערנידעריקנדיקס, װאָס ער האָט װען עס איז געטראַכט װעגן זיך, איז אים איצט אַרױפֿגעשװאומען; מיט אַ זיכערקײט און געװיסהײט זיך געשטעלט פֿאַר זײַנע אױגן.

— יאָ, ס׳איז ניטאָ װאָס צו צװײפֿלען — אַזאַ שװאַכער, דערשלאָגענער, לאַ-יוצלחדיקער מענטש, װי ער איז, קען בכלל קײן שײנע געפֿילן ניט האָבן.

חאָס זײַנען, אַפֿנים, בלױז די זיגער, די שטאַרקע, די רײַכע און זײערע לעבנס-דערפֿאַרונגען, װעלכע קענען זײַן פֿאַרשװוענדעריש... זײ האָבן עס די שײנע געפֿילן. ער איז בלױז אַ באַגנבֿעטער, אַ באַגזלטער מענטש. ער פֿאַרלירט זיך פֿון אַ ליאַדע קלײניקײט. פֿון אַ גאָרנישט װאַקסט ער בײַ זיך אױס צו אַן אומגעהײערער גרײס, װאַקסט אַרײַן אַזש אין די הױכע הימלען. װי אַ נישטיקװאָרים, װאָס האָט קײנמאָל דעם טעם פֿון זינד ניט פֿאַרזוכט, זוכט ער אױס און באַלעקט זיך פֿון זינד, װאו זי איז גאָר ניטאָ...

ער האָט זיך געפֿילט שטאַרק קלײן און נישטיק קעגן דער האָזיקער פֿרױ. זי איז אים װאָס אַ מינוט, אַלץ געװאָרן פֿרעמדער, אומבאַקאַנטער און — העכער.....

חוץ, זײַנע צעמישטע געדאַנקען האָט ער דערװײַל דערהערט, װי זי האָט נאָכאַמאָל איבערגעחזרט איר בקשה, ער זאָל אַװעקגײן.

ער האָט זיך אױפֿגעהױבן. זײַן אָנגעבלאָזענע, אַרױפֿגעצױגענע, ניט-אױפֿריכטיקע און אױסגעלאַסענע בראַװאַדאָ, מיט װעלכער

ער איז אַהער געקומען, איז שוין איצט אינגאַנצן פון אים אַראָפּגע־פאַלן, ווי אַ פּרעמדע הייטל. ער האָט זיך איינגעקאָרטשעט, אויסגעליי־דיקט, ווי אַן אויפגעבלאָזענער באַל, וואָס איז דורכגעלעכערט גע־וואָרן. ער האָט ביטער געטראַכט:

— אָט דאָס האָט זיך עס, הייסט עס, אויסגעלאָזן פון מיין גאַנצן „זיג"...

יג.

ער איז שוין געווען ביי דער טיר. מיטאַמאָל האָט ער זיך אומגעקערט, אַרויסגענומען פון קעשענע צען האָלאַר און זיי אַוועק־געלייגט אויפן טיש.

— אָט האָט איר אייך צוריק, אייער געלט.... פאַר די ביכער...

זי האָט זיך קיין ריר נישט געטאָן אַפילו. נאָר ער איז שוין געווען אינגאַנצן רוים־דערצאָרנט.

— וואָס? איר ווילט מיר נאָך באַצאָלן דערפאַר? — האָט ער מיט אַ באַליידיקטן בייזער געברומט.

זי האָט ווידער גאָרנישט געענטפערט. זי איז געשטאַנען אומ־באַוועגלעך און שווייגנדיק.

ער האָט זיך געלאָזט גיין צו דער טיר מיט אַן איינגעבויי־גענעם, דערשלאָגענעם, אָרעמאַנישן רוקן.

אַז ער האָט שוין אָבער געהאַלטן די קליאַמקע, האָט ער ערשט קיין פּוח ניט געהאַט זי צו עפענען. ער האָט זיך ניט געקענט אַרויסרייסן פון דאַנען. בלינדערהייט האָט ער געהאַט דאָס געפיל, אַז דאָ איז שוין זיין היים ...

— אָט דאָ, לאָזט ער שוין איבער אַ שטיק איינגנס ... אַ שטיק פון זיין לעבן.

און שטייענדיק אַזוי מיטן פּנים צו דער טיר, איינגעבויגן, האָט זיך אַ זייטיקן געקאָנט אויסדרוכטן, אַז ער וואָלט אַוודאי גע־ווען דאַנקבאַר, ווען עמעצער גיט אים אַ שטויס פון הינטן, וואַרפט אים אַרויס... ער איז אַוודאי, אייגנטלעך, געשטאַנען און גע־וואַרט אויף דעם.

נאָר הינטער אים איז אַלץ געווען שטיל, שטיל. מער נישט: די שטילקייט הינטער אים איז געווען אַזוי געדיכט, איז וואָס אַמאָל אַלץ אַזוי געדיכטער, פולער און שטייפער געוואָרן, — זי האָט אים שווייגנדיק, שווייגנדיק און עקשנותדיק, נאָכאַנאַנד געשטופט, געשטופט אין דרויסן אַרויס....

ער האָט זיך געבויגן, געקאָרטשעט, זיך מיט די לעצטע כּוחות געקלעפּט צו דער טיר, ווי געשמיסן דורך אַ שטאַרקן, כאָטש שטילן ווינט. און איידער ער איז סוף-כּל-סוף דורכגעשטופּט געוואָרן דורך דער טיר, האָט ער זיך אָנגעטאָן אַ כּוח, זיך נאָך אַמאָל אומגעקערט, אָנגעשטעלט אַ פֿרעגנדיקע האַנט אין דער לופֿט, — אויסגעזען האָט ער איצט שוין, ווי אַן איינזאַמער, אַלטער הונט, וועלכער בעט אַ שטיקל נישט-פֿאַרדאַרטן ביין.

— אָבער ס'קינד... ס'איז דאָך דאָ אַ קינד?

זיין ביטערקייט קעגן זיך אַליין האָט זיך אין אים נאָך מער געשטאַרקט.

— גאָט, ס'אַ אומגליקלעכער ער איז, ס'אַ שלימזל, ס'אַ פֿאַרשטויסענער..... ער האָט קיינמאָל נישט געהאַט דעם מוט צו חתונה האָבן, צו האָבן אַ קינד. עפּעס האָט ער זיך תּמיד געשראָקן פֿאַר דעם אַלעם. און איצט, אַז ער האָט שוין יאָ אַ קינד.—

די פֿרוי — פֿאַרשטיינערט, קאַלט, אומבאַוועגלעך איז זי די גאַנצע צייט געשטאַנען — האָט זיך ענדלעך אַ ריר געטאָן ווי אַ שווייגנדיקער שטיין וואָלט זיך אַ ריר געטאָן. זי האָט אויף אים געקוקט די גאַנצע צייט און אַלץ געטראַכט, אַז, מאָדנע, זי פֿילט צו אים גאָרנישט... ווי נישט ער וואָלט געווען דער טאַטע פֿונם קינד. ער איז אַ פֿרעמדער, אַ צופֿעליקער, אַ זייטיקער אין איר לעבן.

נאָר זי האָט זיך ענדלעך אַ ריר געטאָן. צום סוף האָט זיין דערשלאָגנקייט, זיין נכנעדיקייט איר פֿאַרקלעמט דאָס האַרץ. וואָלט ער כאָטש אַרויסגעוויזן גראָבקייט, גבורה, כּעס — וואָלט זי געוואוסט, וואָס צו זאָגן אים. אָבער אַזוי — — —

— זייט מיר מוחל, — האָט זי איצט שטיל אַרויסגעזאָגט. — איך זע ערשט איצט, ווי כ'האָב שטאַרק געזינדיקט קעגן אייך.

נאָר אין דער מינוט האָט זיך פון אַ זייטיקן חדר אַרויסגע־שטעקט איר מאַנס קאָפּ. און דערנאָך, — ציטערנדיק־פאַרשעמט, שולדיק — זיין גאַנצער גוף.

ער איז געווען בלייך. ער האָט אינגאַנצן געציטערט.

ער האָט זיך, אַפנים, פון יענער זייט טיר צוגעהערט די גאַנצע צייט צו אַלץ, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען.

ער האָט אָנגעשטעלט אויפן יונגמאַן אַ פּאָר דערשטוינטע און בעטנדיקע בליקן, — פּונקט ווי אַ יורש, וועלכער האָט זיך שוין איינגעלעבט אין דעם געירשנטן האָב און גוטס און באַטראַכט עס, ווי אייגנס, קוקט אויף דעם קרוב, וועלכן אַלע האָבן שוין לאַנגע יאָרן און יאָרן לאַנג געהאַלטן פאַר געשטאָרבן, און וועלכער האָט זיך פּלוצלונג, אומגעריכטערהייט, אומגעקערט צוריק אַהיים.

פון דעם מאַנס קוקן האָט דער יונגערמאַן נאָך שטאַרקער דערפילט, אַז ער איז דאָ אַ זייטיקער... אָ, אַוודאי... ער האָט נישט קיין ברעקל רעכט אויפן קינד, נאָר אַלץ יענער, דער מאַן איר ער,— דער, צו וועמען זי האָט פון איר ערשטן כלה־שאַפט געהערט, וועלכער איז געווען איר מאַן פאַר גאָט און פאַר לייט.

— יאָ, וואָס גיכער, וואָס גיכער... ער דאַרף זיך וואָס גיכער פון דאַנען אָפּטראָגן...

און אַז ער האָט נאָכאַמאָל, שוין דאָס לעצטע מאָל, אויפגעהויבן זיינע בליקן, זיינען ביידע, די מאַן, די ווייב, שוין געשטאַנען לעבן דער טיר. זיי זיינען געשטאַנען פאַר אים מיט אַראָפּגעלאָזענע קעפּ. צוויי פּאָר זיך־בעטנדיקע, דאַנקבאַרע אויגן, זיינען געווען אָנגע־האַנגען אויף אים:

— פרעמדער, פרעמדער, — פאַרלאָז אונז. האָב אויף אונז רחמנות.

דער יונגערמאַן האָט טיפער אַריינגערוקט דעם קאָפּ זיינעם אין קאָלנער און איז אין אַיילעניש אַרויסגעשטויסן געוואָרן דורך זיי־ערע בעטנדיקע בליקן.

און איבער דער טיר, וואָס איז צו שטאַרק צוגעקלאַפּט געוואָרן,

האָט די הענגענדיקע לאָמפּ אָנגעהויבן ציטערן. פון דער סטעליע איז אַרונטערגעפאַלן אַ שטיקעלע קאַלך.

די פרוי האָט אויפגעהויבן אירע פייכטע בליקן צום סטעליע:

— גאָט, האָב איך אונז אַלעמען רחמנות, אויף אַלעמען.

אַרום דעם הענג-לאָמפּ האָט נאָך שטיל, פאַרגייענדיק, געציטערט די ליפט.

.1922

---

# אינהאַלט